# אַ פֿאָלק ווערט באַנייט

מיט דער דריטער הסתדרות פֿאָלקס דעלעגאַציע

# A People Reborn

*(With the Third Histadrut Folk-Delegation)*

By

**ALEXANDER SHAPIRO**

*Published by*

NATIONAL COMMITTEE FOR LABOR ISRAEL

New York

1952

# אַ פֿאָלק ווערט באַפֿרײַט



## פֿון אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ

אַרויסגעגעבן פֿון

גטעווערקשאַפֿטן קאַמפּיין פֿאַרן אַרבעטנדיקן ישראל

ניו־יאָרק 1952

דאָס בילד אויפן שער־בלאַט איז אַ רעפראָדוקציע פון אַ מאָזאַאיק־אַרבעט פון אַ שול, וואָס איז אויסגעגראָבן געוואָרן אין יאָר 1928 אין דעם קיבוץ בית־אלפא אין עמק יזרעאל. די מאָזאַאיק שטעלט פאָר דעם לייב פון יהודה און די מנורה, וואָס זיינען די סימבאָלן פון דער אידישער מלוכה.

די שול איז געבויט געוואָרן אינם 6טן יאָרהונדערט פון דער אַלגעמיינער צייט־רעכענונג (לערך צווישן 527—518), ווי עס גיט אָן פראָפעסאָר סוקעניק, דער הויפט פון אַרכעאָלאָגישן אָפטייל ביים העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט די אויסגראָבונגען.

די מאָזאַאיק־אַרבעט אויפן דיל פון שול באַווייזט, אַז אידן האָבן געהאַט אַ חוש פאַר קונסט און אַז זיי האָבן תמיד געהאַט דעם חלום, אַז דער „לייב פון יהודה" וועט אַמאָל צוריק לעבעדיק ווערן, אַז דאָס ליכט פון דער אידישער מנורה וועט ווידער לייכטן — אַ חלום וואָס ווערט פאַר אונזערע אויגן פאַרווירקלעכט ווען „אַ פאָלק ווערט באַנייט".

מיר דאַנקען אורי בערגמאַן, דעם דירעקטאָר פון ישראליס נאַציאָנאַלן טוריסטן־צענטער אין ניו־יאָרק, וואָס האָט אונז דערמעגלעכט זיך צו באַנוצן מיט דער דאָזיקער סימבאָלישער פאָטאָגראַפיע.

*Printed in the United States of America by*
SHULSINGER BROS. LINOTYPING & PUBLISHING CO.
21 EAST 4TH STREET, NEW YORK 3, N. Y.
253

# אינהאַלט


פאָרוואָרט........................ אייזיק העמלין 7

הסתדרות דעלעגאַציע—אַ פּערמאַנענטע פאָלקס־אינסטיטוציע .. י. סטאָלאַרסקי 9

ביאָגראַפיע פון אַלקעסאַנדער שאַפּיראָ........................ 14

די צוגרייטונגען פאַר דער דריטער הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציע........ 21

אין דעם „אל־על" דוד בן־גוריון קאָנסטעליישאָן.................. 28

הימל, ים און ערד........................................ 34

אַ באַזוך אין ענגלישן פּאַרלאַמענט............................ 39

דער קבלת־פּנים אין ענגלישן פּאַרלאַמענט........................ 45

אקספאָרד, וואַרוויק און סטראַטפאָרד־אָן־עווען.................. 53

די אָפיציעלע אויפנאַמע ביים ישראל אַמבאַסאַדאָר אין לאָנדאָן — אליהו אלית 58

אויפנאַמע ביים אַמעריקאַנעם אַמבאַסאַדאָר דייוויד ברוס אין פּאַריז — עונג־שבת מיט די פאָרשטייער פון מדינת ישראל, איחוד און ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג........................ 64

אַ באַזוך אין דעם אידישן טייל פון פּאַריז..................... 76

דער קבלת־פּנים אין לוד........................................ 82

אַ שפּאַציר איבער תל־אביב, יפו און די מעברות אַרום............ 88

ביי אַ פאָרשטעלונג פון דער אָפּערא, „שמשון און דלילה"........... 96

מיטן ועד הפועל פון דער הסתדרות.............................. 99

אין ביילינסאָן שפּיטאָל........................................ 110

אויפן וועג קיין ירושלים — אַ באַזוך אין עמל, די הסתדרות פאַך־שולע, רמלה 118

אין ירושלים................................................ 125

העברעאישער אוניווערזיטעט — עין הכרם — קרן קימת.............. 135

שבת אין ירושלים — ביי דער אויפנאַמע פון מועצת פועלי ירושלים...... 144

אַ באַזוך ביי דעם פינאַנס־מיניסטער פון ישראל, אליעזר קאַפּלאַן....... 151

ביי דער אַרבעטס־מיניסטאָרין פון ישראל, גאָלדע מאירסאָן.......... 154

עין חרוד — טבריה — דגניה.................................... 166

אָפיציעלע אויפנאַמע פון דער עיריה אין טבריה — מיט אַ שיף ביינאַכט אויפן ים כנרת — עין גב........................................ 176

די הייליקע שטאָט צפת — די פּאָליציי איז אויף דער וואַך............ 182

אין דעם בית בוסל קאָנוואַלעסענט האָום פון קופּת חולים אין צפת — כפר גלעדי — תל־חי — ביים מאָנומענט פון יוסף טרומפּעלדאָר — כפר בלום.................................... 189
עכו — נהריה — גשר הזיוו............................ 197
חיפה — אַ באַזוך ביי די דרוזן מיט אבא חושי............. 206
פייערלעכער מיטאָג אויף דער אידישער שיף „הגלילה״ — אָפיציעלע אויפנאַמע פון דער חיפה׳ער עיריה אין מלון ציון............. 215
אין די פאַבריקן פון חיפה — נתניה — דאָס קאָנוואַלעסענט הויז אין נתניה — בית בערל אין כפר סבא......................... 224
רחובות — נגבה — מיט די בעדואינער אין נגב............ 230
באר שבע — מגדל גד — אַ באַזוך אין דער פאַבריק „סרגון״ אין כפר סבא 239
צוריק אין ירושלים — ביי דער פייערלעכער אויפנאַמע פון פּרעמיער מיניסטער דוד בן־גוריון לכבוד די דעלעגאַטן אין גן השושנים — געזעגענונגס אָוונט אין „קינג דייוויד האָטעל״ לכבוד אייזיק העמלין — באַזוך ביים פּלענום פון ציוניסטישן קאָנגרעס.................... 230
באַנק הפועלים — המשביר — תנובה — דבר................ 260
די אויפנאַמע ביים אַמעריקאַנעם אַמבאַסאַדאָר מ. דייוויס............ 266
פייערלעכע אויפנאַמע אין דער אַרבעטער שטאָט חולון — באַזוך אין דער רעדאַקציע פון „די גאָלדענע קייט״......................... 273
„אל־על״ אָרדנט איין פאַר אונז אַ געזעגענונגס אָוונט אין לוד׳ער לופט־פּאָרט 282
מיט דער דריטער הסתדרות פּאָלקס דעלעגאַציע אין ניו־יאָרק.......... 288
דער תקיעת כף............................... י. פייגענבוים 295
די פּרעסע אין ישראל.................................... 300
אַן עפנטלעכן דאַנק......................................... 303

# פאָרוואָרט

## פון אייזיק העמלין

### נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון הסתדרות קאַמפּיין

ערשט גאָרניט לאַנג צוריק איז מיר אויסגעקומען צו שרייבן די פאָררעדע פאַר די ערשטע רייזע איינדרוקן פון מיין פריינט אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ. איצט, הער איך די בשורה וועגן אַ צווייטן בוך וואָס איז ווידעראַמאָל אָנגעפּילט מיט פרישן מאַטעריאַל וועלכער פאַרכאַפּט אייך מיט אַ באַנייטער שפּאַנונג. איר פאָרט מיטן מחבר פון איין עק לאַנד ביזן צווייטן. איר זעט די חדושים וואָס זיינען פאָרגעקומען אין ישראל במשך פון געציילטע עטלעכע יאָרן און ווידעראַמאָל ווערט איר אָנגעפּילט מיט אַ געהויבענעם גייסט און מיט אַ טיפן גלויבן אַז די אידישע מדינה וועט וואַקסן און זיך אַנטוויקלען טראָץ אַלע שוועריקייטן.


אייזיק העמלין

מיט יעדן יאָר וואַקסט די צאָל באַזוכער אין ישראל. ניט יעדער איינער קען אָבער באַאָבאַכטן אַלע פאַזן פון דעם עקאָנאָמישן, קולטורעלן און סאָציאַלן לעבן וועלכע מדינת ישראל גייט איצט דורך. מען דאַרף דערצו זיין געבענטשט מיט אַ גוט אויג און מיט אַ ברייט האַרץ. נאָך מערער, מען דאַרף דערצו האָבן דעם ווילן און דעם טאַלאַנט צו זען אַלץ און עס אַרויסברענגען פאַר דעם עולם אויף אַ פשוטן און קלאָרן אופן. אָט דעם ווילן און טאַלאַנט האָט חבר שאַפּיראָ אַרויסגעוויזן אין אַ גאָר היפשער מאָס. ער האָט געזען סיי די ליכט זייטן און סיי די שאָטן זייטן. דעם אַרבעטס מענטשן און דעם אונטערנעמער. די שטאָט און דעם דאָרף. דעם ניי־געקו־

מענעם עולה און דעם אַלטן תושב, און דערצו האָט ער זיך באַקענט מיט אַלע געזעלשאַפטלעכע פאַקטאָרן וועלכע שפּילן אַ ראָלע אין דעם ווידער־געבורט פון פאָלק און לאַנד. זייענדיק באַזעלט מיט די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אידייען פון אונזער צייט, פאַרנעמענדיק אַזאַ וויכטיקע פּאָזיציע אין דער הסתדרות באַוועגונג האָט אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ, אַריינגעקוקט אין יעדן ווינקל פון דעם שעפּפערישן לעבן אין דער אידישער מדינה, און ווידעראַמאָל איז אַרויסגעקומען אַ שיין בילד וועלכע פאַרשאַפט פיל נחת רוח און דער־מוטיקונג.

ח׳ שאַפּיראָ האָט צוזאַמען מיט אונזער אומדערמידלעכן חבר פייגענבוים אָנגעפירט מיט דער דריטער פאָלקס־דעלעגאַציע און אָט דער פאַקט האָט אויך פיל בייגעטראָגן כדי צו שאַפן דאָס אויבנדערמאָנטע בילד. די דעלע־גאַציע האָט געהאַט די געלעגנהייט, ניט נאָר צו זען פיל, נאָר אויך צו באַ־געגענען זיך מיט די וויכטיקסטע פאָרשטייער פון דער רעגירונג און פון דער הסתדרות און קריגן פון זיי ערשט־האַנטיקע און אויטענטישע ידיעות. אָבער ניט נאָר דאָס אַליין. די דערשיינונג פון אונזערע פאָלקס־דעלעגאַציעס יאָר איין און יאָר אויס דעמאָנסטרירט בולט די ברידערלעכע און האַרציקע פאַרבינדונג וועלכע הערשט צווישן די אידישע פאָלקס מאַסן אין אַמעריקע מיט מדינת ישראל, און איר אַוואַנגאַרד, — די הסתדרות העובדים. עס קומען לײדער אויך מרגלים קיין ישראל וועלכע זען ניט דעם באַדייט פון דער היסטאָרישער אַרבעט און זיינען גרייט אויפצונעמען און פאַרשפּרייטן פאַר־שיידענע סאָרטן רכילות און לשון הרע. ניט אַזוי איז דער פאַל מיט דער איבערוועגנדער צאָל באַזוכער און באַזונדערס מיט די הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציעס. אונזערע שליחים ברענגען מיט זיך וואַרעמקייט און פאַרשטענ־דעניש, ברודערשאַפט און סאָלידאַריטעט און דער עיקר — גרייטקייט צו זיין טרייע שותפים אין דער קאָלאָסאַלער און וויכטיקער בוי־אַרבעט.

אָט דער גייסט שטראָמט אַרויס פון יעדער שורה און פון יעדן אַרטיקל. דער בוך וועלכער ליגט איצט פאַר אונז וועט ניט נאָר פאַרשאַפן גייסטיקן פאַרגעניגן, נאָר וועט אויך וועקן דעם חשק ביי יעדן לעזער צו זען מיט די אייגענע אויגן די וואונדער פון לאַנד און דעם ווידערגעבורט פון מדינת ישראל. פאַר דעם אַלץ קומט אונזער ליבן חבר שאַפּיראָ אַ האַרציקן יישר־כוח!



# הסתדרות דעלעגאַציע — אַ פערמאַנענטע פאָלקס־אינסטיטוציע


פון י. סטאָלאַרסקי

נאַציאָנאַלער געהילפס סעקרעטאַר


דער הסתדרות קאַמפּיין אין אַמעריקע האָט צו פאַרצייכענען אויף זיין רעקאָרד נישט בלויז די גרויסע פינאַנציעלע הילף, וואָס ער האָט במשך פון די 28 יאָר פון זיין עקזיסטענץ, אַריבערגעשיקט קיין ישראל צו דער הסתדרות; נישט בלויז די גראַנדיעזע, פּרעכטיקע אינסטיטוציעס, וואָס עס זיינען מיט זיין הילף אויסגעבויט געוואָרן אין ארץ ישראל און געהאַט אַ דעצידירנדיקן איינפלוס אויף דעם געבורט און געשטאַלטונג פון מדינת ישראל.



י. סטאָלאַרסקי

זוי אַ פאָלקס־באַוועגונג, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט ברייטע קרייזן פון אידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן, האָט דער הסתדרות קאַמפּיין, דורך זיין פּראָפּאַגאַנדע, אויפקלערונגס און דערציאונגס אַרבעט געמאַכט אַ גרויסן ביישטייער צו דער אויספאָרמירונג פון דעם אידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אַמעריקע צו שטאַרקן דעם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין און אויפהויבן דעם קולטורעלן ניוואָ פון די אידישע מאַסן אין אַמעריקע.

אויף אַ סך געביטן איז דער הסתדרות קאַמפּיין געווען דער פּיאָנער און וועג־ווייזער. גענוג בלויז אָנווייזן אויף איין אינסטיטוציע, וואָס איז געוואָרן אַזוי פּאָפּולער אויפן אַמעריקאַנעם קאָנטינענט — דער דריטער סדר. ווער פּייערט עס היינט נישט דעם דריטן סדר? רעליגיעזע און וועלטלעכע

אידן, אַלערליי אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס איבער אַלע שטעט און שטעטלעך פון די אַמעריקעס.

און אָט הויבט זיך שוין אָן איינבירגערן אַ צווייטע אינסטיטוציע; פֿאָלקס־דעלעגאַציעס פון גוטע, וואַרעמע אידן, אַקטיווע טוער קיין ישראל.

די לייטונג פון געווערקשאַפטן קאַמפּיין האָט פריער פאַר אַלעמען אָפּ־געשאַצט די וויכטיקייט פון טוריסטן קיין ישראל פון אַלע שטאַנדפּונקטן. טוריסטיק, ווערט וואָס ווייטער, זיין אַ וויכטיקער צווייג אין עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד. טוריסטיק וועט זיין די בריק וואָס וועט פאַרבינדן דעם דאָ און דעם דאָרט. מדינת ישראל און דעם גרעסטן אידישן קיבוץ אין דער וועלט. דער הסתדרות קאַמפּיין האָט אויך געוואָלט געבן אַ מעגלעכקייט אירע אַקטיווע טוער צו באַזוכן ישראל פאַר צוגענגלעכע פרייזן און דער עיקר — געבן זיי אַ מעגלעכקייט צו זען אַלץ; — די פרייד פון שאַפונגען און אויך די שאָטנ־זייטן, און דערמעגלעכן זיי צו ברענגען דעם ריכטיקן גרוס צו די אידישע אַרבעטער און פאָלקס מאַסן אין אַמעריקע.

אָט אַזוי איז געבוירן געוואָרן די אידייע פון הסתדרות פאָלקס־דעלע־גאַציעס. פאַרווירקלעכן די אידייע האָט די לייטונג פון קאַמפּיין איבערגעגעבן איינעם פון אירע ענערגישסטע און דינאַמישסטע באַאַמטע — דעם חבר יצחק פייגענבוים, וועלכער האָט מיט אַ סך עקשנות און געדולד דורכגעפירט זיין אויפגאַבע גלענצנד.

אָבער אינספּיראַציע און דערמוטיקונג צו זיין נייעם געביט פון אַרבעט, האָט חבר פייגענבוים געקראָגן פון אונזערע האַרציקע חברים ווי אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ א. אַ. וו.

חבר שאַפּיראָ איז אַ פאַרמעגלעכער מענטש. ער האָט געקענט איינאָרדנען זיינע באַזוכן קיין ישראל אויף אַ מער באַקוועמלעכן, פּריוואַטן אופן. ווי אַ פאָלקס מענטש און געזעלשאַפטלעכער טוער, האָט ער אָבער פאַרשטאַנען די ראָל און באַדייטונג פון אַזעלכע פאָלקס־דעלעגאַציעס און האָט געוואָלט דינען ווי אַ ביישפּיל פאַר אַנדערע.

חבר אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ האָט זיינע איינדרוקן פון זיין רייזע מיט דער ערשטער פאָלקס־דעלעגאַציע פאַרעפנטלעכט פריער אין „פאָרווערטס" אין פאָרם פון בריוו פון אים און שפּעטער אין אַ בוך „אַ חודש אין ישראל". זיינע איינדרוקן האָבן געמאַכט אַ גוואַלדיקן איינדרוק, מיט זיין פשטות און פאָלקסטימלעכן אופן פון שרייבן און מיט אַן אויג פון אַ גוטן באַאָבאַכטער.

דאָס בוך „אַ חודש אין ישראל" האָט אַ סך געהאָלפן צו פּאָפּולאַריזירן די אידייע פון פאָלקס־דעלעגאַציעס קיין ישראל.

איצט פאַרעפנטלעכט חבר א. שאַפּיראָ זיין צווייטן בוך געווידמעט דער דריטער פאָלקס־דעלעגאַציע. אויך די איינדרוקן זיינען פריער געדרוקט גע־וואָרן אין באָסטאָנער „פאָרווערטס" און זיינען געלייענט געוואָרן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

דאָס איצטיקע בוך איז נאָך פיל אינטערעסאַנטער ווי דער ערשטער. איר לייענט קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם און לעבט ממש איבער צוזאַמען מיטן מחבר די גאַנצע נסיעה. נישט ווילנדיק ווערט איר באַקאַנט מיט דער געאָגראַפיע פון ישראל, מיט די וויכטיקע שטעט און אינסטיטוציעס. איר פילט די אַטמאָספער אין וועלכער די דעלעגאַציע האָט דורכגעמאַכט זייער טור, מיט אירע אָנטיילנעמער און פירער פון דער מדינה און הסתדרות און לייענענדיק די שורות קומט איר צום באַשלוס, אַז די אַטמאָספער וואָס האָט געהערשט בעת׳ן טור, איז קודם כל געווען צו פאַר־דאַנקען דעם פּאָרזיצער פון דער דעלעגאַציע, חבר אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ.

חבר שאַפּיראָ איז דער פאָרזיצער פון דעם ניי־געשאַפענעם טוריסטן דעפּאַרטמענט ביים הסתדרות קאַמפּיין. זיין איצטיקער בוך, וועט זיין אַ גרויסערביישטייער צו פּאָפּולאַריזירן די אידייע פון טוריסטיק קיין ישראל אין אַלגעמיין און הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציעס בפרט. דעם חבר א. שאַפּיראָ, אַ האַרציקן יישר־כוח.






די נייעסטע ישראל־מאַפּע



בעת דער אויפנאַמע פון אַ ספּעציעלער דעלעגאַציע פון נאַציאָנאַלן קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדיקן ישראל ביים אַמעריקאַנער פּרעזידענט הערי ס. טרומאַן, 25טן אָקטאָבער, 1951.
אין דער דעלעגאַציע האָט זיך אויך באַטייליקט מאָריס שאַפּירא, לאַנג־יאָריקער ציוניסטישער עסקן, אַ ברודער פון אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ.

# ביאָגראַפיע פון אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ

אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1884, אין אַ דאָרף
אוקראַינע, רוסלאַנד, זיין פאָטער איז געשטאָרבען יונג, פאַר גרויס
עגמת נפש וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט איהם צוזאַמען מיט אַנדערע
אידן אַרויסגעטריבן פון דאָרף, וואו ער און זיינע עלטערן האָבן געוואוינט כל ימיו.



אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ

זיין מוטער, מיט איר גרויסער פאַמיליע, האָבן זיך באַזעצט אין אַ שטעטל אַרום דובנע, און דערנאָך, ווען זי האָט אין דעם שטעטל ניט געקאָנט מפרנס זיין איר פאַמיליע, האָט זי זיך אַריבערגעקליבן קיין ראָוונע, וואו זי האָט געהאַט אַ גרויסע רייכע משפחה.

איר רייכע שוועסטער און ברודער האָבן פונדעסטוועגן ווייניק געהאָלפן צו באַזאָרגן אירע קינדער, און דאָס וואָס זי אַליין האָט פאַרדינט פון אַ באַקאַלעי קרעמל, איז ניט געווען גענוג זיי צו מפרנס זיין.

חבר שאַפּיראָ האָט דעריבער זייער יונג באַדאַרפט זוכן עפּעס צו טאָן כדי צו פאַרדינען אויף זיין אייגענעם לעבן. ניט קענענדיק קיין שום מלאכה, וואָס איז, אגב דאַן ניט געווען קיין צו גרויסער יחוס, (דעמאָלס איז זיין רייכער משפחה אויך נישט אָנגעשטאַנען צו האָבן אַ בעל־מלאכה), איז ער אָנגעקומען אַרבעטען אַלס פּריקאַזטשיק ביי זיינער אַ קוזינע, ווען ער איז נאָך אפילו קיין 13 יאָר ניט אַלט געווען.

הגם אין ראָוונע זיינען ניט געווען קיין סך פאַבריק־אַרבעטער, האָט די שטאָט אָבער געהאַט אויסערגעוויינלעכע בעל־מלאכה'ס ווי: שוסטער, שניידער,

סטאָליאַרעס, מוליערס א. אַ. וו. וועלכע האָבן געאַרבעט אין קליינע ווערק־שטאָטן געהאַט אַ סך פּריקאַזטשיקעס, ווייל ראָוונע איז געווען אַ גרויסע קאָמערציעלע שטאָט, וואָס האָט געהאַט אַ סך גרויסע הורטאָווניע געשעפטן פון מאַנופאַקטור, גאַלאַנטערי, אייזן און באַקאַלעי, וועלכע האָבן צוגעצויגן קרעמער פון שטעט און שטעטלעך פון אַ גרויסער סביבה.


מרס. פּאולא שאַפּיראָ

ציוניסטישע געדאַנקען און שפּורן פון אַ ציוניסטישער באַוועגונג האָבן זיך אָנגעהויבן פרי צו באַווייזן אין ראָוונע. באַריכטן פון די ערשטע ציוניסטישע קאָנגרעסן, געדרוקט אין די העברעאישע צייטונגען „המליץ", „הצפירה", דערנאָך אין „פריינד" און אין וואָכנבלאַט „יוד", האָבן געהאַט אַ השפּעה אויף די ראָוונער יונגע אידן און האָט אויך אַריינגעדרונגען צווישן די פּריקאַזטשיקעס וועלכע זיינען געווען פאַראייניקט און האָבן אַפילו געהאַט אַן אייגענע שולעכל צום דאַווענען, האָבן אָרגאַניזירט אַ ציוניסטישן פאַראיין, אין וועלכן חבר שאַפּיראָ איז געוואָרן אַ מיטגליד, ווען ער איז נאָך קיין 17 יאָר נישט אַלט געווען. ער, ווי אַלע אַנדערע, יונגע אידן, זיינען באַגייסטערט געוואָרן פון די נייע ווערטער און געדאַנקען ווי: „אידישע באַפרייאונג", האָבן אַן „אייגענע היים", א. א. וו.

באַלד אָבער זיינען קיין ראָוונע אָנגעקומען נייע פייגל, וואָס האָבן געזונגען גאָר נייע לידער, עס קומט אָן די בונדישע באַוועגונג מיט גאָר נייע לאָזונגען, מיט קאָנספּיראַטיווע פאַרזאַמלונגען, מען רעדט פון רעוואָלוציע, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פרייהייט א. אַ. וו.

אָבער אין מיטן די רייד פון פעלקער־ברודערשאַפט, ווען אַלע דאַרפן קעמפן פאַר איין ציל: פאַר פּאָליטישע פרייהייט און סאָציאַליזם, ברעכט אויס

דער פּאָגראָם אין קישענעוו, וואו חבר שאַפּיראָ׳ס אַ שוועסטער און איר פאַ־מיליע האָבן געוואוינט. די פּאַסירונג מאַכט אויף אים אַ שווערן איינדרוק, און ער הויבט אָן ווידער רעווידירן זיינע געדאַנקען וועגן בונדיזם און ציוניזם.

דערווייל ברעכט אויס די רוסיש־יאַפּאַנעזישע מלחמה, פּונקט אין דער צייט ווען אין אַ פּאָר חדשים אַרום, דאַרף חבר שאַפּיראָ זיך שטעלן צום פּריזיוו. מען קאָן זיך פאָרשטעלן אַז קיין גרויסן חשק צו דינען אַלס סאָלדאַט און זיך שלאָגן פאַרן צאַר האָט חבר שאַפּיראָ ניט געהאַט, איז ער אַנטלאָפן פון רוסלאַנד און איז אָנגעקומען קיין באָסטאָן אין 1904.

אין אָקטאָבער 1905 האָט ער חתונה געהאַט און זיך באַזעצט אין טשעלסי, אַ שטעטל נעבן באָסטאָן, דאָרט האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין אידישן ברענטש פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און איז אויך געוואָרן אַ מיטגליד פון ברענטש 4 אינדעפּענדענט אַרבעטער רינג. ער האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם קאַמף צווישן דעם ניו־יאָרקער אַרבעטער רינג און אינדע־פּענדענט אַרבעטער רינג, וואָס האָט געפירט צו דער עטאַבלירונג פון דער „ליי־באָר ליג״, און ער איז געוואָרן דער סעקרעטאַר פון דער נייער אָרגאַניזאַציע.

עס ווערט אים אָבער גיך נמאס אַ קהל׳שע פּרנסה, באַשליסט ער און זיין ברודער מאָריס, וועלכע זיינען איצט די הויפּט־שותפים פון דער גרויסער קליידער פירמע „טריימאָונט קלאָדינג קאָ.״ פון באָסטאָן, צו עפענען אַ שאָפּ פון רעגן מאַנטלען. דעם באַשלוס האָבן זיי ביידע געמאַכט בתנאי, אַז זיי זאָלן פריער אָנטייל־נעמען אין געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן און בעיקר ניט פאַרנאַכלעסיקן די גייסטיקע און קולטורעלע זייטן פון לעבן. זיי האָבן ביידע צוגעזאָגט איינער דעם אַנדערן, אַז זיי וועלן שווער אַרבעטן פאַר דעם דערפאָלג פון געשעפט, אָבער ניט אויף דעם רעכענונג פון דורכלאָזן אַ קאָנצערט, אַ לעקציע, טעאַטער א. אַ. וו.

און ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אין די ערשטע יאָרן האָבן זיי זיך געמוזט ראַנגלען פאַר עקזיסטענץ, האָט ער און זיין ברודער מאָריס פונדעסט־וועגן שטענדיק געפונען צייט אָנטייל צו נעמען אין פּאָלקס באַוועגונגען און אָנהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט די אידישע פאָלקס מאַסן.

חבר שאַפּיראָ האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן דעם אַרבעטער־ציוניזם, אַ פּאָר יאָר איידער עס איז אַנטשטאַנען דער געווערקשאַפטן קאַמפּיין, און איז געווען פון די ערשטע אין באָסטאָן צו ווידמענען אַ סך צייט, געלט און אַרבעט פאַר דעם קאַמפּיין. ער און זיין ברודער האָבן צו דער באַוועגונג צוגעצויגן אַ סך

אידן פון באָסטאָן, ניט נאָר פון די פאָלקס און אַרבעטער מאַסן, נאָר אויך גרעסערע און קלענערע געשעפטסלייט און דערפירט די הסתדרות־באַוועגונג אין באָסטאָן צו איר איצטיקן מצב און פּרעסטיזש.

דורך די לאַנגע יאָרן פון אַקטיוויטעט אין דער הסתדרות באַוועגונג אין באָסטאָן האָט חבר שאַפּיראָ פאַרנומען פאַרשיידענע אַמטן, פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר האָלט ער אָן דעם אַמט פון קאַמפּיין טשערמאַן אין גרעיטער באָסטאָן, און אונטער זיין פירערשאַפט האָט דער קאַמפּיין דערגרייכט דעם העכסטן דערפאָלג. ער איז אויך אַ מיטגליד אין דער נאַציאָנאַלער באָארד אָף דירעקטאָרס פון קאַמפּיין און איז לעצטנס געוואָרן דער פּאָרזיצער פון דער הסתדרות טוריסטן ביוראָ „טיול ותיור" פון אַמעריקע.

חבר שאַפּיראָ איז ניט נאָר טעטיק אין דער הסתדרות באַוועגונג, אים איז גאָר נאָענט די אַרבעט פון יונייטעד דזשואיש אַפּיל, נאַציאָנאַל פאָנד און אַנדערע נויטיקע ציוניסטישע פאָנדן. אין דערזעלבער צייט פאַרנאַכלעסיקט ער כלל ניט די קולטורעלע אַרבעטן, אַזוי איז ער איינער פון די ערשטע גרויסעביישטייערער פאַר דעם בראַנדייס אוניווערזיטעט, די הלל פאונדיישאָן, היברו קאַלעדזש און אַנדערע קולטורעלע אינסטיטוציעס.



די ברידער מאָריס און אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ מיט גאָלדע מאירסאָן בעת איר לעצטן באַזוך אין באָסטאָן.

אָבער מער פאַר אַלעמען אינטערעסירן חבר שאַפּיראָ אידיש־קולטורעלע אינסטיטוציעס. ער איז אַ לאַנגע צייט געווען דער פאָרזיצער פון אידישן קול־טור קלוב און איז איצט זיין ערן־פאָרזיצער. דורך זיין השפעה און דער השפעה פון זיינע חברים, שטיצט דער קולטור קלוב מיט אַ ברייטער האַנט דעם אידישן לערער סעמינאַר, די „איוואָ", די אַרבעטער רינג שולן, דעם קולטור קאָנגרעס, פון וועלכן חבר שאַפּיראָ איז דער קאַסירער. חבר שאַפּיראָ האָט אויך דורך דעם קולטור קאָנגרעס עטאַבלירט אַ יערלעכע פּרעמיע פון פינף הונדערט דאָלאַר פאַר דער בעסטער אידישער דראַמע. פאַר דעם יאָר 1951 זיינען די פּרעמיע געווינערס געווען: ה. לייוויק פאַר זיין דראַמע „די חתונה אין פערנוואַלד" און אַשנדאָרף פון פּאַריז, פאַר זיין דראַמע „שאול".

אין 1937 האָט חבר שאַפּיראָ און זיין פרוי פּאָלי, וועלכע באַטייליקט זיך מיט אים אין אַלע אַרבעטן, צום ערשטן מאָל באַזוכט ארץ ישראל אין די צייטן פון די אַראַבישע אומרוען. אים האָט שוין דעמאָלט שטאַרק אימפּאָנירט די פאַרצווייגטע אַרבעט פון דער הסתדרות. ער איז ממש געווען פאַרכאַפּט און באַגייסטערט פון די מסירת נפש'דיקע אַרבעט פון די חלוצים. קומענדיק אַהיים האָט ער זיך געטיילט מיט זיינע איינדרוקן מיט די חברים אין באָסטאָן. האָט זיי גערופן צו גרעסערע מעשים פאַר דער הסתדרות, וואָס האָט געבויט און צוגעגרייט די אַנטשטייאונג פון דער אידישער מדינה.

אין 1949 ווען די הסתדרות באַשליסט צו שיקן אַ דעלעגאַציע פון עסקנים קיין ישראל, שליסט ער זיך אָן מיט זיין פרוי אין דער דעלעגאַציע, ניט קוקנדיק אויף אַלע שוועריקייטן, וואָס איז דאַן געווען פאַר אַזאַ נסיעה. איז ער אַרומגעפאָרן מיט דער דעלעגאַציע, באַזוכט שטעט און דערפער, הסתדרות אינסטיטוציעס, און קיבוצים, זיין גרויסע באַגייסטערונג פאַר דעם, וואָס ער האָט דאָרט געזען האָט ער געשילדערט אין זיין בוך „אַ חודש אין ישראל", וואָס האָט אַרויסגערופן גרויס אינטערעס ביי די לייענער.

אין 1951 ווען עס פאָרמירט זיך די דריטע הסתדרות דעלעגאַציע קיין ישראל, שליסט ער און זיין פרוי זיך ווידער אָן, און ער ווערט אויסגעוויילט אַלס פאָרזיצער פון דער דעלעגאַציע. דאָס מאָל באַזוכן די הסתדרות־עסקנים ניט נאָר ישראל אַליין, נאָר אויך לאָנדאָן און פּאַריז.

ווי אַזוי די דריטע פאָלקס־דעלעגאַציע איז אויפגענומען געוואָרן אין לאָנדאָן און פּאַריז, און וואָס זיי האָבן געזען אין ישראל, באַשרייבט חבר שאַפּיראָ אין דעם איצטיקן בוך „אַ פאָלק ווערט באַנייט".



באָסטאָנער מיטגלידער אין דער דריטער הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציע קיין ישראל

# די צוגרייטונגען פאַר דער דריטער הסתדרות פאָלקס-דעלעגאַציע

שוין פון עטלעכע וואָכן, זינט עס איז באַשטימט געוואָרן ווער עס האָט זיך רעגיסטרירט און ווער עס וועט פליען קיין ישראל מיט דער דעלעגאַציע, מען האָט אָנגעהויבן באַקומען צושריפטן, בולעטינס און אינ־סטרוקציעס פון דעם נאַציאָנאַלן אָפיס פון דער הסתדרות, אין ניו יאָרק, ווי אַזוי מיר זאָלן זיך צוגרייטן צו דער רייזע. זיי האָבן אונז געגעבן אָנווייַ־זונגען, וואָס מיר דאַרפן טאָן צו קריגן די פּאַספּאָרטן, וויזעס, וואָס פאַר אַ סאָרטן איינשפּריצונגען מיר דאַרפן זיך לאָזן מאַכן אום אימוניזירט צו ווערן פון קראַנקהייטן, וואָס זיינען אָפטע געסט אין מיטל־מזרח, ספּעציעל פּאָקן, וואָס אָן די איינשפּריצונגען וואָלט געוועןשווער אַריינצוקומען קיין ישראל און נאָך דעם צוריק קיין אַמעריקע. זיי האָבן אונז אויך אינסטרואירט אין זייערע בולעטינס ווי אַזוי זיך אויפצופירן אין וועג, וואָס פאַר אַ קליידער מיר דאַרפן מיטנעמען, וויפיל באַגאַזש מען מעג פירן אום ניט צו דאַרפן צאָלן קיין עקסטראַ געלט דערפאַר, אאַז״וו.

צווישן די אַלע אינסטרוקציעס און אָנווייזונגען האָט מען אונז אויך גע־לאָזט וויסן, אַז עס ווערט פאַר דער דעלעגאַציע און זייערע געסט אויך אַראַנזשירט אַ „צאתך לשלום״־אָוונט, אַ „באָן וואָיאַזש״־פּאַרטי אין דעם קאָמאָדאָר־האָטעל „באַל רום״, פאַר פרייטאָג דעם 20טן יולי, 8:30 אין אָוונט.

אונז אָבער, די פאָרער, האָט מען געהייסן זיך פאַרזאַמלען ניט שפּעטער ווי 7 אַזייגער פאַר אַ מיטינג און ספּעציעל צו נעמען אַ בילד פון דער גאַנצער דעלעגאַציע.

פונקט 7 אַזייגער האָט דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר, אייזיק העמלין, געעפנט די פאַרזאַמלונג מיט אַ קורצער רעדע, באַגריסנדיק אַלע די, וואָס זיינען עולה מיט דער דריטער דעלעגאַציע, און האָט אָנגעוויזן ווי וויכטיק דאָס איז, אַז וואָס מער אידן, ספּעציעל די, וואָס זיינען לאַנגע יאָרן געשטאַנען ביי דער אַרבעט און האָבן דורך זייער איבערגעגעבנקייט צו דעם גרויסן אידעאַל מעגלעך געמאַכט, אַז אַזעלכע דעלעגאַציעס זאָלן קענען פאָרן אָנקוקן און איבערהויפּט זיך צו באַקענען מיט דער גרויסער און פאַרצווייגטער אַרבעט פון דער הסתדרות.



ביים ערשטן צוזאַמענטרעף פון דער דריטער הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציע פאַר זייער אָפּפאָרן קיין ישראל. בילד גענומען פאַר דעם אַרויספאָר פון דער דעלעגאַציע פרייטיק, דעם 20טן יולי, 1951, אין האָטעל קאָמאָדאָר, ניו יאָרק.

אייזיק העמלין האָט איבערגעלייענט דעם לאַנגן צעטל פֿון די 60 חברים און חברות, וואָס באַטייליקן זיך אין דער דעלעגאַציע, הגם אַרום 8 קענען ניט פֿאָרן מיט דעם עראָפּלאַן, ווייל עס איז קיין פּלאַץ פֿאַר זיי ניטאָ און וועלן ערשט אָפּפֿליען מיטוואָך, דעם 25טן יולי.

וועגן דעם צעטל פֿון די רייזנדע, נאָך דעם ווי מיר האָבן געהערט „הו־איז־הו", איז כדאַי צו באַמערקן, אַז עס איז באמת אַ פֿאָלקס־דעלעגאַציע, ווייל עס זיינען אין איר פֿאַרטראָטן חברים און חברות פֿון אַ סך סטעיטס און ווי מען זאָגט אויף ענגליש „עי קראָס סעקשאָן אָוו די קאָונטרי", און פֿון פֿאַרשידענע פּראָפֿעסיעס. פֿון אַרבעטער, וואָס אַרבעטן ביים וואַרשטאַט מיט זייערע אייגענע הענט פֿאַר אַ לעבן, ביז טרעיד יוניאָן פּירער, קלענערע און אַפּילו גרעסערע געשעפֿטסלייט, פֿאַבריקאַנטן, לערער, דאָקטוירים, פּראָפֿעסאָרן און צוויי רבנים.

עס וואָלט, נאַטירלעך, פֿאַרנומען צו פֿיל פּלאַץ אויסצורעכענען יעדנס נאָמען, ווער יעדערער איז. וועגן דעם האָט יעדער דעלעגאַט געקראָגן אַ ביכל מיט די נעמען פֿון די רייזנדע און קורצע ביאָגראַפֿישע נאָטיצן.

נאָך דעם ווי מען איז פֿאַרטיק געוואָרן מיט דעם צעטל, באַקענענדיק זיך איינער מיטן אַנדערן, אָט מיט דער גרויסער משפּחה, וואָס פֿאַר איבער פֿיר וואָכן וועלן זיי דאַרפֿן זיין צוזאַמען, ווי מען זאָגט „אָן די סעים באָוט", איז די פֿאַרזאַמלונג צוגעטראָטן צו דערוויילן אַ פּרעזידיום און אַלע נויטיקע באַאַמטע פֿאַר דער דעלעגאַציע.

צו באָסטאָן, זייענדיק די גרעסטע גרופּע פֿון איין סטעיט, איז געגעבן געוואָרן דער כבוד צו האָבן אי דעם קאַסירער, חבר אָסקאַר סטערמאַן און מיין וויצע־קייט, אַלס טשערמאַן. אַנדערע פֿון באָסטאָן זיינען דערוויילט געוואָרן אין דער פּאָבליק רילעישאָנס און פּובליסיטי קאָמיטעט.

פֿאַרטיק געוואָרן מיט דער דערוויילונג, איז מען צוגעגאַנגען צו דעם שווערסטן שטיקל אַרבעט פֿון דעם אָוונט, צו נעמען אַ בילד פֿון דער גאַנצער גרופּע. נו, עס איז לייכט צו פֿאַרשטיין, אַז אַן עולם פֿון, קיין עין הרע, 60 מענער און פֿרויען, איז ניט אַזוי לייכט צו פֿאָטאָגראַפֿירן, ווייל יעדער איינער וואָלט וועלן שטיין אָדער זיצן אין אַזאַ פּאָזע, אַז ער זאָל אַרויסקומען וואָס בעסער. איז דאָס, נאַטירלעך, ניט געווען קיין זייער לייכט שטיקל אַרבעט. אָבער, דאַנקען גאָט, מען איז מיט דעם אויך פֿאַרטיק געוואָרן, און די דע־




ביים פייערלעכן געזעגענונגס־אָוונט לכבוד דער דריטער הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציע פרייטיק, דעם 20טן יולי, 1951, אין באָלרום פון קאָמאָדאָר האָטעל, ניו־יאָרק

לעגאַציע איז אַריינגעגאַנגען אין דעם גרויסן „באָל רום“ פֿאַר דעם אָפֿיציעלן „צאתך לשלום“.

דער גרויסער זאַל פֿון דעם „קאָמאָדאָר האָטעל“ האָט אויסגעקוקט זייער יום־טוב׳דיק. די ווייס פֿאַרשפּרייטע טישן זיינען שוין געווען פֿאַרנומען און באַזעצט פֿון אַ גרויסן עולם פֿון פֿריינט און משפּחה, וואָס זיינען געקומען זאָגן אַ „פֿאָר־געזונט“ צו די דעלעגאַטן. פֿאַר די דעלעגאַטן זיינען געווען אויסגעשטעלט לאַנגע טישן מיט אויפֿשריפֿטן פֿון די סטעיטס פֿונוואַנען די דעלעגאַטן קומען. די געסט־רעדנער זיינען געזעסן ביי דעם הויפּט־טיש, וואו עס איז איינגעריכטעט די „מאַיקס“ פֿאַר די רעדנער.

עס האָבן געגרעדט און באַגריסט דער דעלעגאַציע, אויסער אייזיק העמלין, אַלס פֿאָרזיצער, ד״ר בערל פֿרימער, סעקרעטאַר פֿון דער פּועלי ציון פּאַרטיי, דער גענעראַל קאָנסול פֿון ישראל פֿאַר ניו יאָרק — בן טובים,




דוד בן־גוריון, פּרעמיער פֿון ישראל, אָנקומענדיק מיט אַ קאָנסטעליישאָן אל־על עראָפּלאַן אין וואַשינגטאָן דעם 3טן מאַי, 1951.

אַ פּאַרטרעטער פון דער ישראל לופט־ליניע „אל על״ און אַ פּאָר מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע.

וועגן דער לופט־ליניע פון ישראל, די „אל על״, איז כדאי איבערצוגעבן דאָס, וואָס דער פּאַרטרעטער האָט מיטגעטיילט און וואָס חבר אייזיק העמלין האָט דערציילט, פאַרשטעלנדיק אים פאַרן עולם.

מיט צוויי און אַ האַלב יאָר צוריק האָט דער פאַרשטאָרבענער דוד רמז, דעמאָלט דער מיניסטער פון טראַנספּאָרטאַציע, אָרגאַניזירט די לופט־ליניע אונטערן נאָמען „אל־על״. אַ לענגערע צייט האָט די קאָמפּאַני געהאַט איין „סקאַי־מייסטער״ עראָפּלאַנטשיק, וואָס פלעגט קורסירן צווישן לוד און פּאַריז. עס איז געווען די גרויסע אַמביציע פון רמז׳ן צו האָבן מער עראָפּלאַנען, און ספּעציעל איז ער געווען זייער שטאַרק פאַראינטערעסירט צו האָבן אַ פּאָר גרעסערע עראָפּלאַנען, אַז זיי זאָלן קענען קורסירן איבערן אַטלאַנטיק און האָבן אַ דירעקטע ליניע צווישן ניו יאָרק און לוד, תל אָביב, אָבער, נאַטירלעך, דאָס מאַכט זיך ניט אַזוי גרינג, ווייל עס איז פאַרבונדן ניט נאָר מיט טעכנישע שוועריקייטן, נאָר אויך מיט גרויסע קאַפּיטאַלן.

איז געקומען די הסתדרות צו הילף. ערשטנס האָט זי אינוועסטירט 150 טויזנט דאָלאַר פון געווערקשאַפטן־קאַמפּיין. אַ חוץ דעם זיינען אויך אַנדערע קאַפּיטאַלן אַריינגעלייגט געוואָרן אין דער קאָמפּאַני. איצט האָבן מיר אַלע געהערט, אַז „אל־על״ האָט שוין 14 עראָפּלאַנען, פון זיי 3 גרויסע קאָנסטעלעישאָן עראָפּלאַנען, וואָס פליען צוויי מאָל אַ וואָך צווישן ניו יאָרק און תל אביב. זיי האָבן אַ גאָר גרויסע גרופּע דערפאַרענע אַמעריקאַנער פּאַי־לאָטס, וואָס קענען די מלאכה פון פליען איבערן טראַנסאַטלאַנטיק.

אָט מיט אַזאַ עראָפּלאַן, דעם אייגענעם, וואָס האָט געבראַכט דעם פּרעמיער דוד בן גוריון, וועט אונזער דעלעגאַציע אָפּפליען פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן לופט־פעלד איידעלוואַילד, מאָרגן 12 אַזייגער ביינאַכט.

די דעלעגאַציע און דער גרויסער עולם פון חברים און פריינט, וואָס זיינען געקומען צו דעם אָוונט, האָבן געהאַט אַ גרויסן גייסטיקן פאַרגעניגן צו הערן די פיינע, זאַפטיקע שטימע און די אינטערפּרעטאַציע פון די אידישע, העברעאישע און ענגלישע לידער, וואָס סילוויע נעסאָן האָט געזונגען.

אָבער גאָר אַ גרויסן בייפאַל האָט אַרויסגערופן די אָנוועזנהייט פון סידאָר בעלאַרסקי. ער איז ניט געקומען צו דעם אָוונט אַנגאַזשירט פּראָפעסיאָנעל צו זינגען, נאָר ער איז געקומען זיך געזעגענען מיט גאָר אַ גרויסער גרופּע

פריינט זיינע פון דער דעלעגאַציע פון אַ סך שטעט, וואָס אים קומט אויס צו באַגעגענען און וועמען ער האָט שטאַרק ליב געקראָגן אויף זיינע קאָנצערט־טורס איבער דעם לאַנד.

קינסטלעריש, מוזיקאַליש, האָט ער זיך טאַקע זייער פיין געזעגנט מיט זיינע פריינט. ער האָט געזונגען אַזוי האַרציק־צאַרט, מאָדולירנדיק זיין שטימע אין אַזוינע פיינע ניואַנסן, אַז דער עולם איז געווען באַצויבערט ביז קוקנדיק, וואָס עס איז שוין געווען זייער שפּעט, כמעט אין פרימאָרגן, האָט אים דער עולם ניט געוואָלט אָפּלאָזן און געבעטן צו זינגען נאָך און נאָך.

דער אָוונט האָט זיך געענדיקט אונטער די טענער פון „התקווה". די דע־לעגאַטן זיינען זיך געגאַנגען אָפּרוען צו זיין גרייט מאָרגן פאַר דער רייזע.

אַרויסגייענדיק פון זאַל אין גאַס, האָבן מיר באַגעגנט די מאָרגן־צייטונ־גען מיט די איינצלהייטן פון דער דערמאָרדונג פון קעניג אַבדאַלאַ, דעם הערשער פון עבר הירדן. לייענענדיק די איינצלהייטן און ספּעציעל סולצ־בערגער'ס אַרטיקל אין דער „טאַימז", פון פּאַריז, פּאָראויסזאָגנדיק אַן ערנסטע לאַגע פאַר ישראל. עס איז באַוואוסט, אַז ער האָט פון אַלע יאָרן געהאַט אַ שוואַכקייט צו איבערטרייבן די אַראַבישע סטראַשונקעס. פונדעסט־וועגן, האָט זיך ביי אונז געשטעלט די פראַגע, צי עס וועט עפּעס, חלילה, זיך ניט אַנטוויקלען ביי די גרענעצן פון ישראל, און צי מיר קומען אַהין אין דער ריכטיקער צייט. אָבער די געדאַנקען האָבן מיר ניט געוואָלט צולאָזן איצט, שוין ביי דעם אָנבליק פון דער רייזע...



די הסתדרות־עסקנים באַגריסן חבר דוד בן־גוריון אין באָסטאָן מיט אַ חבר'ישן האַרציקן ברוך הבא!

# אין דעם „אל־על" — „ד. בן גוריון קאָנסטאַליישאָן"

היינט, שבת, האָט מען אונז באַפרייט פון אַלע פליכטן, פון פאַרזאַמ־לונגען און פון די צאתכם־לשלום־פּאַרטיס. היינט האָט מען אונז גע־הייסן זיך גוט אויסרוען, ווייל היינט אָוונט, 12 אַזייגער, דאַרפן מיר אָפּפליען פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן לופט־פעלד איידעלווייַלד.

שוין אַכט אַזייגער האָט זיך אונזער גרופּע גענומען פאַרזאַמלען אין די אָפיסעס פון „אל־על", וועלכע געפינען זיך אין 37 וועסט, 57טע גאַס.




ביים אָפּפאָרן פון דער דריטער הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציע שבת, דעם 21טן יולי, 1951. ארייַנגייענדיק אין אל־על קאָנסטעליישאָן עראָפּלאַן אין איידלווייַלד עירפּאָרט.

עס איז אויסגערעכנט געוואָרן, אַז יעדע גרופּע פון יעדן סטעיט באַזונ־דער זאָל זיך רעגיסטרירן אין אַ באַזונדער צייט, כדי צו פאַרמיידן דעם געדראַנג פון אַלע צוזאַמען מיטאַמאָל.

אָבער אַפּילו אַזוי איז דאָס געוועזן שווער איינגאַנצן צו פֿאַרמיידן, ווייל קיין עין הרע אַזוי פֿיל פּאַסאַזשירן מיט זייערע פּעקלעך און באַגאַזש, מיט אַ סך פּריינט, וואָס קומען זיי באַגלייטן, איז דער טומל געווען גאַנץ ניש׳קשה׳דיק.

אַלע, וואָס פֿאָרן אויף אַזאַ רייזע, ווילן, נאַטירלעך, מיטנעמען וואָס מער זאַכן, כּדי עס זאָל גאָרניט אויספֿעלן. אַ חוץ דעם, האָט כּמעט יעדער איינער עמיצן אין ישראל, וועמען זיי ווילן ברענגען מתּנות, און אויב זיי אַליין האָבן דאָרט ניט קיין פֿריינט און ניט קיין משפּחה, געפֿינען זיך שוין גוטע פֿריינט און באַקאַנטע, וואָס בעטן, אַז מען זאָל עפּעס מיטנעמען. דער רעזולטאַט איז, אַז דער באַגאַזש פֿון אַ סך האָט געוואויגן מער וויפֿיל עס איז דערלויבט פֿון דער לופֿט־ליניע. דאָס, נאַטירלעך, האָט פֿאַרשאַפֿט קאָמפּליקאַציעס און פֿאַרהאַלטן דעם פּראָצעס פֿון איינשרייבן און אָפּפֿאָרן צום לופֿט־פֿעלד אין דער צייט.

צווישן דער גרופּע פֿאָרערס זיינען דאָ אַ סך, וואָס פֿליען אָפֿט און ווייסן וועגן די רעגולאַציעס. אָבער אַ גאַנץ גרויסע צאָל דעלעגאַטן פֿליען, וואָר־שיינלעך, צום ערשטן מאָל און דאָס איז ביי פֿאַר זיי, פֿרעגן זיי אַלע מאָל נייע קשיות.

הכּלל, עס האָט גענומען אַ היפּשע צייט איידער מען איז פֿאַרטיק געוואָרן מיט אַלע פֿאָרמאַליטעטן און באַגאַזש־רעגיסטראַציע, איידער מיר האָבן זיך אַריינגעזעצט אין די באָסעס, וואָס זיינען געשטאַנען און געוואַרט אויף אונדז אָפּצופֿירן צו דעם פֿלי־פֿעלד.

אונדזער באָס איז כּמעט אָנגעפֿילט געוואָרן פֿון דער באָסטאָנער גרופּע, וואָס איז די לעצטע טעג פֿאַר דעם אָפּפֿליען קלענער געוואָרן מיט צוויי חשובֿ׳ע מיטפֿאָרערס, און דאָס איז אונדזער ניו־ענגלענדער דירעקטאָר פֿון געווערקשאַפֿטן קאַמפּיין, אַברהם און דזשעני העמלין. צו אונדזער גרויסן באַדויערן איז העמלין קראַנק געוואָרן און געמוזט דורכמאַכן אַ שווערע אָפּעראַציע און ניט געקענט פֿאָרן מיט אונדז. דאָס זעלבע האָט פּאַסירט אין דער שוגערמאַן־פֿאַמיליע, וואָס צוויי פֿון זיי האָבן געמוזט אויפֿגעבן זייער רייזע צוליב קראַנקהייט. אָבער אַפּילו אָן זיי, באַשטייט אונדזער באָסטאָנער גרופּע פֿון 17 פּערזאָן. די אויטאָ־באָסעס האָבן זיך ענדלעך גערירט פֿון אָרט און מיר זיינען אָפּגעפֿאָרן.

פֿאַרנדיק איז די לופֿט געוואָרן אַביסל פֿרישער און אַ קיל ווינטעלע האָט אַריינגעבלאָזן דורך די אָפֿענע פֿענצטער, וואָס איז באמת געווען אַ דער־פֿרישנדיקער פֿאַר אונז אַלע, ווייל ידער טאָג איז געווען אַ הייסער. עס איז געווען זייער שטיקנדיק, און דאָס וואַרטן אין די „אל־על״־אָפֿיסעס אין ניו יאָרק איז ניט געווען קיין גרויסער פֿאַרגעניגן.

כאָטש די גרויסע צאָל דעלעגאַטן זיינען געווען דערשעפּט פֿון דער אָנשטרענגונג און אויפֿרעגונג פֿון די אַלע הכנות צו דער רייזע, פֿונדעסט־וועגן האָבן זיי ניט אויפֿגעהערט צו רעדן פֿון דעם, וואָס זיי איז באַשערט צו זיין די גליקלעכע צו מאַכן אַזאַ רייזע, וואָס דורך דעם מאַגישן שפּרונג פֿון עראָפּלאַנען איז מעגלעך אין אַ פּאָר טעג דורכצופֿליען דריי קאָנטינענטן, צו כאַפּן אַ בליק אויף מדינת ישראל און אויף דער אַרבעט פֿון דער הסתדרות.

מיט אָט דעם געפֿיל און נחת האָבן אַלע זיך געוואָלט טיילן איינער מיטן אַנדערן, ביז מיר זיינען צוגעקומען צום איידעלוואַילד לופֿט־פֿעלד.

דאָ האָבן מיר ערשט געטראָפֿן דעם ריכטיקן טומל. טויזנטער מענטשן פֿון אַלערליי נאַציאָנאַליטעטן און לשונות געפֿינען זיך טעגלעך אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלן לופֿט־טערמינאַל, צו באַגעגענען אָדער באַגלייטן פּאַסאַ־זשירן, וועלכע פֿליען אָפּ פֿון אַמעריקע אין אַנדערע לענדער. צו באַגלייטן



ביים געזעגענונגס־אָוונט פֿאַר די מיטגלידער פֿון דער דריטער הסתדרות פֿאָלקס־דעלעגאַציע אין באָסטאָן. אויפֿן בילד, פֿון רעכטס צו לינקס: קאַרל קאָהען, אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ, חיים גרינבערג, בעסי לאַנדי און אייב העמלין.

אונזער דעלעגאַציע אַליין איז געווען פֿאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם פֿון פֿריינט און משפּחה, אַזוי אַז די ענגשאַפֿט איז געווען חוץ מדרך הטבע.

עס איז געווען אַ נס, וואָס מיר האָבן דאָ לאַנג ניט באַדאַרפֿט וואַרטן. מיר זיינען איינגעשטיגן אין דעם גרויסן, זייער באַקוועמען „אל־על“־קאָנסטעלעישאָן־עראָפּלאַן, דער זעלבער, וואָס האָט געבראַכט פּרעמיער דוד בן גוריון קיין אַמעריקע. דער עראָפּלאַן „אל־על“ האָט אונז געפֿירט קיין לאָנדאָן און נאָך אַ וואָך צייט פֿון זיין אין לאָנדאָן און פּאַריז, זיינען מיר אָפּגעפֿלויגן קיין ישראל.

אונזער גרויסע משפּחה פֿון מענער און פֿרויען, אַלע פּראָמינענטע עסקנים פֿון דער הסתדרות־באַוועגונג אין אַמעריקע, האָבן פֿאַרנומען זייערע פּלעצער, זיך געמאַכט באַקוועם און זיינען באמת געווען אין אַ זייער פֿריילעכער און יום־טוב׳דיקער שטימונג. אַלע אַרום האָבן גענומען אונטערברומען אידישע ניגונים, אָבער דער פֿריילעכסטער ניגון איז געווען „אַ גוט שבת“, וואָס עס ווערט זייער שיין געזונגען בציבור פֿון סידאָר בעלאַרסקי. דער זייגער איז שוין געווען נאָך 12 נאַכט, און כאָטש אַלע זיינען ווירקלעך דורכגעגאַנגען אַ שווערן טאָג, האָט זיך דאָך קיינעם ניט געגלוסט צו פֿאַרמאַכן די אויגן און פּרובירן כאַפּן אַ דרימל. ווייל אַלע פֿילן, אַז דאָס איז עפּעס ניט קיין געוויינלעכע רייזע, גלאַט עפּעס אַזאַ לופֿט־רייזע, וואָס אַמעריקאַנער אידן פֿלעגן אָפֿט מאַכן, כדי זיך צו זען מיט זייערע לאַנדסלייט און משפּחה. ניין! דאָס פֿאָרן אידן, פּראָגרעסיווע אַרבעטער־ציוניסטן, קיין ישראל, אָנצוקוקן זייער לעבנס־טרוים, דעם חלום, וואָס איז אין זייערע טעג פֿון לעבן פֿאַרווירקלעכט געוואָרן.

איך און נאָך אַ פּאָר באַסטאַנער חברים האָבן זיך איינגעאָרדנט אין אונזערע פּלעצער און האָבן באַטראַכט דעם גרויסן „אל־על“־קאָנסטעלעישאָן־עראָפּלאַן מיט די באַקוועמע פּלעצער אויף צו זיצן און זיך באַקוועם מאַכן, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז מיר, פֿון דער ערשטער דעלעגאַציע פֿון 1949, האָבן ניט געהאַט אַזעלכע באַקוועמלעכקייטן, ווען מיר זיינען אָפּגעפֿלויגן מיט דער טראַנסקאַריביען לופֿט־ליניע. יענער עראָפּלאַן איז געווען אַן אַלטער, שטאַרק אָפּגענוצטער און אָן וועלכע עס איז באַקוועמלעכקייטן. אַזעלכע ערשט קלאַסיקע קאָנסטעלעישאָן־עראָפּלאַנען, וועלכע קורסירן פֿון לוד און תל־אביב קיין ניו־יאָרק, פֿאַרמאָגט איצט די „אל־על“־ליניע גאַנצע דריי און זיי פֿליען

אַפּ צוויי מאָל אַ וואָך פון ניו יאָרק, מיטוואָך און שבת. איך רעקאָמענדיר יעדן איינעם, ווער עס וויל מאַכן די רייזע קיין ישראל דורך דער לופט, צו פאָרן מיט דער ישראל־ליניע „אל־על״.

און אָט איז מען מיט אַלעם פאַרטיק געוואָרן. די טיר פון עראָפּלאַן האָט זיך פאַרמאַכט. די מאָטאָרס האָבן אָנגעהויבן צו אַרבעטן, פריער לאַנג־זאַם, דערנאָך שטאַרקער, שטאַרקער און זיך גערירט פון אָרט, פאָרנדיק אויף דער ערד, אַזוי ווי עס פאָרט אַן אויטאָמאָביל, און דערנאָך שוין געבליבן שטיין פאַר אַ ווײַלע. די דאָזיקע מאָטאָרס האָבן ווייטער גענומען אַרבעטן שטאַרקער און שטאַרקער — ביז די ריזיקע מאַשין, דער עראָפּלאַן, האָט זיך גענומען ווייטער רירן פון אָרט, אָבער דאָס מאָל מיט אַ שטאַרקן אימפּעט, מיט אַ געוואַלדיקן טומל פון די מאָטאָרס, זיך אַביסל אַ טרייסל געטאָן און גענומען פליען אין דער לופטן, פריער נידעריקער און דערנאָך העכער, העכער, ביז די עלעקטרישע ליכטער האָבן אָנגעהויבן צו פינקלען און קלענער ווערן, אַקוראַט ווי זיי זאָלן זיין שטערן ערגעץ אין הימל. אַ סימן, אַז מיר האָבן שוין אַרויפגעקלעטערט גאַנץ הויך איבער די וואָלקנס און שוועבן ערגעץ אין דער אַטמאָספערע.

אונזער גרויסע משפחה הסתדרות־דעלעגאַטן, וועלכע זיינען געווען גאַנץ מיד און דערשעפּט פון דעם טאָג אָנשטרענגונג, האָבן גענומען איינ־דרימלען מיט דער דערוואַרטונג, אַז זיי וועלן קענען כאָטש פאַר אַ שטיקל צייט איינשלאָפן ביז אונזער אָפּשטעל אין גענדער, אין 4 שעה אַרום.

דערווייל האָט זיך דער זייגער צוגערוקט צו איינס פאַרטאָג. דאָס ליכט אין עראָפּלאַן איז אויסגעלאָשן געוואָרן, אָבער וואו ניט וואו האָט מען נאָך אַלץ שטילערהייט גערעדט צווישן זיך: אַ סימן, אַז מען קען ניט איינשלאָפן. זיינען אַלע צוריק וואַך געוואָרן און מען האָט זיך געהייסן סערווירן עפּעס צובייסן.

אונזער סטיואַרדעס, חיה׳לע, אַ בלאָנד מיידעלע, וואָס רעדט ענגליש און העברעאיש, האָט אָנגעהויבן סערווירן ישראל־וויין און צובייסן. דער עולם האָט געטרונקען „לחיים״, זיך געוואונטשען אַ גליקלעכע רייזע. ווער עס איז איינגעשלאָפן און ווער ניט. אַזוי איז אַריבערגעגאַנגען פיר שעה און מיר זיינען אָנגעקומען אין גענדער, ניו פאַונדלענד.

אין גענדער איז שוין געווען גרויסער טאָג. עס איז אַן אונטערשיד אין דער צייט מיט אַ שטונדע און אַ פערטל. זיינען מיר אַלע אויסגעשטיגן, זיך אַרומגעוואַשן, געכאַפּט אַ גלעזל קאַווע און ווייטער איינגעשטיגן צו מאַכן די אַנדערע צוויי דריטל פון דער רייזע, פון גענדער ביז דעם לאָנדאָנער לופט־פעלד.




אויסשטעלונג אין דעם „אל־על" אָפיס פון ישראל קונסט־בילדער. צווישן אַנדערע זעט מען אַ בילד פון אַן אָריענטאַלישן רב געמאָלן פון מאַניע קאַץ.

# הימל, ים און ערד

פליענדיק פון גענדער, ניו־פֿאַונדלענד, קיין לאָנדאָן, ווי שוין דערציילט, האָבן מיר זיך אַרומגעוואָשן געטרונקען אַ גלעזל קאַווע און איינגעשטיגן צו מאַכן דעם גרעסטן שפּרונג פון גענדער קיין לאָנדאָן, וואָס נעמט געוויינלעך אַרום אַכט שעה צייט.

אָבער אָפּפליענדיק אַ היפּשע שטרעקע ,אַ גענויע שטונדע פון גענדער, איז צו מיר צוגעקומען יצחק פייגענבוים און מיר איינגערוימט אַ סוד אין אויער, אַז עס האָט עפּעס פּאַסירט מיט אַ מאָטאָר, וואָס צווינגט זיי זיך אומצוקערן צוריק קיין גענדער, דאָס צורעכט צו מאַכן, איידער זיי גייען ווייטער פליען.

גענוי וואָס עס האָט פּאַסירט האָט ער אַליין אויך ניט געוואוסט, אָבער פאַר מיר אַליין איז שוין געווען גענוג, אַז דער קאַפּיטאַן און די מאַנשאַפט האָבן באַשלאָסן זיך אומצוקערן, נאָכדעם ווי זיי זיינען שוין אָפּגעפלויגן איבער דריי הונדערט מייל, צו פאַרשטיין, אַז עס איז אַ גאַנץ ערנסטער עסק.

איך אַליין האָב פּרובירט צו זיין רואיק און אַפילו ניט דערציילט מיין פרוי וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, ווייל איך האָב מורא געהאַט, אַז עס זאָל ניט ווערן אַ שטיקל פּאַניק צווישן אונזערע מיטפּאַרערס. בין איך געזעסן און געקלערט וועגן אַלערליי זאַכן, וואָס קענען פּאַסירן אונטער אַזעלכע אומשטענדן. און איר מעגט מיר גלויבן, אַז די מינוטן זיינען ניט געווען זייער אָנגענעמע. עס האָט מיך שטאַרק געוואונדערט, און איך האָב ניט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי עס קומט וואָס אַזעלכעס זאָל זיך טרעפן אין אַ נייעם עראָפּלאַן, וועלכער איז נאָך קיין סך ניט גענוצט געוואָרן. אָבער עס האָט פּאַסירט און מיר פליען שוין צוריק קיין גענדער.

איך האָב זיך געשראָקן, אַז אונזערע מיטפּאַרערס זאָלן ניט אַריינפאַלן אין אַ שרעק, ווען וועט דאָס פאַר זיי באַקאַנט ווערן. בין איך געזעסן און זיך געביסן די נעגל און געהאָפט, אַז אַלץ וועט זיין בשלום.

אָבער אָט האָט דער קאַפּיטאַן דורכן הויך־רעדער געבעטן אויפמערקזאַמקייט און ער האָט דערקלערט, אַז עפּעס איז ניט אין אָרדענונג, וואָס צווינגט זיי זיך אומצוקערן צוריק קיין גענדער. אין 25 מינוט אַרום, האָט ער געזאָגט, וועט דער עראָפּלאַן זיך נאָכאַמאָל אַראָפּלאָזן אין גענדער לופט־




איינער פון די נייסטע „אל־על" קאָנסטעליישאָן עראָפּלאַנען.

פעלד, און בלייבן ביז דער עראָפּלאַן וועט פאַרריכט ווערן, וואָס דאָס, אין זיין אָפּשאַצונג, וועט געדויערן אַרום צוויי שעה. ער האָט אונז אויך געלאָזט וויסן, אַז ער האָט דורך ראַדיאָ אינפאָרמירט גענדער, אַז מיר קערן זיך צוריק און אַז זיי זאָלן פאַר אונז צוגרייטן לאַנטש, מיר זאָלן קענען עסן אין דער צייט, וואָס זיי וועלן צורעכט מאַכן דעם עראָפּלאַן.

איך בין געווען זייער צופרידן, וואָס אונזער גרופּע האָט אויפגענומען די נייעס אָן גרויס פּחד. פונדעסטוועגן האָט יעדער איינער געציילט די מינוטן, ווען דער עראָפּלאַן וועט זיך אַראָפּלאָזן אויף דער ערד. און ווען דאָס איז געשען, האָבן אַלע פרייער אָפּגעאָטעמט.

דעם קאַפּיטאַנס אָפּשאַצונג פון דער צייט פאַר פאַרריכטן איז געווען ריכטיק. אין צוויי שעה אַרום זיינען מיר שוין ווייטער געווען אין דער לופטן, פאַר דעם שפּרונג פון גענדער קיין לאָנדאָן.

די אַכט שעה פליען ביז לאָנדאָן זיינען דורכגעגאַנגען אָן וועלכן אינ־צידענט. אונזערע פּאַסאַזשירן זיינען געוואָרן רואיקער. זיי האָבן געקראָגן גרויס צוטרוי צו די פּילאָטן, אַז זיי ווייסן גענוי און גוט זייער אַרבעט און, אַז זיי נעמען ניט קיין ריזיקעס, ווען עפּעס איז ניט אַזוי אין אָרדענונג.

געפלויגן זיינען מיר הויך איבער די וואָלקנס, וואו דער הימל איז געווען לויטער. די זון האָט געשיינט איבער די גרויסע ווייסע וואָלקנס, וואָס האָבן פון דער ווייטנס געהאַט דעם אויסקוק ווי ריזיקע בערג פון קלאָר ווייסן שניי. דער ריזיקער עראָפּלאַן האָט זיך געגליטשט, גלאַט, אָן וועלכן עס איז טרייסל, אַזוי אַז אַ סך האָבן זיך געוואונדערט צי דער עראָפּלאַן באַוועגט זיך. דער עולם איז געווען גוט אויפגעלייגט, פון צייט צו צייט האָט מען געזונגען ישראל־ניגונים, ביז עס איז אַנאָנסירט געוואָרן, אַז מיר דערנענטערן זיך שוין צו לאָנדאָן.

דער אינצידענט מיטן עראָפּלאַן פון פליען אַהין און צוריק, פון גענדער, האָט צוגענומען עקסטראַ 4 שעה, אַזוי אַז אָנשטאָט זיבן אַזייגער אין אָוונט, די צייט וואָס מיר האָבן געזאָלט אָנקומען אין לאָנדאָן, זיינען מיר אָנגעקומען — 11 אַזייגער; אַ פאַרשפּעטיקונג פון 4 שעה, וואָס דאָס וואָלט ניט געווען אַזוי שלעכט, ווען מען זאָל ניט דאַרפן דורכגיין די אימיגראַציע און קאָסטאָם־באַאַמטע.

אויפן פעלד איז אונזער גרופּע באַגעגנט געוואָרן פון אַ פאַרטרעטער פון די „קאָנסאָלידעיטעד טורס“, וועלכער איז געקומען מיט אַ פּאָר טעג

פֿריער אײנצואָרדענען און מאַכן אַלע נױטיקע אױטאָבוס־ און האָטעל־צוגרײ־טונגען פֿאַר אונזער דעלעגאַציע, װאָס באַשטײט פֿון 60 פּערזאָן. עס איז אױך אַרױסגעקומען אױפֿן פֿעלד דער דירעקטאָר פֿון לאָנדאָנער הסתדרות אָפּיס. ל. ליעף, אונז צו העלפֿן און זען, אַז אַלץ זאָל זײן בסדר.

אָבער רעװידירן פּאַספּאָרטן און נאָכקוקן דעם באַגאַזש און אױספּילן בלאַנקן נעמען אַביסל צײט, ספּעציעל פֿאַר אַזאַ גרױסער גרופּע פֿון 60 פּער־זאָן. דער רעזולטאַט איז געװען, אַז מיר זײנען ערשט פֿאַרטיק געװאָרן אַרום אײנס אַזײגער פֿאַרטאָג. דער לאָנדאָנער לופֿט־פֿעלד געפֿינט זיך אַרום 16 מײל פֿון שטאָט, װאו עס געפֿינען זיך די האָטעלן, װאו מיר זײנען אײנגע־שטאַנען, אַזױ אַז ביז מיר האָבן געקענט גײן שלאָפֿן איז שױן געװען אַרום דרײ אַזײגער פֿאַרטאָג.

עס איז געװען אוממעגלעך צו קריגן צימערן פֿאַר אַלע פֿון אונזער דעלעגאַציע אין אײן האָטעל. אין לאָנדאָן האָבן זיך דעמאָלט געפֿונען טױזנטער געסט, װעלכע זײנען געקומען צו די „פֿעסטיװאַלס" און „אױסשטעלונגען". די געסט זײנען געװען פֿון אַ סך לענדער, אַרײנגערעכנט גאָר אַ גרױסע צאָל געסט פֿון אַמעריקע. מען האָט דעריבער געמוזט צעטײלן די דעלעגאַציע און זײ שיקן אין פֿינף באַזונדערע האָטעלן. דאָס איז גאָרניט געװען קײן גרינגע אַרבעט. ספּעציעל, װען מיר האָבן זיך באַדאַרפֿט צונױפֿקומען צװײ, דרײ מאָל אַ טאָג פֿאַר פֿונקציעס, װאָס מען האָט פֿאַר אונז צוגעגרײט.

עס פֿרײט מיך דעריבער צו זאָגן, אַז אַ דאַנק די, װאָס האָבן צוגעגרײט דעם טור אין לאָנדאָן, צוזאַמען מיט אונזער זײער פֿעאיקן און ענערגישן פּירער יצחק פֿײגענבױם, איז אונזער װיזיט אין לאָנדאָן געװען אײנער פֿון די אינטערעסאַנטסטע און װעלכן מיר װעלן געדענקען פֿאַר אַ לאַנגער צײט.

אַ חוץ דעם, װאָס מיר האָבן געהאַט די געלעגנהײט צו זען אַ סך פֿון דעם היסטאָרישן װערט אין לאָנדאָן גופֿא, און כאַפּן אַ בליק אױף די װאונ־דערבאַר שײנע לאַנדשאַפֿטן אױסער לאָנדאָן, אַרײנגערעכנט אַזױנע באַרימטע שטעט, װי אָקספֿאָרד, װאַרװיק און „סטראַטפֿאָרד אָן אַיװאָן", װאו װיליאַם שעקספּיר איז געבױרן געװאָרן, האָבן מיר דעם ערשטן טאָג פֿון אונזער זײן אין לאָנדאָן געהאַט דעם גרױסן כבוד און די פֿרײד אױפֿגענומען צו װערן פֿון אַ פּאַרלאַמענטאַרישער גרופּע פֿון דער לעיבאָר־פּאַרטײ אין ברי־טישן פּאַרלאַמענט.

דאָס איז אַזאַ היסטאָרישע און וויכטיקע געשעעניש, וואָס איך בין זיכער, אַז עס וועט אַרויסרופן אַ געוואַלדיקן אינטערעס ביי צווישן אידן און סיי צווישן גויים. עס ווייזט אויף וויפיל די באַציאונגען פון דער רעגירנדיקער לעיבאָר פּאַרטיי צו ישראל האָט זיך געביטן און זיינען פאַרבעסערט געוואָרן.

ביי די יעניקע, וואָס איז נאָך פריש אין זכרון די קעגנזייטיקע פאַרביטע־רונג צווישן די אידן און די ענגלענדער, וועט די אויפנאַמע אין בריטישן פּאַרלאַמענט און די רעדעס וואָס זיינען דערביי געהאַלטען געוואָרן פון אַזעלכע אָנגעזעענע מיטגלידער פון דער לייבאָר־פּאַרטיי און פירער פון בריטישן פּאַר־לאַמענט, ווי טשוטער עדי, האָום סעקרעטערי; אַנטאָני גרינוואוד, אַרטור פיליפּס, עליס מאָרגאַן און דער אויסלאַנד־מיניסטער הערבערט מאָריסאָן אַליין, אַרויסרופן אַ געוואַלדיקע מאָראַלישע באַפרידיקונג.

עס זיינען אויך ביי דער „רעסעפּשאָן" אָנוועזנד געווען: דער ישראל־אַמבאַסאַדאָר אליהו אילת, דער פאָרשטייער פון דער „אידישער אַגענץ" ד"ר ש. לעווענבערג און ל. ליעף — דירעקטאָר פון הסתדרות.

דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען מאָנטאָג, דעם 23טן, אַרום דריי אַזייגער נאָכמיטאָג, אין דער געביידע פון דער „האוז אָוו קאָמאַנס". אָבער דאָס איז נאָר געווען, ווי מען זאָגט, אַ „גרענד קלאימעקס" צו אַ טאָג פון אויסערגע־וויינלעכן אינטערעס פאַר אונז, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן 9 אַזייגער אינדערפרי און האָט זיך געענדיקט שפּעט אין אָוונט, מיט אַן אויפנאַמע פון די לאָנדאָנער פּועלי ציון, אין דעם איזראַעלי־ענגליש קלוב, וואו צ' צאָל בריטישע פּאַרלאַ־מענט־מיטגלידער זיינען אָנוועזנד געווען.



די פּאַרלאַמענט־געביידע און דער לאַמבעט־בריק
אין לאָנדאָן, ענגלאַנד.

# אַ באַזוך אין ענגלישן פּאַרלאַמענט

זונטאָג אָוונט, אײדער מיר האָבן פֿאַרלאָזט דעם לאָנדאָנער לופֿט־פֿעלד, נאָכן דעם ווי מען האָט רעוויזירט אונזערע פּאַספּאָרטן און באַגאַזש, האָט אונזער מנהיג, פֿייגענבוים, מודיע געווען, אַז מאָרגן פֿרי, גלייך נאָך פֿרישטאָג, דאַרפֿן מיר זײַן אַלע פּאַרטיק, יעדערער אין זײַן האָטעל פֿאַר אויטאָבוסן, וואָס וועלן אונז קומען נעמען פֿאַר אַ שפּאַציר אָנצוקוקן דעם בריטישן פּאַרלאַמענט.

יעדער פֿון אונז איז, נאַטירלעך, געווען צופֿרידן צו האָבן אַ מעגלעכקייט צו זײַן און אָנצוקוקן דעם באַרימטן פּאַרלאַמענט, וואָס האָט אַזאַ היסטאָרישע פֿאַרגאַנגענהייט — די „מוטער פֿון אַלע פּאַרלאַמענטן“, דאָס הויז, אין וועלכן עס האָבן גערעדט אַזעלכע פּערזענלעכקייטן, ווי: גלאַדסטאָן, דיזראַעלי, אַסקוויט, לאָיד דזשאָרדזש, טשוירטשיל און צענדליקער אַנדערע. אָבער מיר האָבן קיינמאָל ניט דערוואַרט, אַז מיר וועלן האָבן אַזעלכע בכבוד׳יקע פּערזענלעכקייטן פֿאַר „גאַידס“, וואָס זאָלן אונז אַרומפֿירן און דערקלערן יעדעס ווינקעלע פֿון די באַרימטע הײַזער: די האוז אָוו לאָרדס און די האוז אָוו קאָמאַנס.


ביים אַריינגאַנג אין דער ישראל־אַמבאַסאַדע אין לאָנדאָן מיט דעם ישראל־אַמבאַסאַדאָר אליהו אילת.

אונזער איבעררעשונג איז געקומען, ווען מיר זײַנען צוגעקומען צו דעם הויפּט־אַרײַנגאַנג פֿון דער באַרימטער געביידע. מיר האָבן ערשטנס, געזען אַ גרויסע צאָל מענטשן, שטייענדיק אויסגעשטעלט אין לאַנגע שורות, וואַרטנדיק פֿאַר אַ מעגלעכקייט אַרײַנצוגיין אין דער געביידע. פֿאַר אַ רגע האָבן מיר געמיינט, אַז אונז וועט אויך אויסקומען צו שטיין אין דער ריי, ווי אַלע אַנדערע. אָבער אַזוי גיך ווי אונזער גרופּע איז אַרויס פֿון די באָסעס, האָט מען אונז גלייך צעטיילט אויף קלענערע גרופּן און צו יעדער גרופּע האָט מען אונז געגעבן אַ „גאַיד“, וואָס זאָל אונז אַרומפֿירן און דערקלערן אַלץ, וואָס איז פֿון וויכטיקן היסטאָרישן אינטערעס.




ביים פייערלעכן 18טן דריטן סדר אין אַסטאָר האָטעל ניו־יאָרק, וואו עס איז דאַן אויך אָנוועזנד געווען אליהו אילת, דער היינטיקער אַבמאַסאַדאָר אין ענגלאַנד. — ס׳זיצן פון רעכטס: אַלעקסאַנדער קאָהן, אייזיק העמלין (שטייענדיק), אייב מילער, משה שרת, אליהו אילת, מרס. א. אילת, יעקב פּאַטאָפּסקי און מאַקס זאַריצקי.



עליס בעיקאָן, מיטגליד פון ענגלישן פּאַרלאַ־מענט און פּאַרזיצערין פון דער לייבאָר פּאַרטיי אין ענגלאַנד.

איידער מיר האָבן אָנגעהויבן צו גיין האָט אונז דער „גאַיד״ געזאָגט פאָלגענדיקס: „איך וועל אייך זאָגן ווער איך בין: מיין נאָמען איז דזשאָרדזש טשעטווינד; איך בין אַן מ. פּ. (מיטגליד פון דער האוז אָוו קאָמאנס), איך בין געווילט, אָדער מיין „קאָנסטיטיועניסי״ איז אין דעם „נאָרדערן״ טייל פון ענגלאַנד. איך בין אַ מיטגליד פון דער דעלעגאַ־ציע, וואָס האָט באַזוכט און זיינען געוועזן די געסט פון דער הסתדרות אין ישראל. איך האָב געזען און באַ־גריפן, וואָס די הסתדרות טוט; מיר ווינשן זיי דערפאָלג. עס איז מיר אָנ־גענעם צו באַגריסן אַ דעלעגאַציע פון פריינט פון דער הסתדרות פון אַמע־ריקע, און איר זענט ווילקאָמען צו באַזוכן דעם בריטישן פּאַרלאַמענט״.

נאָך דער קליינער הקדמה האָט ער אונז דורך אַ טיר, וואָס איז ניט באַשטימט פאַר עפנטלעכע באַזוכער, אַריינגענומען אין דער געביידע און אָנגעהויבן צו דערקלערן די באַדייטונג פון יעדן צימער און פון די זאַלן.

די צווייטע גרופּע האָט געהאַט פאַר איר „גאַיד״ דעם מ. פּ. טשאַרלס גיבסאָן.

די דריטע גרופּע האָט געהאַט אַלבערט קאַרט, אַסיסטענט סעקרעטאַר פון אינטערנאַציאָנאַלן דעפּאַרטמענט פון טרעיד יוניאָן קאָנגרעס.

יעדע גרופּע אונזערע האָט זיך אָפּגעזונדערט אַזוי, אַז עס זאָל ניט זיין קיין צו גרויסער עולם און זי זאָל קענען שענקען מער אויפמערקזאַמקייט צו אַלעם, וואָס זיי, די „גאַידס״, וועלן אונז ווייזן.

אָנהויבנדיק פון אַ גאָר גרויסן צימער, וואו עס פלעגן אָפּגעהאַלטן ווערן אַלע משפטים, ביז דעם צימער פון דער האוז אָוו לאָרדס, וואָס איז ביז מיט אַ שטיקל צייט צוריק געוועזן דער זיץ־פּלאַץ פון די מ. פּ.׳ס, ווייל די

האוז אָוו קאמאנס איז, ווי באַוואוסט, צעשטערט געוואָרן פון היטלערן, ווען זיין „לופט־וואָפע" האָט באָמבאַרדירט לאָנדאָן.

ער האָט אונדז דערציילט, אַז יעדע נייע זיצונג פון פּאַרלאַמענט ווערט אָפיציעל דערעפנט פון קעניג, וועלכער קומט מיט זיין סוויטע אין גרויס פּאָמפּע צו האַלטן זיין דערעפענונגס־רעדע, וואָס ווערט, אַגב, ניט געשריבן פון אים אַליין, נאָר פון דעם פּרעמיער־מיניסטער. ווען די דערעפענונגס־רעדע קומט פאָר, פאַרזאַמלען זיך ביידע הייזער אין דעם טשעמבער פון די האַוז אָוו לאָרדס, ווייל עס איז דאָ אַ געזעץ, אָדער עס איז אַ טראַדיציע, אַז דער קעניג טאָר ניט באַטרעטן אָדער אַריינטרעטן אין דעם טשעמבער פון דער האַוז אָוו קאמאנס. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס אַ קעניג האָט זיך אַמאָל געוואָלט אַריינרייסן אין פּאַרלאַמענט צו אַרעסטירן פינף פּאַרלאַמענט־מיטגלידער און זיי משפּט'ן פאַר עפּעס אַ פאַרברעכן, וואָס זיי זאָלן האָבן באַגאַנגען קעגן דעם טראָן. זינט דעמאָלט איז דעם קעניג בלויז דערלויבט צו קומען אין דער האַוז אָוו לאָרדס, אָבער ניט אין דעם טשעמבער, וואו עס פאַרזאַמלען זיך די מ. פּ. ס — די האַוז אָוו קאמאנס.

דער זאַל פון דער האַוז אָוו לאָרדס איז אַן אַלטער, דאָס מעבל און די זיץ־פּלעצער זיינען באַדעקט מיט רויטן פּליוש און מיר דאַכט זיך, אַז ער קען אַריינעמען בלויז אַ פּאָר הונדערט מענטשן, הגם עס איז דאָ איבער 600 לאָרדן, קומען אָבער קיינמאָל ניט צו דער זיצונג מער ווי אַרום 60 אָדער 70. די געזעצגעבנדע רעכט פון די לאָרדן, האָט אונז אונזער „גאַיד" דער־ציילט, איז אַ באַגרענעצטע, זיי האָבן גאָרניט וואָס צו זאָגן וועגן בודזשעט און קענען קיין געזעץ — וואָס ווערט אָנגענומען אין דער האַוז אָוו קאָמאָנס — ניט צוריקווייזן; העכסטנס קענען זיי דאָס אָפּציען פאַר אַ שטיקל צייט.

דער טשעמבער פון דער האַוז אָוו קאָמאָנס איז אַ נייער, וואָס איז ניט לאַנג איבערגעבויט געוואָרן. דער טשעמבער איז אויך ניט קיין גרויסער און האָט אויך ניט גענוג זיץ־פּלעצער פאַר אַלע מיטגלידער. און ווען עפּעס אַ וויכטיקער געזעץ ווערט דיסקוטירט, וואָס דאַרף די אויפמערקזאַמ־קייט פון אַלע מ. פּ. ס, מוז אַ גרויסע צאָל פון זיי שטיין ביי די זייטן און טירן.

אונזער „גאַיד" האָט אונז דערציילט, אַז די קליינקייט פון זאַל ווערט געמאַכט מיט אַ כיוון, אַז אַלע זאָלן קענען הערן, וואָס מען רעדט. דעריבער זיינען די זיץ־פּלעצער ניט אַראַנזשירט אין אַ קרייז אָדער האַלבן קרייז, ווי ביי אונז אין קאָנגרעס, נאָר די בענק, אָדער קאַנאַפּעס, וואָס זיינען באַדעקט

מיט גרינעם לעדער, זיינען אויסגעשטעלט לענגאויס פֿון צימער. אַ גרויסע שטול פֿאַר דעם „ספּיקער" און ביי די זייטן שטייען לאַנגע קאַנאַפּעס פֿאַר די מיניסטאָרן, און פּונקט אַנטקעגן, פּלעצער פֿאַר דער אָפּאָזיציע, וואו טשוירטשיל און זיין גרופּע זיצן. אַ טייל פֿון דעם מעבל, ווי שטולן, טישן און נאָך זאַכן, איז צום פּאַרלאַמענט געשענקט געוואָרן פֿון ענגלאַנדס דאָמיניאָנס. צווישן די געשאַנקען איז דאָ אַ קעסטעלע, וואו עס ווערט געהאַלטן די שבועה, וואָס ווערט געגעבן פֿון יעדן מיטגליד פֿון פּאַרלאַמענט, און די ביבל אויף ענגליש און העברעאיש. דאָס קעסטל, וואָס שטייט אויף אַ לאַנגן טיש נעבן „ספּיקער" איז געמאַכט מיט געשניצטע געמאָלעכצער, אַז עס זאָל אויף דעם ניט זיין באַקוועם צו קלאַפּן מיט דער האַנט, ווי עס איז אָפּט די טבע פֿון רעדנער, וועלכע קומען אַריין אין עקסטאַז, ביי אַ היציקער דעבאַטע. ווען זיי קלאַפּן אין דעם קעסטל הויבט זיי אָן וויי טאָן די האַנט.

דער טשעמבער פֿון דער האוז אָוו קאָמאָנס האָט אויך אַ קליינע גאַ־לעריע פֿאַר זייטיקע מענטשן, אָפּט דיפּלאָמאַטן פֿון אַנדערע לענדער. ווען עס בלייבן פּלעצער קענען אויך אַריינקומען געוויינלעכע בירגער. די גאַלעריע איז אין דער זייט אַנטקעגנאיבער, וואו עס געפֿינט זיך דער „ספּיקער", און וואו עס זיצן די מיניסטאָרן און די אָפּאָזיציע. איבער זייערע קעפּ, פּונקט אַנטקעגן דער גאַלעריע, איז דאָ אַ קלענערע גאַלעריע, איינגעאָרדנט פֿאַר דער פּרעסע.

געוויינלעך, האָט אונז אונזער „גאַיד" דערקלערט, איז די מעטאָדע פֿון אָפּשטימען מיט „איי׳ס" און „נאָו׳ס". אַ גרעסער געשריי פֿון איינעם פֿון זיי איז גענוג צו באַשטימען ווער עס האָט געוואונען. טאָמער, אָבער, איז דאָ אַ צווייפֿל ווער עס האָט די גרעסערע צאָל שטימען, באַשטימען זיי עס אויף פֿאָלגנדיקן אופֿן:

מען הויבט אָן קלינגען אין אַלע צימערן פֿון פּאַרלאַמענט און אין די קאָרידאָרן. דאָס איז אַ סיגנאַל פֿאַר די מ. פּ. ׳ס, אַז זיי דאַרפֿן זיך מעלדן צו שטימען. דאָס ווערט געטאָן אין אַ באַזונדער צימער, ספּעציעל איינגע־ריכטעט פֿאַר דעם צוועק.

אַ באַשטימטע צאָל מינוטן ווערט די מיטגלידער געגעבן זיך צו מעלדן אין דעם צימער. ווען די געגעבענע צייט לויפֿט איבער, ווערט דער צימער פֿאַרשלאָסן. די מ. פּ.׳ס שטעלן זיך אויס אין באַזונדערע שורות, לויט דעם נאָך, ווי זיי ווילן שטימען און דאַרפֿן פֿאַרבייגיין ציילערס („טעלערס"), וואָס

ציילן איבער די „דאַפּירס" און „דאַגעגנס" און אַנאָנסירן דעם רעזולטאַט אין טשעמבער.

מיר האָבן אויך געהאַט די מעגלעכקייט צו באַטראַכטן די גרויסע וועראַנדע פון פּאַרלאַמענט, וואָס לויפט לענגאויס ביים שאַרף פון דעם טעמזע־ריוועך. אַט דער פּלאַץ גיט די פּאַרלאַמענט־מיטגלידער אַן אויסגעצייכנטע געלעגנהייט אַרויסצוקומען נאָך אַביסל לופט און רו נאָך אָנגעשטרענגטע דעבאַטעס, וואָס קומען אַזוי אָפט אויס צו פירן מיט דער אָפּאָזיציע נית איין מאָל. האָט אונזער „גאַיד" געזאָגט, איז זיי אויסגעקומען צו זיין אַ גאַנצע נאַכט ביי פּאַרצויגענע זיצונגען. די אָפענע וועראַנדע און די קילע לופט פון דער טעמזע, איז דעריבער אַ דערפרישונג פאַר די, וואָס קומט אויס צו זיין ביי פּאַרצויגענע זיצונגען.

אונזער שפּאַציר דורך דער פּאַרלאַמענט־געביידע האָט געמוזט אַביסל געקירצט ווערן, ווייל מיר האָבן באַדאַרפט עסן לאָנטש און זיך דערנאָך צוריק אומקערן צו דער פּאַרלאַמענט־געביידע פאַר אַ טיי און אויפנאַמע פון דער לעיבאָר פּאַרלאַמענט־גרופּע.



# דער קבלת־פּנים אין ענגלישן פּאַרלאַמענט

איך האָב אייך שוין דערציילט, אַז מיר האָבן באַדאַרפט קירצן אונזער זייער אינטערעסאַנטן שפּאַציר אין דער פּאַרלאַמענט־געביידע אין לאָנדאָן, ווייל עס איז פאַר אונז צוגעגרייט געוואָרן אַן אויפנאַמע און טיי אין דעם ספּעציעלן צימער, וואָס ווערט אָנגערופן „די סטרעינדזשערס רום" פון בריטישן פּאַרלאַמענט. מען האָט אונז בלויז געגעבן אַ שעה צייט אויף צו עסן מיטאָג און מיר האָבן זיך באַדאַרפט אומקערן צוריק אין דער פּאַרלאַמענט־געביידע.



אַמבאַסאַדאָר אליהו אילת

מיר האָבן זיך דעריבער געזעגנט מיט די זייער חשוב'ע „גאַידס" — די פּאַרלאַמענט־מיטגלידער, וועלכע זיינען געווען אונזערע ספּעציעלע מנהיגים. מיר האָבן זיי האַרציק באַדאַנקט פאַר דעם כבוד און פאַר דער אויסערגעוויינלעכער גאַסטפריינטלעכקייט, וואָס זיי האָבן צוגעטיילט אונזער דעלעגאַציע אין ווייזן, אין דערקלערן די באַדייטונג פון יעדן זאַל און טשעמבער, און ווי אַזוי דער פּאַרלאַמענט — דהי מאָדהער אָוו פּאַרלאַמענטס" — פירט זיך און אַרבעט. מיר האָבן זיי פאַרזיכערט, אַז מיר וועלן אַלעמאָל געדענקען די פריינטשאַפט און זוכן אַ געלעגנהייט זיי מיט עפּעס אָפּצודאַנקען. זיי האָבן אונז פאַרזיכערט, אַז זיי טוען דאָס מיט פאַרגעניגן און זיינען צופרידן צו דינען אַ גרופּע הסתדרות־אָנהענגער, וואָס קומט פון אַמעריקע.

אונזער גרופּע האָט פאַרלאָזן דעם פּאַרלאַמענט צו עסן מיטאָג, מיטן אויסנאַם פון פיר דעלעגאַטן, וואָס זיינען געבעטן געוואָרן צו האָבן מיטאָג מיט דעם ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין לאָנדאָן, אליהו אילת.

דער אַמבאַסאַדאָר האָט זייער באַדויערט, וואָס צוליב פריערדיקע גע־שעפטלעכע און דיפּלאָמאַטישע פאַרפליכטונגען, איז פאַר אים אוממעגלעך אויפצונעמען די גאַנצע דעלעגאַציע ביי אים אין הויז. אָבער ער איז געווען זייער בייגעריק צו האָבן ביי זיך אין הויז אַ קליינע גרופּע, וואָס זאָל רעפּרע־זענטירן די דעלעגאַציע פאַר אַ שמועס, איידער די גאַנצע דעלעגאַציע ווערט אויפגענומען אין פּאַרלאַמענט, וועגן וועלכן ער האָט שוין וואַרשיינלעך געוואוסט, אַז דאָס ווערט פּלאַנירט און איז צו דעם איינגעלאַדן געוואָרן.

די קליינע גרופּע פון פיר איז באַשטאַנען פון: א. לעדערמאַן — סעקרעטאַר פון טרעיד יוניאָן קאָונסיל, יצחק פייגענבוים — סעקרעטאַר און אָנפירער פון דער דעלעגאַציע, יצחק קאַגען און מיין ווייניקייט.

מיר זיינען אין אַ טעקסי צוגעפאָרן צו דעם אַמבאַסאַדאָרס וואוינונג און זיינען דאָרט זייער וואַרעם אויפגענומען געוואָרן. מיר האָבן דאָרט אויך געטראָפן אַלס געסט פון דעם אַמבאַסאַדאָר צו לאָנטש, עליס בייקאָן — טשערמאַן פון דער בריטישער לעיבאָר־פּאַרטיי, וואָס פאַרנעמט דעם פאַר־שטאָרבענעם העראָלד לאַסקי׳ס פּלאַץ. אַגב, האָט זי אונז דערציילט, אַז זי איז געווײלט אין פּאַרלאַמענט פון אַ „קאָנסטיטיושענסי" פון ליעדז, וואו עס געפינען זיך אַ סך נאָדל טרעיד אַרבעטער, צווישן זיי זייער אַ סך אידן. מיט איר איז דאָרטן געווען מאָרגאַן פיליפּס, וועלכער איז דער טשערמאַן פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין פראַנקפורט.

מאָרגאַן פיליפּס, וועלכער האָט זיך ניט לאַנג אומגעקערט פון דעם אינ־טערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין פראַנקפורט, דייטשלאַנד, און וואו, אַגב, די מפא״י האָט זיך אָנטזאָגט צו באַטייליקן צוליב דעם, וואָס די קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אויף דער בלוטיקער דייטשער ערד, האָט געוואָלט וויסן מער וועגן „בונד", און וועלכע שיכטן ער פאַר־טרעט, וואָס האָט זיך יאָ באַטייליקט אין דער קאָנפערענץ.

אַזוי איז דער שמועס אָנגעפירט געוואָרן די גאַנצע צייט פון עסן. מיר האָבן שטאַרק הנאה געהאַט פון די זייער געשמאַקע מאכלים, וואָס

זיינען אונז סערווירט געוואָרן און געוויס פון דער זייער אָנגענעמער געזעל־שאַפט; אָבער די צייט האָט אונז ניט דערלויבט צו בלייבן לענגער ביי דעם אַמבאַסאַדאָר אין הויז, ווייל מיר האָבן געוואָלט זיין אין צייט אין פאַר־לאַמענט, צו דער אָפיציעלער אויפנאַמע, וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרן אויף 3:30 נאָכמיטאָג.

צו דער באַשטימטער צייט האָבן מיר זיך אַלע פאַרזאַמלט ביי דעם הויפּט אַריינגאַנג פון פאַרלאַמענט און פון דאָרט זיינען מיר אַריינגעפירט געוואָרן אין אַ גרויסן צימער, וואָס הייסט „די סטרענדזשערס רום" און ווי מען האָט אונז דערקלערט, ווערן דאָ אויפגענומען געסט פון בריטישן פאַר־לאַמענט.

מיר האָבן דאָרט אויך באַגעגנט ד"ר ש. לעווענבערג, וועלכער איז אַ חשוב'ער מיטגליד אין דער פּועלי ציון פּאַרטיי אין לאָנדאָן און איז זייער אָנגעזען ביי די פירנדיקע מיטגלידער אין בריטישן פאַרלאַמענט.

איך, פּערזענלעך, בין געווען זייער צופרידן צו באַגעגענען אילת'ן, ווייל איך האָב מיט אים זיך שוין באַקענט, ווען ער איז געקומען קיין באָסטאָן לטובת דעם „קאָמבאַינד אַפּיל", בעת ער איז געווען דער ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין אַמעריקע. אַגב, איז ער, אילת, געווען זייער צופרידן צו זען אונז, באָס־טאָנער, ווייל ער האָט אין באָסטאָן געהאַט אַן אָנגענעמע צייט, באַזוכנדיק דעם בראַנדייס אוניווערסיטעט, באַגלייט פון מיין ברודער, מאָריס שאַפּיראָ.

איך בין כמעט זיכער, אַז די צוויי געהויבענע געסט, עליס בעיקאָן און מאָרגאַן פיליפּס, זיינען איינגעלאַדן געוואָרן צום אַמבאַסאַדאָר אין הויז פאַר מיטאָג, ספּעציעל צו באַגעגענען די פאָרשטייער פון דער אַמעריקאַנער דע־לעגאַציע, צו כאַפּן מיט זיי אַ שמועס און הערן פון זיי, וואָס די אַמעריקאַנער אידישע אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן דענקען וועגן דער הסתדרות. דער שמועס איז, פאַרשטייט זיך, געפירט געוואָרן „אָף די רעקאָרד" און עס איז געווען זייער אינטערעסאַנט צו הערן מיינונגען איבער די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען פון פאַרשידענע לענדער און אויך די זייער סימפּאַ־טישע באַציאונג צו ישראל און צו דער הסתדרות.

דאָס צימער איז שוין געווען פון פריער צוגעגרייט מיט אַ סך ווייס־באַדעקטע טישן, מיט פיר זיך־פּלעצער ביי יעדן טיש, ביי וועלכע מיר האָבן זיך אַלע אויסגעזעצט. יעדערער, פאַרנעמענדיק אַ פּלאַץ, וואו ער האָט

גערואַלט, אַזוי אַז אייניקע דעלעגאַטן אונזערע, איז אויסגעקומען צו זיצן אינאיינעם מיט וויכטיקע פירער פון ענגלישן פּאָליטישן לעבן.

דער פּאָרזיצער פון דעם קבלת־פּנים איז געווען דער אָפּיציעלער פירער פון דער לעיבאָר פּראַקציע, גלענוויל האָל. ער איז, אַגב, געווען דער הויפּט פון דער בריטישער פּאַרלאַמענטאַרישער דעלעגאַציע, וועלכע האָט באַזוכט ישראל מיט אייניקע חדשים צוריק. ער האָט וואַרעם באַגריסט די פּאָרשטייער פון די טרעיד־יוניאָנס און פּאָלקס־מאַסן פון אַמעריקע. ער האָט אויסגע־דריקט זיין פריידי, וואָס די דעלעגאַציע פּאָרט קיין ישראל, וואו זי וועט זען מיט די אייגענע אויגן די גרויסע אויפטועז פון די אידן אין ישראל.

ער האָט פּאָרגעשטעלט דעם ערשטן רעדנער, טשוטער איד, דער דעמאָלס־טיקער מיניסטער פּאַר אינערלעכע ענינים (האָום סעקרעטערי), וועלכער איז געווען דער פירער פון דער „האָוז אָוו קאָמאָנס" און איינער פון די וויכטיקסטע מיטגלידער פון בריטישן קאַבינעט; זיין נאָמען איז אָפּט דערמאָנט געוואָרן אין צוזאַמענהאַנג מיטן פּאָסטן פון פּרעמיער אָדער פּאָרעין־סעקרעטערי. טשוטער איד האָט דערקלערט, אַז די ענגלישע אַרבעטער־באַוועגונג איז זייער פּאַר־אינטערעסירט אין דעם פּראָצעס פון אידישער מאַסן־אימיגראַציע קיין ישראל; צו זען ווי אַזוי אידן פון פּאַרשידענע לענדער באַנייען דאָס אידי־שע פּאָלק אין זייער אייגענעם לאַנד. ענגלאַנד, האָט ער געזאָגט, האָט זיך שטענדיק אויסגעלאַכט פון די ראַסיסטישע טעאָריעס, ווייל גרויס־בריטאַניע גופא איז אַ געמיש פון פּאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן.

„מיר האָפן — האָט דער מיניסטער ווייטער געזאָגט — אַז ישראל וועט מאַכן אַ וויכטיקן בייטראַג צו דער אַנטוויקלונג פון דער וועלט־ציוויליזאַציע. דאָס אידישע פּאָלק האָט אַרויסגעגעבן די גרויסע נביאים, די פּרעדיקער פון שלום און סאָציאַלער גערעכטיקייט. אויב מיר וואָלטן געפּאָלגט די אידישע נביאים, וואָלט אונזער וועלט היינט צו טאָג אויסגעזען גאַנץ אַנדערש".

דער בריטישער שטאַטסמאַן האָט פּאַרזיכערט דער אַמעריקאַנער דעלע־גאַציע, אַז די אידעאַלן פון ענגלאַנד זיינען — שלום, דעמאָקראַטיע און פרייהייט. ער האָט געבעטן די געסט זיך צו באַקענען מיט די גרויסע אויפ־טוען פון דער ענגלישער אַרבעטער־באַוועגונג און זיי געוואונטשן דערפּאָלג אין זייער וויכטיקער רייזע קיין ישראל.

נאָך איידער טשוטער איד האָט געענדיקט זיין רעדע, איז אַריינגעקומען הערבערט מאָריסאָן און איז אויפגענומען געוואָרן מיט שטורמישע אַפּלאָ־

דיסמענטן. ער איז געקומען צו אונז נאָכדעם ווי ער האָט געענדיקט מאַכן אַ וויכטיקן סטעיטמענט אין דער „האַוז אָוו קאָמאָנס", וואָס איז געווען אין שאַרפֿן קאָנפֿליקט מיט דער שטעלונג פֿון ווינסטאָן טשווירטשיל. דער אויסערן מיניסטער און שטעלפֿאַרטרעטער פֿון דעם פּרעמיער־מיניסטער האָט אין אַ לאַנגער רעדע אויסגעדריקט זיין וואַרעמע פֿריינטשאַפֿט פֿאַר דער אַרבעטער באַוועגונג אין אַמעריקע. ער האָט גערעדט וועגן זיינע באַרירונגען מיט די אידישע פֿירער און וועגן דער טראַגעדיע פֿון דער איצטיקער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע. ער האָט דערקלערט זיין אַנטשלאָסנקייט צו קעמפֿן פֿאַר שלום, ניט קוקנדיק אויף דער „קאַלטער מלחמה", און האָט אונטערשטראָכן די גרויסע וויכטיקייט פֿון בריטיש־אַמעריקאַנער פֿריינטשאַפֿט.


אויסערן־מיניסטער הערבערט מאָריסאָן

רעדנדיק וועגן אידישע פֿראַגן, האָט מאָריסאָן דערמאָנט זיין באַזוך אין ארץ־ישראל אין 1935, ווען ער האָט געזען מיט זיינע אייגענע אויגן די גרויסע אויפֿטואונגען פֿון דער הסתדרות, די וואונדערבאַרע סאָציאַליסטישע קיבוצים, ווי אויך די קאָנסטרוקטיווע טעטיקייט פֿון די חלוצים. ער האָט דאָס קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן, און איצט, ווען ער איז אויסערן־מיניסטער, און האָט אַ היפּש ביסל צרות מיטן מיטעלן מזרח, דינט אים זיין דערפֿאַרונג אין ישראל זייער גוט. מאָריסאָן האָט גערעדט מיט פֿאַרדרוס וועגן פֿאַנאַטישן נאַציאָנאַליזם אין אייניקע אַראַבישע לענדער, וועגן דער דיספּראָפּאָרץ צווישן גרויסער רייכקייט פֿון איין זייט, און שרעקלעכער אָרעמקייט, פֿון דער צווייטער זייט; וועגן די פֿאַרזוכן פֿון די פֿירער אָפּצוציען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די מאַסן פֿון זייערע אמת'ע פּראָבלעמען אין אַ פֿאַלשער ריכטונג.

הערבערט מאָריסאָן האָט דערמאָנט מיט וואַרעמקייט די פריינטשאַפט אין די באַציאונגען צווישן דער הסתדרות, מפא״י און דער ענגלישער אַרבע־טער באַוועגונג און האָט אויסגעדריקט אַ וואונטש, אַז די חברישע צוזאַמענ־אַרבעט זאָל פאַרשטאַרקט ווערן.


א. לעדערמאַן

פון דער דעלעגאַציע האָט געענטפערט איזידאָר לעדער־מאַן, דירעקטאָר פון אַמעריקאַנער טרעיד יוניאָן קאונסיל פון דער הסתדרות. אים איז געגעבן געוואָרן דער כבוד צו רעדן אין נאָמען פון דער דעלעגאַציע. ער האָט דער־מאָנט זיין באַגעגעניש מיט מאָריסאָנ׳ען אין ניו יאָרק און האָט אויסגעדריקט דעם גרויסן פאַרגעניגן פון דער פאָלקס־דעלעגאַציע צו זיין אין דער געביידע פון דעם בריטישן פאַרלאַמענט. ער האָט דערציילט וועגן דער גרויסער הילף וואָס די אידישע אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן גיבן לטובת דעם אויפקום און דער באַפעסטיקונג פון ישראל און פון דער הסתדרות.

אין רירנדיקע ווערטער האָט לעדערמאַן דערמאָנט ווי אַזוי זיין אייגענער זון איז געפאַלן אין ענגלאַנד, אַלס קעמפער אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי, אין דער צייט פון צווייטן וועלט־קריג און וואָס פאַר אַ גרויסע פערזענלעכע איבערלעבעניש עס איז פאַר אים איצט צו זיין אין לאָנדאָן.

עס האָט אויך גערעדט ד״ר ש. לעווענבערג. און נאָך אים האָט גערעדט עליס בעיקאָן, מיטגליד פון פאַרלאַמענט און פאָרזיצערין פון דער לעיבאָר־פאַרטיי. זי האָט דערמאָנט די ערשטע ענגלישע אַרבעטער־דעלעגאַציע קיין ישראל, אין דעצעמבער *1949*, וועלכע איז, לויט איר מיינונג, געווען אַ היס־טאָרישער ווענדפּונקט אין די באַציאונגען צווישן ענגלאַנד און ישראל.

אין אַ געהויבענער שטימונג האָט זיך פאַרענדיקט דער צוויי שעה׳דיקער קבלת־פּנים אין ענגלישן פאַרלאַמענט, וואָס קען באַצייכנט ווערן אַלס אַ גרויסע דערנענטערונג צווישן ענגלאַנד און ישראל.

מיר, פון דער דעלעגאַציע, זיינען צוריקגעגאַנגען צו אונזערע האָטעלן מיטן באַוואוסטזיין, אַז מיר האָבן נאָר וואָס בייגעוואוינט אַ וויכטיקע היסטאָ־רישע פּאַסירונג.

דעם זעלבן אָוונט האָבן מיר אויך בייגעוואוינט נאָך אַ קבלת־פּנים, וועלכער איז אויך געווען אינטערעסאַנט און איינדרוקספול.



דר. ש. לעווענבערג

דער קבלת־פּנים איז אונז גע־געבן געוואָרן פון די פירער פון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג אין לאָנדאָנער פּועלי־ציון אויף אַ זייער חבר׳ישן און פּריינט־לעכן אופן. אויך דאָ זיינען, אַ חוץ די אידישע חברים, אַנוועזנד גע־ווען ווינצענט טאָסאָן, דער גענע־ראַל־סעקרעטאַר פון דעם בריטישן טרעיד יוניאָן קאָנגרעס, וועלכער האָט געהאַלטן אַ פּאָליטישע רעדע. ער האָט גערעדט וועגן דער וויכ־טיקייט פון דער אַמעריקאַנער דע־לעגאַציע, וועלכע באַזוכט ענגלאַנד, און וועגן דעם גרויסן אינטערעס פון די ענגלישע אַרבעטער אין ישראל.

אַנטאָני גרינוואַלד, וויצע־פּרעזי־דענט פון דער פּאַרלאַמענטאַרישער אַרבעטער פראַקציע, האָט גערעדט מיט אַ סך וואַרעמקייט וועגן די אידישע אויפטועז אין ישראל. ער האָט דערמאָנט די היסטאָרישע באַדייטונג פון דעם פּראָצעס פון קיבוץ־גלויות און די גרויסע חשיבות פון די פּאַרלאַמענטאַרישע וואַלן אין ישראל, און ער האָט אויסגעדריקט זיין האָפענונג, אַז די מפא״י וועט קריגן גענוג שטימען צו האָבן אַ פעסטע און סטאַבילע רעגירונג. פון אונזער דעלעגאַציע האָט גערעדט מ. ד. סלאָנים, פון סט .לואיס, און לואיס היימאַן, פון ניו יאָרק. איך, אַלס טשערמאַן, האָב באַדאַנקט די חברים פאַר דער וואַרעמער אויפנאַמע און האָב אויסגעדריקט אונזער צופרידנקייט פון האָבן די געלעגנהייט צו זיין אין לאָנדאָן, אויפגענומען צו ווערן אין דעם בריטישן פּאַרלאַמענט און צו קריגן אַזאַ חבר׳ישן קבלת־פּנים פון די לאָנדאָנער חברים.

דוד סווערדלאָוו, געוועזענער מיטגליד פון שוואַרצ׳ס קונסט־טעאַטער, האָט פאַרענדיקט דעם אָוונט מיט אַ פּאָר רעציטאַציעס, וואָס האָבן געמאַכט

אַ גרויסן פֿוראַר ביים עולם. ער איז שטאַרק אַפּלאָדירט געוואָרן עטלעכע מאָל. סווערדלאָוו וואוינט איצט אין טאָראָנטאָ, קענעדע, און איז אַ מיטגליד פֿון דער דריטער הסתדרות־דעלעגאַציע.

אליהו אילת האָט איינגעלאַדן די גאַנצע דעלעגאַציע אויף אַן אָפֿיציעלער אויפֿנאַמע אין דער ישראל־אַמבאַסאַדע.



ביים פֿייערלעכן קבלת־פּנים פֿאַר דער ערשטער הסתדרות פֿאָלקס דעלעגאַציע אין הויז פֿון ועד הפּועל. — עס זיצן פֿון לינקס צו רעכטס: אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ, י. אבן־זהר, גרשון לעווינסאָן, פּנחס לוביאַנקער (שטייענדיק), דר. ה. פּאָמעראַנץ, י. פֿייגענבוים און ב. ליך.

# אָקספּאָרד, וואָרוויק און סטראַטפּאָרד־אַן־עווען

אונזערע מנהיגים פון דער דעלעגאַציע האָבן אויסגעפּלאַנעוועט, אַז די דריי טעג, וואָס מיר וועלן זיין אין לאָנדאָן, זאָלן מיר פאַרווײַלן ניט נאָר אין לאָנדאָן גופא, נאָר מיר זאָלן אויך, אַזוי פיל ווי מעגלעך, באַזוכן די היסטאָרישע פּלעצער און די וואונדערבאַר־שיינע לאַנדשאַפטן אַרום לאָנדאָן. אַזוי זיינען מיר, אַלע 60 דעלעגאַטן, איינגעשטיגן אין צוויי גרויסע און באַ־קוועמע באָסעס. אין יעדן באָס האָבן מיר געהאַט אַן „אינטעליגענטן גאַיד״ אויף צו ווייזן און דערציילן אונז וועגן דער ריזיקער שטאָט און די פּלעצער, וואָס ליגן אַרום לאָנדאָן אין אַ ראַדיוס פון 60 מייל.

צוערשט זיינען מיר דורכגעפאָרן דעם פּיקאַדילי סוירקל, אין אָקספאָרד סטריט, אויפן וועג קיין אָקספּאָרד, וואָרוויק און סטראַטפּאָרד־אַן־עווען.

אין יעדער געגנט, אין כמעט יעדער גאַס אין לאָנדאָן ,וואו מער און וואו ווייניקער, זיינען נאָך פאַראַן זייער בולט׳ע און שטאַרקע סימנים פון דער צעשטערונג, וואָס היטלער׳ס „לופט־וואָפע״ האָט אויסגעטיילט דער בריטי־שער הויפּט־שטאָט. איינער פון די יעניקע, וואָס האָבן אונז געפירט ווייזן דעם פּאַרלאַמענט, האָט אין אַ זייטיקער באַמערקונג אונז געזאָגט, אַז זיי פּרובירן שטאַרק צו פאַרדעקן די „סקאַרס״ (צייכנס), וואָס די שטאָט האָט געליטן פון היטלער׳ס באָמבעס. אָבער מיר דוכט, אַז עס וועט נאָך נעמען גאָר אַ לאַנגע צייט ביז אַזוי פיל צעשטערטע הייזער און מויערן וועלן קענען פאַרריכט אָדער איבערגעבויט ווערן.

מיר האָבן אָנגעהויבן אַרויסצופאָרן פון שטאָט, וואָס נעמט אַ לאַנגע צייט, ווייל לאָנדאָן איז שטאַרק צעשפּרייט, און לויט ווי אונזער „גאַיד״ האָט אונז איבערגעגעבן, ציילט „גרעיטער לאָנדאָן״ איבער 10 מיליאָן איינוואוינער.

מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן אַ גרויסן שטח לאַנד, וואו עס איז אָנגעגאַנ־גען אַן אינטענסיווע אַרבעט. דאָס גייען די אַמעריקאַנער דאָ מאַכן אַ ריזיקן לופט־פעלד פאַר זייער „עיר־פאָרט״. דאָס איז, נאַטירלעך, אין הסכם מיט דער פּראָגראַם פון „דעפענס״ פאַר איראָפּע, וואָס אונזער רעגירונג גרייט צו.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו ווייזן גרינע פעלדער אין די טאָלן, ווי אויך שיינע, גרינע באַרגיקע געגענטן. אין אייניקע פּלעצער האָט די לאַנדשאַפט געהאַט דעם אָנבליק ווי אין די ווייסע בערג פון ניו־העמפּשיר. מיר זיינען

דורכגעפאָרן פעלדער און גערטנער, וואָס זיינען זאָרגפעלטיק באַאַרבעט, און אין אַ סך פלעצער האָבן מיר געזען גרופּעס אָדער טשערעדעס פון גוט אויס־געפּאַשעטע קי. דערפאַר אפשר האָבן מיר געקענט עסן אין לאָנדאָן אַזאַ פרישע און געשמאַקע פּוטער און אַזאַ באַ׳טעמ׳טע סמעטענע. וואָס מער מיר האָבן זיך דערווייטערט פון דער שטאָט, אַלץ שענער און קאָלירפולער איז גע־וואָרן די לאַנדשאַפט, וואָס האָטווירקלעך אָנגעזעטיקט דאָס אויג מיט דער שיינקייט פון דער נאַטור אַרום.

די וועגן זיינען גוט געפלאַסטערטע, אָבער ניט אַזעלכע ברייטע ווי מען באַגעגנט ביי אונז. און דאָ איז צו באַמערקן, אַז ענגלאַנד איז כמעט דאָס איינציקע לאַנד, וואו די אויטאָמאָבילן ווערן געטריבן אויף דער לינקער זייט פון וועג. פאַר אונז, אַמעריקאַנער, איז שווער זיך צוצוגעוואוינען צו דעם און עס דוכט זיך אַלעמאָל אויס, אַז אָט וועלן מיר אין אימיצן אַריינפאָרן.

מיר האָבן געפרעגט אונזער „גאַיד״, וואָרום דאָס איז אַזוי, וואָרום טרייבט מען דאָ לינקס, האָט ער אונז דערקלערט, אַז דאָס נעמט זיך פון די גאָר אַלטע צייטן, ווען אויף די וועגן איז מען געפאָרן מיט פערד און מען האָט זיך אַלעמאָל געדאַרפט פאַרטיידיקן פון אָנפאַלנדע רויבער און באַנ־דיטן. מען איז דעריבער געפאָרן לינקס, כדי מען זאָל אַלעמאָל קענען פרייער באַנוצן די רעכטע האַנט פאַר דער שווערד, זיך צו פאַרטיידיקן. אין ענגלאַנד, האָט ער געזאָגט, שטאַרבן טראַדיציעס זייער, זייער לאַנגזאַם, און ער האָט צוגעגעבן אַז ער האָפט אַז דאָס וועט ניט אָנהאַלטן אַ לאַנגע צייט.

איך ווייס ניט צי זיין דערקלערונג איז אַ ריכטיקע. אפשר איז דאָ אַן אַנדערע אורזאַך דערפאַר. אָבער די, וואָס זיינען דערצו ניט צוגעוואוינט, ספּעציעל פאַר די, וואָס „פירן״ אַליין אַן אויטאָמאָביל, קומט עס אויס זייער פריקרע.

עס וואַרפן זיך שטאַרק אין די אויגן אויף די לאָנדאָנער גאַסן און אויף די וועגן אויסער לאָנדאָן, די פאַרעלטערטע און אָפּגעריבענע אויטאָמאָבילן. דער „גאַיד״ האָט אונז דערציילט, אַז דער דורכשניטלעכער עלטער פון אַן אויטאָמאָביל אין ענגלאַנד איז ניט ווייניקער פון 12 יאָר. די נייע, וואָס ענגלאַנד פּראָדוצירט אין גרויסע צאָלן, ווערן אַרויסגעשיקט פאַר עקספּאָרט צו אַנדערע לענדער.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין אַ פּלאַץ, וואָס הייסט ברימטאָן רענטש, אַ הויז איינגעוויקלט אין קאָלירפולע בלומען. דער רענטש, האָט דער „גאַיד־

געזאָגט, איז 300 יאָר אַלט און דינט איצט פאַר אַ קאַפע־הויז פאַר דורכ־ פאָרער און טוריסטן. מיר אַלע האָבן זיך דערפרישט מיט קאַפע און קעיקס, וואָס האָט בלויז געקאָסט 1 שילינג, אַרום 14 אַמעריקאַנער סענט, און געפאָרן ווייטער.

מיר זיינען אַריינגעקומען און זיך אָפּגעשטעלט אין דעם באַרימטן שטעטל אָקספאָרד. מסתמא איז יעדן איינעם ווען עס איז אויסגעקומען צו הערן וועגן אָקספאָרד. „ער האָט שטודירט אין אָקספאָרד" איז אַן אָנווייזונג אויף העכערע בילדונג; „ער רעדט ענגליש מיט אַן אָקספאָרד־אַקצענט" א. א. וו. אָבער זייער אַ סך זיינען אונטער דעם איינדרוק אַז אָקספאָרד איז אַ קאַלעדזש. אין דער אמת'ן איז אָקספאָרד אַ שטאָט פון קאַלעדזשעס. עס איז דאָרט דאָ ניט ווייניקער פון 24 קאַלעדזשעס פאַר אַלערליי שטודיומס. אין דער צייט פון יאָר זיינען אַלע סטודענטן ניטאָ אין אָקספאָרד, זיי האָבן וואַקאַציע און די קאַלעדזשעס זיינען פאַרמאַכט. מיר האָבן דעריבער ניט געקענט זען די סטודענטן אין זייערע שטודיר־צימערן. אָבער אין איין קאַלעדזש געביידע זיינען מיר יאָ אַריינגעגאַנגען — אין דעם „קרייסט טשורטש קאַלעדזש". דאָ האָט מען אונז געוויזן דעם באַרימטן זאַל, וואו עס הענגען די בילדער פון יעדן סטודענט, וואָס האָט שטודירט אין דעם קאַלעדזש און האָט זיך דערנאָך אויסגעצייכנט אויף וועלכן עס איז געביט אין דיפּלאָמאַ־ טיע, אָדער מאַלעריי, יוריספּרודענץ, ליטעראַטור א. א. וו. אָבער די טראַדיציע איז, אַז אַזעלכער דאַרף אַמווייניקסטנס זיין טויט 25 יאָר, איידער ער איז זוכה, אַז זיין בילד, געוויינלעך, אַ מאַלעריש אויל־בילד, זאָל הענגען אין דעם זאַל פון קרייסט טשורטש קאַלעדזש. אין דעם זאַל, טאַקע דאָרט, וואו עס הענגען אַלע בילדער, שטייט אַ לאַנגער טיש, וואו סטודענטן פון דעם קאַלעדזש מוזן אַמווייניקסטנס צוויי מאָל אַ וואָך עסן צוזאַמען. אַזוי איז דער מנהג, און יעדער סטודענט מוז דאָס אָפּהיטן.

איז, ווי געזאָגט, צוליב דער זומער־וואַקאַציע האָבן מיר מער קאַלע־ דזשעס ניט געקענט באַזוכן. מיר האָבן בלויז באַטראַכט די גאַסן פון דעם באַרימטן שטעטל און די געביידעס, וואָס אייניקע פון זיי זיינען שוין אַ פּאָר הונדערט יאָר אַלט, און זיינען געפאָרן ווייטער אויף דעם וועג קיין סטראַט־ פאָרד־אַן־עוואָן, וואו דער גרויסער וויליאַם שעקספּיר איז געבוירן געוואָרן.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין וואָרוויק, וואו עס געפינט זיך דער באַ־ רימטער פּאַלאַץ פון דער פאַמיליע וואָרוויק. און כאָטש דער פּאַלאַץ מיט גאָר




דאָס הויז וואו שעקספּיר איז געבוירן געוואָרן אין סטראַטפאָרד־אָן־עיוועו

און צימערן פון דעם פּאַלאַץ, דינט איצט שוין ווי אַ מוזעאום, פונדעסט־וועגן האָט אונז דער אויפזעער דערציילט, וואוינט נאָך די פאַמיליע אין פּאַלאַץ. דער לאָרד אַליין איז דער מעיאָר פון שטעטל, באַטייליקט זיך אַליין אין דער פאַרוואַלטונג. צווישן אַ סך אַנדערע אַנטיקן, וואָס מיר האָבן דאָרט געזען, ווי געוויסע קאָלעקציעס פון פּאַנצערס, וואָס זיינען פּאַרצייטנס געטראָגן געוואָרן אין געפעכטן, האָט מען אונז געוויזן אַ ריזיקן אייזערנעם טאָפּ, וואָס ווערט גערופן דער „פּאָרעטש" טאָפּ. פּאָרעטש איז אַזאַ קאַשע פון גרייפּלעך, וואָס ווערט געגעסן אַ סך פון די ענגלענדער צו פרישטיק. אָבער ניט דאָס אַליין, האָט דער „גאַיד" געזאָגט, איז די פונקציע פון דעם טאָפּ. דער טאָפּ, לויט דער טראַדיציע, ווערט אויך באַנוצט ווען אַ זון פון דער פאַמיליע ווערט אַלט 21 יאָר. דאַן מאַכט מען אַ פּאַרטי און מען גיסט אָן דעם טאָפּ פול מיט אַזאַ פּאָונטש, וועלכן מען סערווירט די געסט. אין דער איצטיקער פאַמיליע וואָרוויק געפינט זיך אַ בחור, וואָס איז אַלט 18 יאָר. איז ווען ער וועט אם־ירצה־השם אַלט ווערן 21 יאָר, וועט מען פון דעם טאָפּ טרינקען פּאונטש .

פון וואָרוויק זיינען מיר ווייטער געפאָרן קיין סטראַטפאָרד און זיך אָפּגעשטעלט ביי דער הייזקע, וואו דער גרויסער דראַמאַטורג און פּאָעט וויליאַם שעקספּיר איז געבוירן געוואָרן. אָט, די הייזקע אָדער קאַטעדזש ווערט

באַזוכט פון טויזנטער מענטשן. עס איז ווירקלעך געווען אַ זייער באַשיידענע וואוינונג, און איך מיין, אַז געוויסע טיילן פון דער הייזקע, מוזן פון צייט צו צייט רעמאָנטירט ווערן כדי עס זאָל אינגאַנצן ניט צעפאַלן ווערן. אייניקע מאַנוסקריפּטן און אַפישן זיינען אויסגעשטעלט אין גלעזערנע שאַפעס פאַר די באַזוכער צו זען. ביי דער זייט פון דער הייזקע געפינט זיך אַ קראָם, וואָס פאַרקויפט קאַרטלעך מיט שעקספּיר׳ס בילד און מאַכט ניט קיין שלעכטע געשעפטן.



דער טעאַטער אין אַנדענק פון גרויסן דיכטער וויליאַם שעקספּיר אין זיין געבורט־שטאָט



מען האָט אונז אויך צוגעפירט און געוויזן דעם קאַטעדזש, וואו עס האָט געוואוינט דאָס מיידל, אין וועלכן שעקספּיר האָט זיך פאַרליבט. און מיט דעם האָט זיך געענדיקט אונזער באַזוך אין שעקספּיר׳ס געבורט־פּלאַץ.

מיד פון אַ גאַנצן טאָג אַרומפאָרן, האָבן מיר זיך נאָך אַ דריי שעה׳דיקער רייזע אומגעקערט קיין לאָנדאָן.



# די אָפּיציעלע אויפנאַמע ביים ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין לאָנדאָן, אליהו אילת

אונזער דריטן און לעצטן טאָג אין לאָנדאָן האָבן מיר באַשלאָסן אויס־צונוצן צו זען לאָנדאָן. מיר האָבן געוואָלט כאַפּן אַ בליק אויף די באַרימ־טע סקווערס און פּאַרקס. די געגענטן אַרום באָקינגהעם פּאַלאַץ, און הויפּטזעכ־לעך האָבן מיר געוואָלט דורכפאָרן דעם ווהאַיטשעפּל און די אידישע קוואַרטאַלן אַרום. אָבער קודם כל האָבן מיר באַשלאָסן צו באַזוכן די ישראל־אַמבאַסאַדע אין לאָנדאָן און כאַפּן אַ שמועס מיטן אַמבאַסאַדאָר אליהו אילת.

ווי איך האָב פריער דערמאָנט, האָבן בלויז פיר פון אונזער גרויסער דעלעגאַציע געזען דעם ערשטן טאָג דעם אַמבאַסאַדאָר ביי אים אין הויז צו לאָנטש. איצט האָט ער געוואָלט זיך זען מיט דער גאַנצער דעלעגאַציע.

זיינען מיר צוגעפאָרן צו דער אַמבאַסאַדע, וואו ער האָט שוין אויף אונז געוואַרט און אונז באַגעגנט מיט אַ האַרציקן „שלום״.

ער האָט אונז באַגריסט אין קורצע ווערטער און געזאָגט, אַז עס פרייט אים זייער צו זען אַזוי פיל אידישע פרויען און מענער פון אַמעריקע פאָרן אויף אַ באַזוך קיין ישראל. דאָס אינטערעסירן זיך און די פריינטשאַפט פון אַזוי פיל אידישע אַמעריקאַנער בירגער אין מדינת ישראל, גיט צו חשיבות אין די אויגן פון דער גוי׳אישער וועלט דער אידישער מדינה, אַ חוץ דעם, וואָס די מדינה אַליין האָט אַן עקאָנאָמישן נוצן דערפון. ער האָט פאַרזיכערט דער דעלעגאַציע, אַז די ישראל־אַמבאַסאַדע דאָ, אין לאָנדאָן, טוט אַלץ מעג־לעכעס צו פאַרבעסערן די באַציאונגען צווישן דעם בריטישן פאָלק און דער אידישער מדינה, אין איינשטעלן פערמאַנענטע פריינטשאַפט.

דער אַמבאַסאַדאָר אילת איז ספּעציעל געווען זייער צופרידן צו באַגע־גענען אייניקע פון דער דעלעגאַציע, מיט וועלכע ער האָט זיך באַקענט אין אַמעריקע. ספּעציעל האָט ער אָנגעדייטעט אויף דער פריינטלעכער אויפנאַמע, וואָס ער האָט געקראָגן אין באָסטאָן, ווען ער איז אַהין געקומען אין די אינ־טערעסן פון „קאָמבאַינד־אַפּיל״, ווען ער איז געווען דער ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן. ספּעציעל האָט ער געבעטן איבערצוגעבן אַ גרוס מאָריס שאַפּיראָ און אים נאָכאַמאָל דאַנקען פאַר די אָנגענעמע שטונדן, וואָס ער

האָט פאַרבראַכט מיט אים, ווען ער האָט אים גענומען צו באַזוכן דעם קעמפּוס פון דעם בראַנדייס אוניווערסיטעט.

אויף דעם אַמבאַסאַדאָרס באַגריסונג האָט פון אונזער דעלעגאַציע גע־ענטפערט מ. י. סלאָנים פון סט. לואיס און איך אַלס טשערמאַן. איך האָב אָנגעדייטעט אויף דער זייער שווערער אויפגאַבע, וואָס אילת האָט איבער־גענומען דורך דעם פּלוצימדיקן טויט פון אַמבאַסאַדאָר עליאַש. עס האָט זיך ווירקלעך קיינעם ניט געגלויבט, אַז עס וועט מעגלעך זיין אין אַזאַ קורצער צייט צו פאַרהיילן דעם גרויסן ריס, וואָס עס איז געמאַכט געוואָרן צווישן די אידן אין ארץ־ישראל און דעם בריטישן פאָלק דורך דער ענדע־פּעריאָד פון מאַנדאַט. אָבער לויט דער אויפנאַמע אין פּאַרלאַמענט און די רייד פון די רעגירנדיקע פירער, איז צו באַמערקן, אַז עס איז געמאַכט געוואָרן אַ באַדייטנדיקער קאָנסטרוקטיווער פּראָגרעס, אַ דאַנק דער זייער פּעאיקער דיפּלאָמאַטיע פון חשוב׳ן אַמבאַסאַדאָר אילת. מיר האָבן אים געוואונטשן ווייטערדיקן דערפאָלג און זיך געזעגנט מיט אַ האַרציקן „שלום״.

נאָכדעם האָבן מיר זיך אַריינגעזעצט אין אַ גרויסן אויטאָבוס, ספּעציעל געדונגען פאַר אונז, און זיינען פאַרבייגעפאָרן גראָוועגאָר סקווער און די אַנדערע סקווערס און סוירקעלס, וועלכע זיינען צו פיל זיי אַלעמען צו דער־מאָנען. מיר האָבן באַמערקט אַ גרויסע סטאַטוע פאַר אונזער גרויסן פאַר־שטאָרבענעם פּרעזידענט פרענקלין ד. רוזוועלט און האָבן געזען דעם באַרימטן האַיד פּאַרק, וואָס האָט, לויט אונזער „גאַיד״, אַמאָל געהערט צו דער ענגלישער קרוין און איז אַוועקגעשענקט געוואָרן צו דער שטאָט לאָנדאָן און פאַר לאָנדאָנ׳ס איינוואוינער.

אונזער „גאַיד״, וואָס איז קענטיק אַ שטאַרקער פּאַטריאָט פון די קע־ניגלעכע טראַדיציעס און פּאָמפּע, האָט געוואָלט, אַז מיר זאָלן זען דעם באָקינגהעם־פּאַלאַץ כאָטש פון דרויסן, האָט ער אונז אַהין געפירט.

דער גאַנצער סקווער אַרום איז געווען אָנגעפּאַקט פון מענטשן, אַ סך פון זיי אויסלענדער, וועלכע זיינען געפאָרן צו דער לאָנדאָנער אויסשטע־לונג און פעסטיוואַלס, וואָס גייען איצט אָן אין לאָנדאָן.

אויסער די איינצלהייטן, וואו און ווער עס האָט געוואוינט און וואוינט איצט אין די פּאַלאַצן, וואָס אונזער „גאַיד״ האָט אונז איבערגעגעבן, האָט ער

געוואָלט, אַז מיר זאָלן זעען די „ראַיד אָוו די גאַרדס". דאָס דורכפאָרן פון די קעניגלעכע גאַרדס, די היטער פון דעם באָקינגהעם־פּאַלאַץ.

דאָס קומט פאָר יעדן טאָג, 12 אַזייגער, צו דער פרייד פון יעדן ענגלישן פּאַטריאָט. דאָס דערמאָנט אים, אַז „דהער איז סטיל עַן ענגלאַנד" מיט אַ קעניג און אַ קעניגלעכער פאַמיליע. פונקט 12 אַזייגער, ווען דער „ביג בען" האָט די שטונדע געקלונגען, האָט זיך פון דער ווייטנס באַמערקט אַן אָפּטיילונג פון רייטער, אויף שיינע פערד, און זייערע יוניפאָרמען האָבן געגלאַנצט אין דער שיינענדיקער זון, וואָס האָט גראָד יענעם טאָג העל געלויכטן איבער לאָנדאָן.

אומעטום, איבער דער לאַנגער ברייטער גאַס, וואו זיי זיינען געפאָרן, האָבן זיך מענטשן אָפּגעשטעלט זיי אָנצוקוקן. די גאַרדיסטן זיינען געווען אָנגעטאָן אין גרויסע פוטערנע שוואַרצע מיצן, צוגעטשעפּעט מיט פּאַסן צו זייערע גאָמבעס, אין העל־רויטע מונדירן מיט גאָלדענע קנעפּ, בלויע הויזן מיט גאָלדענע פּאַסן און לאַנגע שווערדן. זיי היטן דעם באָקינגהעם פּאַלאַץ און דער „טשענדזש אָוו די גאַרדס" איז באַוואוסט צו יעדן, וואָס האָט געהערט וועגן באָקינגהעם פּאַלאַץ.

נאָך דעם ספּעקטאַקל זיינען מיר געפאָרן דורך די לאָנדאָנער געשעפטס־גאַסן צו ווייטשעפּל. וואָס עס וואַרפט זיך אַממערסטן אין די אויגן איז די גרויסע צאָל הייזער און די גרויסע געביידעס, וואָס היטלער׳ס באָמבעס האָבן חרוב געמאַכט. וויפיל די לאָנדאָנער זאָלן ניט וועלן אָט די וואונדן באַהאַלטן, קענען זיי ניט פאַרדעקן אַפילו אַ שטיקל פון אָט דעם גרויסן חורבן, וואָס די נאַציס האָבן אויסגעטיילט דער בריטישער הויפּט־שטאָט. וואו מען גייט נאָר אַ וואָרף מיט אַן אויג זעט מען חורבות, די רעשטלעך פון גרויסע געביידעס און הייזער. עס איז אָבער נאָר אַ וואונדער ווי אַזוי די לאָנדאָנער האָבן געקענט אויסשטיין און אויסהאַלטן אַזוי פיל און זיך ניט אונטערגעבן. אין ווייטשעפּעל און אין די אַרומיקע קוואַרטאַלן זעט מען די חורבות אַממערסטן. ניט אומזיסט האָט איינער פון אונזער דעלעגאַציע געפרעגט אונזער „גאַיד", צי היטלערס „לופט־וואַפע" האָט זיך מערסטנס קאָנצענטרירט אויף דער געגנט, ווייל זיי האָבן געוואוסט, אַז דאָ האָבן גע־וואוינט אַזוי פיל אידן. דער „גאַיד" האָט, נאַטירלעך, אים ניט געקענט געבן קיין דעפיניטיוון ענטפער אויף אַזאַ פראַגע. דאָס וועט אפשר אַ צו־



בעת דער אויפנאַמע ביים ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין לאָנדאָן, אליהו אילת

קונפּטיקער היסטאָריקער קענען אויספאָרשן און פעסטשטעלן, צי דאָס זיינען געווען די מאָטיוון פון דער „לופט־וואַפע“.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ צעשטערטער שול, איינע פון די גרויסע לאָנדאָנער שולן אין דער געגנט. בלויז אַ טייל פון דער שול איז צייטווייליק רעסטאַווירט געוואָרן פאַר מתפּללים. צי וועט אַמאָל דער אַנ־דערער טייל אויפגעבויט ווערן, האָט קיינער ניט געוואוסט צו ענטפערן.

אין אַלגעמיין איז אידישקייט און אידיש קולטורעל לעבן אין לאָנדאָן שווער צו געפינען. עס איז אַ ספק צי אַזוינס עקזיסטירט איצט בכלל אין לאָנדאָן. קיין אידישע טעגלעכע אָדער וועכנטלעכע צייטונג אויף אידיש גייט ניט אַרויס אין לאָנדאָן, און ביי דער אויפנאַמע, וואָס איז אונזער דעלעגאַציע געגעבן געוואָרן פון די לאָנדאָנער פּועלי־ציון, איז קיין אידיש וואָרט ניט געהערט געוואָרן. עס דערמאָנט זיך דאָך, אַז ערשט גאָר ניט לאַנג האָט לאָנדאָן פאַרמאָגט אידן, וואָס האָבן גערעדט און געלייענט אידיש. לאָנדאָן האָט געהאַט אַן איינגעזעסענע אידישע באַפעלקערונג, וואָס האָט גערעדט און אויסגעלעבט זיך אידיש, אַ חוץ, וואָס לאָנדאָן איז געווען די סטאַנציע אויף דעם וועג קיין אַמעריקע, וואו אַזוי פיל רוסישע, רומענישע און פּוילישע אידן פלעגן זיך אָפּשטעלן, ווער אויף אַ לענגערער צייט און ווער אויף אַ קורצערער צייט. זייער שפּראַך איז געווען אידיש און זיי האָבן געהאָלפן זי אויפהאַלטן.

אין לאָנדאָן האָט אַפילו אַמאָל אַ גוי, אַ דייטש, אָנגעהויבן רעדן און שרייבן אידיש און האָט אַ לאַנגע צייט רעדאַקטירט אַ וועכנטלעכע צייטונג, וואָס האָט געהייסן „דער אַרבעטער פריינד“. און איצט — איצט איז ניטאָ קיין אידישע צייטונג אין לאָנדאָן. און ווען איך האָב געפרעגט ווי אַזוי מען רעדט ביי פאַרזאַמלונגען? האָט מען מיר געענטפערט: „אַז ביי אונז רעדט מען ענגליש ניט קיין אידיש“.

מיר האָבן פאַרענדיקט אונזער שפּאַציר שפּעט נאָכמיטאָג און זיך גע־איילט פאַרפּאַקן אונזער באַגאַזש צו זיין פאַרטיק אָפּצופאָרן קיין פּאַריז.

אַריבערפאָרן דעם קאַנאַל פון לאָנדאָן קיין פּאַריז נעמט געווייגלעך בלויז אַ שעה מיט אַ פערטל; אָבער אונז האָט גענומען אַ סך לענגער, ווייל מיר זיינען ניט געפלויגן, נאָר זיינען געקומען קיין פּאַריז מיט דער באַן.

די פלעצער אין די שלאָף־וואַגאָנען (סליפּערס) זיינען פריער רעזער־ווירט געוואָרן, אָבער אפילו אַזוי האָט מען פאַר 60 דעלעגאַטן קיין שלאָף־פלעצער ניט געקענט קריגן. 11, אַלע מענער, האָבן געמוזט אויפזיין אַ גאַנצע נאַכט. זיי זיינען ווירקלעך געווען מאַרטירער צוליב דעם, וואָס זיי האָבן ניט געוואָלט צעשפּליטערן די דעלעגאַציע, אַז אייניקע זאָלן קומען פריער און אייניקע שפּעטער. און פאַר דעם קומט זיי אַ האַרציקן דאַנק.



ביים אייפעל־טורעם אין פאַריז.

דאָנערשטיק פרי, דעם 27טן, זיינען מיר אָנגעקומען קיין פאַריז אויף דעם גאַר די נאָר סטעישאָן. מיר זיינען באַגעגנט געוואָרן פון ש. ראָזענבערג, וועלכער האָט אונז באַגריסט אין נאָמען פון „איחוד", פון „אונזער וואָרט" און פון אונזער באַוועגונג אין פראַנקרייך.

נאָך אַ קורצער הפסקה פון רעווידירן דעם פּאַס און באַגאַזש, האָבן מיר זיך אַריינגעזעצט אין אַ גרויסן אויטאָבאָס, וואָס האָט אונז אַוועקגעפירט צו דעם „פּאַליי ד'אָרסיי" האָטעל, וואָס איז געווען אונזער קוואַרטיר ביז מיר זיינען אָפּגעפאָרן קיין ישראל.

# אויפנאַמע ביים אמעריקאנעם אַמבאַסאַדאָר דייוויד ברוס אין פּאַריז — עונג שבת מיט די פאָרשטייער פון מדינת ישראל, איחוד און ציוניסטישער אַרבייטס־באַוועגונג

אויב ווער עס איז גלויבט, אַז עס איז מעגלעך אין פיר, אָדער פינף טעג, צו זען כאָטש אַ קליינעם טייל פון די היסטאָרישע און קונסט פּלעצער, מיט וועלכע די שטאָט פּאַריז איז אזוי רייך, זאָל יענער דאָס פּרובירן, וועט ער גיך אויסגעפינען, אַז דאָס איז לגמרי נישט מעגלעך.

עס איז אוממעגלעך פאַר אַ יחיד און אוודאי איז דאָס ניט מעגלעך געווען פאַר קיין עין־הרע, אַזאַ גרויסע דעלעגאַציע פון 60 מענטשן, ווי מיר זיינען געווען.

דעריבער האָבן מיר זיך געמוזט באַנוגענען מיט דעם, וואָס מיר האָבן גע־קענט אַריינכאַפּן אין די עטלעכע טעג, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אין פּאַריז.

דעם גאַנצן פרייטאג׳דיקן טאָג זיינען מיר געווען פאַרנומען: ערשטנס מיט אַ באַזוך ביי דעם אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר דייוויד ברוס, און צווייטנס, מיט אַ שפּאַציר אין דעם היסטאָרישן ווערסאַיל.

צו זיין אין פּאַריז און נישט צו פאָרן אָנקוקן ווערסאַיל, ספּעציעל אַזעלכע טוריסטן, וואָס זיינען אין פּאַריז דעם ערשטן מאָל, וואָלט פון טוריסטיק־שטאַנד־פּונקט געווען אַ פעלער, וואָס די דעלעגאַטן וואָלטן דאָס ניט פאַרגעבן.

זיינען מיר דאַריבער פרייטאג פרי, אַזוי שנעל ווי מיר האָבן עפּעס אי־בערגעביסן, אַרויסגעפאָרן. מיר האָבן באַזוכט עטלעכע אינטערעסאַנטע גאַסן און בולוואַרן פון פּאַריז, און צוגעגאַנגען צו דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע צו זאָגן „העלאָו״ צו דעם אַמבאַסאַדאָר דייוויד ברוס, וועלכער פאַרטרעט אונזער מדינה, די פאַראייניקטע שטאַטן אין פראַנקרייך.

די אַמבאַסאַדע געפינט זיך אין אַ זייער אימפּאָזאַנטער געביידע, פון מיטעלן הויף, און האָט דעם אויסזען מער פון אַ ביבליאָטעק אָדער מוזעאום. די פאָן פון שטערן און שטרייפן, וואָס פלאַטערט אויף דער געביידע און די אויפשריפט וואָס זעט זיך, ווען מען קומט צו נאָענטער, לאָזט ניט איבער קיין ספק, וואָס דאָס איז.

דער אַרויפגאַנג פון אַ צענדליק טרעפּ פירט אַריין אין אַ גרויסן און ברייטן קאָרידאָר, וואו אין צענטער געפינט זיך אַ דעסק. ביי דעם דעסק איז באַשעפטיקט אַ דאַמע, וועלכע גיט אייך אינפאָרמאַציע וואו צו גיין און וועמען איר דאַרפט זען.

ווען זי האָט אונז דערזען, האָט זי שוין, משמעות, געוואוסט ווער מיר זיינען, און וועמען אין דער אַמבאַסאַדע מיר ווילן זען. זי האָט אונז דירעקטירט אַרויפצוגיין די ברייטע מאַרמאָרנע טרעפּ, וואָס פירן צום אויפנאַמס צימער. דער אַמבאַסאַדאָר מר. ברוס האָט שוין אין צימער געוואַרט אונז צו באַגעגענען.

מיר אַלע, 60 מענער און פרויען, האָבן פאָרמירט אַ צירקל מיט דעם אַמבאַסאַדאָר אינעווייניק. חבר סלאָנים פון סט. לואיס, אַ מיטגליד פון דער דעלעגאַציע איז געווען אויסגעקליבן צו באַגריסן דעם אַמבאַסאַדאָר אין אונזער נאָמען.


אויפנאַמע ביים אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר דייוויד ברוס אין פּאַריז.

חבר סלאָנים האָט דעם אַמבאַסאַדאָר דערציילט, אַז מיר זיינען — אַ גרופּע אַמעריקאַנער בירגער, וואָס באַזוכן פּאַריז, אויף דעם וועג קיין ישראל, אַז מיר זיינען זייער צופרידן צו באַזוכן די אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע און באַגריסן אַן אַמעריקאַנער פאָרטרעטער צו דער פראַנצויזישער רעפּובליק.

אַמבאַסאַדאָר דייוויד ברוס האָט געענטפערט אויף דער באַגריסונג, האָט אויסגעדריקט זיין צופרידנהייט צו זען אַזויפיל אַמעריקאַנער בירגער אין איין גרופּע. האָט אונז געוואונטשן גליק אין אונזער רייזע און דורך אונז געשיקט אַ גרוס צו דער דעמאָקראַטישער מדינת ישראל.

נאָך דעם ווי די פאָטאָגראַפיסטן האָבן אויפגענומען בילדער פון אונזער גרופּע מיט דעם אַמבאַסאַדאָר, האָבן מיר זיך אומגעקערט צו אונזערע באַסעס און זיינען אָפּגעפאָרן עקספּרעס קיין ווערסאַיל.

קיין ווערסאַיל זיינען מיר אָנגעקומען מיטאָג־צייט. עס איז פאַרשטענדלעך, אַז מיר האָבן פריער באַדאַרפט עסן מיטאָג, איידער מיר האָבן זיך פאַרנומען צו זען די היסטאָרישע פּאַלאַצן, וואו עס האָבן געלעבט, רעגירט און אינטריגירט




אויפנאַמע ביים אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין פּאַריז, דייוויד ברוס

פראַנקרייכ׳ס רעגירער די בורבאָנ׳ס און די אַנדערע מושלים. אַזאַ שפּאַציר איבער די גרויסע און לוקסוס־געביידעס דאַרף געוויינלעך נעמען אַ פּאָר שעה צייט, האָבן מיר דעריבער באַשלאָסן פּריער עפּעס טועם זיין, איידער מיר האָבן זיך פאַרנומען דורכצושפּאַצירן די געביידעס.

אין אַ רעסטאָראַן דערביי, אין אַן אָפענעם פּלאַץ, וואָס איז ספּעציעל אָראַנ־זשירט צו סערווירן טוריסטן אום זומער, האָבן מיר זיך אַלע אויסגעזעצט ביי טישן עפּעס איבערצוכאַפּן.

אָבער צו סערווירן קיין עין־הרע אַזאַ גרויסן עולם, איז גאָר ניט פון די צו גרינגע זאַכן. ספּעציעל ווען עס איז ניטאָ גענוג קעלנער (ווייטערס) צו טאָן די אַרבעט. און אפילו אין רעסטאָראַנען, וואו עס איז דאָ גענוג באַדינער האָבן זיי איינגעפירט אַ סיסטעם פון אַרבעט, אַז עס נעמט אַ לאַנגע צייט ביז זיי דער־לאַנגען עפּעס צום עסן און ביז ווערן פאַרטיק.

קיין וואונדער איז דאָס אפילו נישט, ווען מען נעמט אין אָנבאַטראַכט, אַז אין פּאַריז און מן הסתם אויך אין אַנדערע שטעט אין אייראָפּע נעמט מען זיך צוויי שעה פאַר מיטאָג, זיצט מען אַזוי געמיטלעך און מען וואַרט.

מיר האָבן אָבער ניט געקענט פאַרלירן אַזוי פיל צייט, ווייל מיר האָבן געוואָלט האָבן מערער צייט צו באַטראַכטן די ווערסאַיל׳ער פּאַלאַצן א. א. וו.

אָבער העלפן האָבן מיר ניט געקענט. מיר האָבן געמוזט וואַרטן ביז די קעלנער האָבן אונז סערווירט. דאָס ערגסטע אָבער קומט ביים באַצאָלן: איין קאַסירער גייט ארום נעמען געלט, איז איידער ער צורעכענט און פאַרשרייבט אויף די צעטלען די איינצלהייטן מיט די פאַרשיידענע טעקסען און „סערוויס״. קען מען, בנאמנות, נאָך אַמאָל הונגעריק ווערן...

ענדלעך אָבער זענען מיר פאַרטיק געוואָרן מיט דעם עסן און מיר האָבן אָנגעהויבן אונזער שפּאַציר איבער די פּאַלאַצן, וואָס זיינען איצט פאַרוואַנדלט אין מוזעאומס פאַר מענטשן אָנצוקוקן.

ספּעציעלע „גאַידס״, וועלכע ווייסן די געשיכטע פון יעדן צימער באַזונ־דער, זיינען מיט אונז מיטגעגאַנגען און אונז דערציילט וועגן דער גלאַנץ־פּעריאָדע פון די קעניגן און פירשטן, וועלכע האָבן באַוואוינט די פּאַלאַצן, די באַדייטונג פון דער גרויסער צאָל מאַלערייען, פּאָרטרעטן פון מלכים, זייערע פרויען און מעטרעסעס; פאַרשיידענע גרויסע וואַנט־מאַלערייען, וואָס שטעלן פאָר וויכטיקע מיליטערישע געשעענישן, שלאַכטן, פּאַראַדן א. א. וו.

עס איז נאַטירלעך אוממעגלעך אין אַ קורצער צייט אַריינגנעמען אַזוי פיל איינדרוקן פון פאַרשידענע היסטאָרישע דאַטן. צו דעם דאַרף מען האָבן מער ווי די צייט, וואָס מיר האָבן דאָ געקענט פאַרבלייבן. האָבן מיר פאַרלאָזן די זאַלן פון ווערסאַיל׳ס פּאַלאַצן, וואָס שטייען דאָ אַלס זכר פון דער קעניגלעכער גלאַנץ פּעריאָדע פון פראַנקרייך.

אָבער איידער מיר האָבן זיך אַריינגעזעצט אין די באָסעס צוריקצופאָרן קיין פּאַריז צו אונזער האָטעל, האָבן מיר אַרומגעשפּאַצירט נעבן די פּראַכט־



Arc de Triumphe

נאַפּאָלעאָנ׳ס טריאומף־טויער אויפן באַרימטן פּלאַץ דע לאַ עטואל

פולע בלומען־גערטנער וואָס געפינען זיך דאָ נעבן די געביידעס. אַזעלכע גערטנער מיט אַזוי פיל קאָלירפולע בלומען פון אַלערליי סאָרטן און די צענ־ליקע פאָנטאַנען, וואָס געפינען זיך אַרום, איז דאַכט זיך ניטאָ אין ערגיץ. עס איז באמת געווען זיך שווער אָפּצורייסן פון דער וואונדערבאַרער פּאַנאָראַמע און עס האָט זיך ניט געגלוסט פון דעם צושיידן.

אָבער מיר האָבן באַדאַרפט זיך צו איילן צו קומען אין האָטעל און זיך גרייט מאַכן פאַר אַן אויפנאַמע פון פאַרטרעטער פון דער פאַריזער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג. — אַן עונג־שבת צוגעגרייט פון דער מדינת ישראל לופט־ליניע „על־על״.

*****

אין פלאָומענבוימס רעסטאָראַן האָבן מיר זיך פֿאַרזאַמלט שוין, נאָך ליכט־בענטשן. אין אַ באַזונדער גרויסן צימער, צוגעגרייט ספּעציעל פֿאַר אונז און פֿאַר די געסט, וועלכע זענען אונז געקומען באַגריסן, האָבן מיר זיך אַלע אויס־געזעצט ביי שבת׳דיקע געגרייטע טישן, מיט וויין, חלה, ווי עס פּאַסט פֿאַר שבת.

אַ מיטגליד פון אונזער דעלעגאַציע הרב ז. ה. וואַלדענבערג האָט געמאַכט קידוש, אונז געוואונטשן אַ גוט שבת און אונז דערלויבט צו עסן מיט גוטן אַפּעטיט.

דער אמת איז, אַז אַ גוטן אַפּעטיט האָט מען אונז גאָר נישט באַדאַרפט ווינטשן. זייענדיק אַוועק פון דערהיים אַ וואָך צייט איז אונז אויסגעקומען צו עסן אין פֿאַרשיידענע פּלעצער און פֿאַרשיידענע מאכלים וואָס איז אָפט ניט געווען צו אונזער געשמאַק. אָבער דאָ אין פּלאָומענבוימס האָט מען אונז סערווירט אמת׳ע אידישע פּאָטראַוועס. געקאָכט אויף אַ אידישן שטייגער ווי די מערסטע פון אונז זיינען געוואוינט פון דער היים. האָבן מיר געוויס זייער הנאה געהאַט פון די מאכלים. אָבער מער פון דעם עסן האָט אונז אימפּאָנירט דער אופן ווי אַזוי דער עונג שבת איז צוגעגרייט געוואָרן פון די פּאַריזער פֿאָרשטייער פון דער ישראל לופט־ליניע אל־על און די חשובע חברים פֿאָרשטייער פון דער אמבאַסאַדע און פֿאַרטרעטער פון דער פּאַריזער ציוי־ניסטישער אַרבעטער באַוועגונג, וועלכע זיינען אונז געקומען באַגריסן.

אָט וואָס ב. זילבערבערג האָט וועגן דעם געשריבן אין פּאַריזער „אונזער וואָרט״:

„אינטערעסאַנטער עונג־שבת פון דער אַמעריקאַנער פֿאָלקס־דעלעגאַציע אין פּאַריז.

אַמעריקאַנער אידן — האַרציקע אידן

„עס איז געווען אַ נחת רוח צו זיין אָנוועזנדיק אויף דעם פייערלעכן עונג־בשת פון דער דריטער פֿאָלקס־דעלעגאַציע פון דעם הסתדרות־קאַמפּיין, וואָס געפינט זיך אין פּאַריז אויף איר וועג קיין ישראל.

60 זיינען זיי געווען אויף דער מסיבה. מענטשן, וואָס קענען זיך כמעט ניט איינער דעם אַנדערן. שטאַמען פון קאַנאַדע, טעקסעס, קאַליפֿאָרניע און פון אַנדערע ווייטע שטאַטן. זיי האָבן אָבער אַלע געשאַפן איין גרויסע אידישע משפּחה. עס האָט זיי פֿאַרבונדן דער געמיינזאַמער אידעאַל, פֿאַר וועלכן זיי

ווידמען אַלע זייערע כוחות. דאָס איז ישראל — און דער עיקר — די אַר־בעטערשאַפט פון ישראל — די הסתדרות. און נאָך עפּעס האָט זיי פאַרבונ־ן צוזאַמען — אונזער פאָלקס־טראַדיציע, אונזערע שיינע אידישע מנהגים, דער אידישער ניגון און די אידישע שפּראַך. איז מען געזעסן אויף דער דאָזיקער האַרציק־אידישער מסיבה, אויפן עונג שבת, וואָס מען האָט לכבוד זיי איינגע־אָרדנט אין רעסטאָראַן פלאַומענבוים און זיך געפרייט מיט זייער־אונזער פרייד, וואָס מ׳האָט דערלעבט צו אַן אייגענער מדינה און וואָס אידן פון וויטסטע עקן וועלט שטראָמען אַריין, בכדי צו באַוואונדערן דעם גרויסן נס וואָס איז געשען מיטן אידישן פאָלק — דער נס פון ישראל.



ביים אַריינגאַנג צו דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע אין פּאַריז

## די אָפיציעלע געסט

פּאַריז האָט אָפּגעגעבן כבוד די געסט. צו זייער מסיבה זיינען געקומען די אָפיציעלע פאָרשטייער פון מדינת ישראל, דער ראַט־געבער נאַזשאַר און דער קאָנסול אברהם גלבוע מיט זיין פרוי. עס איז אויך געקומען דער פאָר־שטייער פון „איחוד עולמי״, שמואל ראָזענבערג, דער רעדאַקטאָר פון „אונזער וואָרט״ ד. ב. מאַלקין, מרדכי שטריגלער, דער דירעקטאָר פון „אל־על״ ד״ר מאסיס און אנדערע פאָרשטייער פון דער היגער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

דעם עונג־שבת עפנט דער סעקרעטאַר פון דער פאָלקס־דעלעגאַציע ה׳ יצחק פייגנבוים. ער עפנט די מסיבה מיט זינגען זמירות. אַלע אָנוועזנדיקע כאַפּן אונטער די טראַדיציאָנעלע ניגונים. דערנאָך האָט הרב וואַלדענבערג פון בראָנקס געמאַכט קידוש.

נאָך דער סעודה האָט זיך אָנגעהויבן דער אָפיציעלער טייל פון דער מסיבה. דער סעקרעטאַר פייגענבוים שטעלט פאָר די אַמעריקאַנער געסט.

דאָס זיינען די אָנגעזעענסטע און וויכטיקסטע ציוניסטישע און געזעלשאַפט־לעכע טוער פון אַמעריקע.

אַמעריקע איז ציוניסטיש

עס רעדט נאָך דער פּרעזידענט פון דער דעלעגאַציע ח׳ אַלעקסאַנדער שאַפּירא. ער דערמאָנט יענע צייטן, ווען מ׳האָט זיך נאָך מיט ביטול באַצויגן אין אַמעריקע צום ציוניזם און ציוניסטישער אַרבעט. היינט־צו־טאָג האָט דער ציוניזם אַרומגענומען אַלע שיכטן פון אידישן פאָלק גרויס און קליין, רייך און אָרעם. אויפן ערשטן אָרט שטייט אָבער די אידישע אַרבעטערשאַפט פון אַמעריקע, וואָס אַרבעט מיט לייב און לעבן פאַר זייערע ברידער — אַרבעטער פון ישראל, פאַר דער הסתדרות.

צו אַ באַגריסונג באַקומט דאָס וואָרט ה׳ נאַזשאַר דער ראַטגעבער פון דער ישראל אַמבאַסאַדע אין פּאַריז. ער באַוואונדערט דעם טיפן קאָנטאַקט און בונד, וואָס פאַראייניקט דאָס אַמעריקאַנער אידנטום מיט ישראל. הגם זיי אַלע רעפּרעזענטירן דאָ פיל שטאַטן פון אַמעריקע, רעפּרעזענטירן זיי אָבער פּאַק־טיש ישראל, ווייל אַלע אידן פון דער וועלט האָבן שוין דעם ענגן גייסטיקן יחוס מיט זייער היימלאַנד.

ה׳ נאַזשאַר דערציילט דערנאָך אין קורצע ווערטער וועגן די אומגעהויערע אויפגאַבן, וואָס שטייען פאַר דער מדינה צו רעאַליזירן. דער קאַמף פאַר פאַר־בעסערן דיווירטשאַפטלעכע לאַגע פון דער מדינה, אויסברייטערן די מיליטערישע כוחות, וואָס מוזן כסדר שטיין אויף דער וואַך און היטן די גרעניצן פון אונזער לאַנד און ערשט דער קיבוץ גלויות, אַ געשיכטלעכער פּראָצעס, וואָס האָט נישט זיינס גלייכן ביי אַנדערע פעלקער. דער רעדנער ענדיקט מיטן וואונטש, אַז קומענדיק קיין ישראל אין טאָג פון די וואַלן צו דער כנסת זאָלן זיי זיין עדות פון גרויסן זיג פון דער הסתדרות.

אידן פאָרן קיין ישראל

דער קאָנסול גלבוע רעדט אויף אידיש. עס איז זיין ערשטע רעדע אין פּאַריז, וואָס ער האַלט אין מאַמע לשון. ער טיילט זיך איצט מיט דער פריי־לעכער ידיעה, אַז דער איצטיקער חודש יולי איז פאַר אים דער שווערסטער. אַזויפיל וויזעס קיין ישראל, ווי דעם חודש האָט ער נאָך נישט אַרויסגעגעבן. ער איז גליקלעך וואָס ער קען היינט באַגריסן זיינע אַמעריקאַנער ברידער

און ווינטשט זיך און זיי, אַז אויך די קינדער זייערע זאָלן פאָרן קיין ישראל, נישט בלויז אַלס געסט, נאָר טאַקע זיך באַזעצן אין לאַנד. ישראל בויטיקט זיך אין דער אידישער יוגנט, און טאַקע אין דער אַמעריקאַנער יוגנט.

פאַרן איבערגעבן דאָס וואָרט דעם ד״ר מאסיס פון „אל־על״ דאַנקט דער פאָרזיצער שאַפּיראָ דער נאַציאָנאַלער פלי־געזעלשאַפט פאַר דער וואונדערבאַרער רייזע וואָס זיי האָבן געהאַט מיט אל־על פון ניו־יאָרק קיין לאָנדאָן און ער ווינטשט זיך נישט קיין בעסערע אויף זייער וויטערדיקן פלי קיין ישראל. ביי דער געלעגנהייט דערציילט ער אַז ער איז אין יאָר 1949 געווען אויפן פלי־פעלד אין לוד. ישראל האָט נאָך דעמאָלט ניט געהאַט קיין פּאַסאַזשיר־אַוויאָנען און איצט, אינגאַנצן צוויי יאָר שפּעטער, פליען אידן קיין ישראל מיט אַן אייגענער לופט־ליניע, וואָס באַזיצט די זעלבע אַוויאָנען, וואָס די גרויסע לופט־ליניעס פון דער וועלט.

ד״ר מאסיס זאָגט צו, אַז ער וועט זיך באַמיען, אַז די דעלעגאַציע זאָל האָבן אַ גוטע און אָנגענעמע רייזע מיטן אל־על. ער דאַנקט די אַמעריקאַנער אידן, וואָס פליען מיט דער ישראלדיקער ליניע און ווינטשט זיי פיל דערפאָלג און הצלחה אין זייער אַרבעט לטובת ישראל און דער הסתדרות.



ביים לאָנטשאָן אין ווערסאַל

ישראל האָט אונז מער געגעבן

רעד. ד. ב. מאַלקין האַלט אַן אימפּראָוויזירטע רעדע. ער פילט זיך גליקלעך צו געפינען זיך אין אזאַ היימיש־וואַרעמער, האַרציקער אידישער סביבה, ווי די איצטיקע. הלוואי וואָלטן פּאַריזער אידן געהאַט אַזאַ סביבה, ווי עס האָבן זי געשאַפן די אַמעריקאַנער ברידער דאָ אויפן עונג שבת. זיי געדענקען נאָך די אַלטע היים און קומען איצט צו דער נייער היים פון אידישן פאָלק. און אויב מען זאָגט, אַז דאָס אַמעריקאַנער אידנטום האָט פיל געגעבן פאַר ישראל דאַרף מען זיך פאַרטראַכטן, וואָס גיבן אונז איצט



דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין פּאַריז, דייוויד ברוס, באַגריסט די מיטגלידער פון דער דריטער הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציע.

ישראל. עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז קיינער האָט נישט מער געגעבן, ווי טאַקע ישראל אונז. דעם כבוד, דעם אָנזען וואָס אידן האָבן איצט אויף דער וועלט וואָלטן זיי נישט געהאַט אָן ישראל. ווען דער ענגלישער אויסערן־מיניסטער מאָריסאָן האָט צו זיי געזאָגט אַזעלכע וויכטיקע ווערטער פון פּאָ־ליטישער באַדייטונג, האָט ער עס געטאָן דערפאַר, וואָס ישראל איז געוואָרן אַזאַ באַדייטנדיקער פאַקטאָר אויפן נאָענטן מזרח, מיט וועלכן ענגלאַנד און די גאַנצע וועלט מוז זיך שטאַרק רעכענען. מיר לעבן אין אַ וואונדערבאַרער צייט. ווען מען האָט געקענט זיך חלומען נאָך מיט 4 יאָר צוריק, אַז מיר

וועלן האָבן די זכיה און גליק צו האָבן צווישן זיך אַ שאַרזש ד׳אַפער און אַ קאָנסול פון ישראל. ער ווינטשט זיך, אַז די דעלעגאַטן זאָלן, זייענדיק אין ישראל, זיך צוקוקן צום לעבן פון פשוטן איד, איינזאַפּן אין זיך דאָס ישראלדיקע לעבן און באַהויכט ווערן מיטן גייסט פון ישראל. די רעדע פון ח׳ מאַלקין האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף די געסט.

באָסטאָן גיט מער ווי גאַנץ פראַנקרייך

חבר סטעלמאַן פון באָסטאָן איז אויפגעציטערט געוואָרן, ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז דער ישוב פון פראַנקרייך גיט ווייניק פאַר ישראל. און אַז דאָ איז נישט פאַראַן קיין גענוגנדיקע הסתדרות־באַוועגונג. בלויז די אידן פון באָסטאָן און אומגעגענט האָבן געגעבן מער ווי גאַנץ פראַנקרייך. די באָסטאָנער אידן דערציִען זייערע קינדער אין אידישן גייסט און זיי וועלן ווייטער ממשיך זיין די טראַדיציִעס פון אידישן פאָלק.

עס באַגריסט ח׳ מאַקס אַפּעל פון קליוולאַנד. ער פאָרט שוין צום צווייטן מאָל קיין ישראל מיט דער פאָלקס־דעלעגאַציע און איז גליקלעך ווידער צו זען ישראל.

ח׳ יצחק קאַגאַן פון ברוקלין, מאַס. האָט ניט קיין ווערטער פון אויסדריקן די געפילן, אין מאָמענט ווען ער איז אַריין אין אַוויאָן אל־על. ער האָט זיך שוין דערפילט, ווי ער וואָלט געווען אין זיין לאַנד. ער ווייסט, אַז ווען ער וועט צוריקקומען קיין אַמעריקע וועט ער מיט נאָך מער באַגייסטערונג אַרבעטן פאַר ישראל און דער הסתדרות.

חברה רבקה סיגאַל פון מאַסאַטשוסעטס, דערציילט וועגן לעבן און שאַפן פון די פּיאָנערן־פרויען אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע. ווי גליקלעך זי איז, וואָס זי וועט איצט קענען זיך צוקוקן און באַוואונדערן די אַרבעט פון די־מועצת הפועלות אין ישראל.

אַ וויכטיקע רעדע האָלט ח׳ לעדערמאַן, עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פון „ראַט פון אַמעריקאַנער טרייד־יוניאָנס“ פאַר דער הסתדרות. ער דערציילט, אַז דער פּרעזידענט פון אָ. פּ. ל. וואָס רעפּרעזענטירט אַכט מיליאָן אָרגאַניזירטע אַרבעטער, וויליאַם גרין, האָט אים געבעטן פּאַרזענלעך איבערצוגעבן די האַר־ציקסטע גרוסן און סאָלידאַרישע געפילן פאַר דער הסתדרות אין ישראל און דער רעגירונג. מיט אים צוזאַמען פאָרן אַלס רעפּרעזענטאַנטן אַזעלכע וויכטיקע אַרבעטער־טוער ווי לואי היימאַן, יוסף ברעסלאַו, מייק קופּערמאַן. נישט נאָר

וואָס אידן אַרבעטען לטובת ישראל, פיל זייער פיל נישט־אידישע אַרבעטער־יוניאָנס באַשטייערן זיך פאַר דעם הסתדרות־קאַמפּיין און האָבן אונז באַאויפּ־טראַגט צו באַגריסן די מפא״י אין איר אויפבוי־ווערק פון ישראל.

עס באַגריסט נאָך פּראָפעסאָר סלאָנים פון סענט לואיס. ער זאָגט עטלעכע האַרציקע ווערטער, ווי גליקלעך ער איז, וואָס ער פאָרט קיין ישראל צו באַוואונדערן דאָס ווערק פון זיינע ברידער.

דאָסגלייכן דריקט זיך אויס אין ענטוזיאַסטישע ווערטער דער מאַיאָר פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי מאַקסוועל קאָהען. מיר מוזן אַרבעטן פאַר דער הסתדרות, האָט ער געזאָגט, און העלפן ישראל אין איר היסטאָרישן ווערק.

דער באַקאַנטער אַרטיסט סווערדלאָוו פון מאָריס שוואַרץ־טעאַטער האָט דערנאָך מהנה געווען דעם עולם מיט רעציטאַציעס פון „די גאָלדענע קייט״ פון י. ל. פּרץ. זיין רעציטאַציע האָט געמאַכט אויף אַלעמען אַן אומגעהויערן איינדרוק. דערנאָך האָט ער אויפגעפירט אַ זאַך פון שלום עליכמ׳ן, וואָס האָט אַרויסגערופן ביי אַלעמען אַ שטורם פון געלעכטער.

אין אַ געהויבענער שטימונג האָבן אַלע מיטגעזונגען צום סוף די „התקוה״.

און אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער אינטערעסאַנטער צוזאַמענקונפט פון דער הסתדרות דעלעגאַציע און פאַריזער חברים ביי אַן עונג שבת אין דער אָנוועזנהייט פון מדינת ישראל פאַרטרעטער — אַן אָוונט וואָס וועט לאַנג, לאַנג בלייבן אין זכרון פון יעדן מיטגליד פון דער דעלעגאַציע.



# אַ באַזוך אין דעם אידישן טייל פון פּאַריז

פון די פיר טעג, וואָס מיר האָבן געדאַרפט פאַרוויילן אין פּאַריז, איז אונז בלויז איבערגעבליבן צוויי — שבת און זונטאָג. זונטאָג אין אָוונט האָבן מיר באַדאַרפט אָפּפליען קיין ישראל. איך זאָג באַדאַרפט. יאָ, אַזוי איז געווען פּלאַנירט, אָבער אָפּגעפלויגן זיינען מיר ערשט מאָנטאָג, אַזוי אַז מיר זיינען געקומען קיין ישראל ניט אין דעם טאָג פון די וואַלן צו דער כנסת, ווי עס איז געווען געפּלאַנט.

שבת זיינען די דעלעגאַטן געווען פרייע, דאָס הייסט, זיי האָבן געקענט גיין וואו זיי האָבן געוואָלט, ווייל קיין שפּאַציר און קיין אויפנאַמעס איז אויף דעם טאָג ניט געפּלאַנט געוואָרן. איז טאַקע יעדער איינער געגאַנגען זען וואָס זיין האַרץ האָט געגלוסט. אייניקע זיינען געגאַנגען אין די קראָמען צו זען, וואָס מען קען קויפן אין פּאַריז פאַר מתנות אַהיים צו ברענגען. אַנדערע זיינען געגאַנגען זען אידישע אינסטיטוציעס און אייניקע זיינען געפאָרן באַזוכן דעם באַרימטן אָפענעם מאַרק, וואָס מען רופט דאָ דער „פליי מאַרק״. איך קען ניט קאַווירן, אַז דאָס איז טאַקע דער אמת׳ער נאָמען פון דעם ריזיקן מאַרק, וואו הונדערטער, אפשר טויזנטער „בודקעס״ און טישלעך מיט סחורות און פאַרשידענע אַנטיקן זיינען אויסגעשטעלט צו פאַרקויפן. איר קענט אויף דעם מאַרק קריגן פון פויגל־מילך ביז אַלטע, אָפּגעניצעוועטע הויזן, אָפּגעטראָגענע קאָפּעליושן, זילבערוואַרג פון לואי דעם זעכצנטנס צייטן א. א. וו.

אייניקע פון אונזערע מיטגלידער האָבן טאַקע דאָרט געקויפט מתנות און סואוועניִרס און בשעת מעשה געהאַט אַ געלעגנהייט צו באַטראַכטן אָט דעם מאַרק, וואָס איז, דאַכט זיך, דער איינציקער, וואָס מען קען געפינען אין דער וועלט. נאַטירלעך, איז צווישן די סוחרים און הענדלער דאָ אַ סך פון אחינו בני ישראל. ווען מען צערעדט זיך מיט זיי, קען מען זיך אָנהערן מיט געוגע טראַגעדיעס, וואָס די מענטשן האָבן איבערגעלעבט, איידער זיי זיינען מגולגל געוואָרן אַהער.

מיר איז אין דעם טאָג אויסגעקומען צו זיין אין דעם באַרימטן דעפּאַרט־מענט־סטאָר „גאַלערי לאַפאַיעט״, ווייל מיין פרוי האָט דאָרט עפּעס געדאַרפט קויפן. איך בין געווען איבעראַשט צו זען די גרויסע סטאָר, געפּאַקט מיט



בעת דעם באַזוך פון דער דריטער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע אין ווערסאיל, פראַנקרייך

מענטשן און אַלע „קאונטערס" באַלאַגערט פון קויפערס. די פרוי, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אונז האָט גערעדט ענגליש און האָט אַ פּאָר מאָל באַמערקט, אַז זיי זיינען היינט זייער פאַרנומען אין קראָם, ווייל זיי נעמען „סטאָק", דאָס הייסט, מען מאַכט באַלאַנס. אָבער ווי איך האָב פאַרשטאַנען איז דער באַלאַנס מאַכן דערפאַר, ווייל זיי דאַרפן העכערן די פּרייזן. יעדע פּאָר טעג, ווען דער פראַנק פאַלט, העכערן, נאַטירלעך, די קרעמער די פּרייזן.

די אינפלאַציע איז שרעקלעך. עס האָט שוין געהאַלטן ביי 360 און 370 פראַנק פאַר דעם דאָלאַר און האַלט נאָך אין איין שטייגן. אין פראַנקרייך טראָגט מען אַרום דאָס געלט ניט אין געוויינלעכע געלט־טאַשן, נאָר אין אַזעלכע טאַשן, וואָס מען האַלט פּאַפּירן. מינץ־געלט — קופּערנע אָדער אַנדערע מעטאַלענע מטבעות, זעט מען כמעט אינגאַנצן ניט. דאָס געלט איז אין פּאַפּיר, זייער ביליקער פּאַפּיר, וואָס צירקולירן אין צען, צוואַנציק, פופציק, הונדערט און טויזנט פראַנק־פּאַפּירלעך (בילס). ווען מען עסט אָפּ אַ מאָלצייט אָדער מען קויפט עפּעס, דאַרף מען דערפאַר באַצאָלן מיט אַ פּאַק פּאַפּירן.

די אינפלאַציע און דעם עקאָנאָמישן מצב קען מען דערקענען אויף די מענטשן, ווי זיי זיינען געקליידעט און לויט דעם אויסזען פון די קראָמען. צו וואָס אַזאַ צושטאַנד קען פירן ווייסט מסתמא קיינער ניט...

אייניקע פון אונז האָבן שטאַרק געוואָלט זען אַביסל פון דעם אידישן לעבן אין פּאַריז, באַזוכן אייניקע אינסטיטוציעס, אָבער דאָס איז פיזיש געווען אוממעגלעך צו טאָן אין דער קורצער צייט פון פיר טעג. אַ שטיקל באַגריף האָבן מיר געקראָגן פון דעם וואָס אַ פּאָר האָבן באַזוכט די וואָלאַדעק קינדערהיים, וואָס ווערט געשטיצט פון דעם אַרבעטער־קאָמיטעט. מיר ווייסן, אַז עס עקזיסטירט אַן אַרבעטער־רינג, וואָס פאַרמאָגט אַרום 2,000 מיטגלידער, אַ פּועלי ציון באַוועגונג, ליטעראַרישע פאַראיינען און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, און אַז עס גייט אַרויס אין פּאַריז דריי טעגלעכע אידישע צייטונגען. לויט ווי דער רעדאַקטאָר פון „אונזער וואָרט" דוב בער מאַלקין, האָט איבערגעגעבן, האָט „אונזער וואָרט", וואָס איז דער אָרגאַן פון אַרבעטער־ציוניזם, אַרום 8,000 לייענער; „אונזער שטימע", אַ בונדיסטישע צייטונג — אַרום 5,000 לייענער.

אַ חוץ די אויבנדערמאָנטע טעגלעכע צייטונגען, דערשיינען דאָרט עטלעכע וואָכנבלעטער: „די אַרבעטער וועלט", „אונזער וועג", „אונזער

וועלט" און דער זשורנאַל „קיום". ווען מען רעכנט צוזאַמען וויפֿיל לייענער אַלע צוזאַמען האָבן, איז דאָס גאָר ניט אַזאַ גרויסע צאָל. עס פֿרעגט זיך, צי וואָס דאַרף מען האָבן אַזוי פֿיל באַזונדערע אויסגאַבן. אויף דעם איז שווער צו ענטפֿערן. עס איז די כאַראַקטעריסטישע צעברעקלטקייט פֿון יעדן אידישן ישוב און פּאַריז איז מסתמא ניט קיין אויסנאַם.

שבת אָוונט האָבן אונזערע דעלעגאַטן געהאַט אַ געלעגנהייט צו כאַפּן אַ בליק אויפֿן וואָדעוויל־טעאַטער, ווי עס ווערט איפּגעפֿירט און געשפּילט אין פּאַריז. די גאַנצע דעלעגאַציע איז גענומען געוואָרן צו דער „קאַסינאָ דע פּאַרי", צו זען אַ פּאָרשטעלונג, און לויט די מיינונגען פֿון די מערסטע פֿון אונזער גרופּע, זיינען זיי ניט געווען געוואַלדיק באַגייסטערט פֿון דעם, וואָס זיי האָבן געזען. אמת, אַז זיי ווייזן אַ סך ספּעקטאַקולערע בינע־ און ליכט־עפֿעקטן און אַ פּאָר פּיקאַנטע סצענעס, וואָס וואָלטן אין אַמעריקע קיינמאָל ניט דערלויבט געוואָרן. אָבער אין אַלגעמיין איז געווען די מיינונג, אַז אין ראַדיאָ סיטי מיוזיק האָל, למשל, קען מען זען שענערע און ריינערע פּאָר־שטעלונגען ווי אין דער „קאַסינאָ דע פּאַרי".

זונטאָג, אונזער לעצטער טאָג אין פּאַריז, האָבן מיר געהאַט אַ זייער אינטערעסאַנטן שפּאַציר. מיר האָבן געהאַט אַלס „גאַיד" איינעם, וואָס קען גוט דאָס היסטאָרישע און דאָס איצטיקע פּאַריז. ער האָט וועגן דער שטאָט פּאַריז אָנגעשריבן צוויי ביכער. זיין נאָמען איז י. קאָרנהענדלער. ער האָט דירעקטירט דעם שאָופֿער פֿון גרויסן באָס צו די פּלעצער, וואָס זיינען אַממערסטנס אינטערעסאַנט פֿאַר אַזאַ גרופּע אידישע טוריסטן ווי מיר זיינען.

אַזוי האָט ער אונז אָנגעוויזן אויף דעם יוסטיץ־פּאַלאַץ, וואו שוואַרצבאַרד איז גע'משפּט געוואָרן פֿאַר דער'הרג'ענען פּעטליורע'ן. דאָס הויז, וואו סאַראַ בערנאַרד איז געבוירן געוואָרן, אַ הויז, וואו נאָך אַ וויכוח צווישן אידישע רבנים און גלחים, זיינען, נאַטירלעך, די רבנים באַזיגט געוואָרן און דאָס גאַנצע אידישע פֿאַרמעגן איז קאָנפֿיסקירט געוואָרן. דאָס האָט פּאַסירט אין יאָר 1280. ער האָט אונז אָנגעוויזן אויף דעם הויז, וואו עס האָט געלעבט די גרויסע אַרטיסטין ראַשעל, דעם בית עולם, וואו עס זיינען באַגראָבן אַלע גרויסע און באַרימטע מענער און פֿרויען פֿון פֿראַנקרייך, און צענדליקער אַנדערע היסטאָרישע און טרויעריק־באַרימטע פּלעצער אין פּאַריז.

אָבער דאָס טראַגישסטע פאַר אונז איז געווען צו זען די פלעצער פונוואַנען די נאַצישע אָקופּאַנטן פון פאַריז האָבן צונויפגעזאַמלט און דעפּאָרטירט טויזנטער אידן צו די גאַז־קאַמערן. דעם 14טן מאַי, 1941 — האָט אונז קאָרעג־הענדלער דערציילט — האָט מען פון קאַזאַרמע אַוועקגעשיקט 5,000 אידן אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן און פון דאָרט — צו די גאַז־קאַמערן.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט נעבן דער הויז, וואָס געפינט זיך אויף דער „רי אַמלאָ". דאָרט איז אָרגאַניזירט געוואָרן די ערשטע ווידערשטאַנד־באַוועגונג קעגן די נאַצים. פון נומער 36 „רי אַמלאָ" איז אַרויסגעגאַנגען די ערשטע הילף צו היטלער׳ס קרבנות. פונדאַנען זיינען פאַרוואַלטעט געוואָרן די פאָלקס־קיכן און דאָ איז ממש געווען אַ פאַבריק פון פאַלשע דאָקומענטן צו ראַטעווען וועמען עס איז נאָר געווען מעגלעך.

איניקע פון אונז האָבן געקראָגן אַ קליין ביכעלע, געשריבן פון י. יאַ־קובאָוויטש, וואָס הייסט „רי אַמלאָ". אין דעם ביכעלע ווערט דערציילט די העלדישקייט פון די, וואָס האָבן מקריב געווען זייערע לעבנס צו ראַטעווען אַזוי פיל וויפיל עס איז נאָר מעגלעך געווען.

אַן אויפשריפט אויף די ערשטע בלעטלעך גיט אַ באַגריף וועגן דעם אינהאַלט פון ביכל. עס לייענט זיך: „אַ מצבה פאַר די טייערע חברים און חברות, וואָס האָבן מיט באַשיידענער העלדישקייט געווירקט, געקעמפט און געשטאָרבן פאַרן קיום פון זייער פאָלק". און ווער עס לייענט זיך אַריין אין דעם, וואָס ווערט דערציילט אין דעם ביכעלע, פון דער טעטיקייט און דאָס מקריב זיין זיך פון די, וואָס האָבן געאַרבעט אין דעם הויז, וואָס מען האָט אונז געוויזן אין 36 רי אַמלאָ, פילט אַז ניט נאָר אַזאַ ביכעלע דאַרף פאַראייביקן אָט דעם פלאַץ, נאָר גאָר אַ גרויסער מאָנומענט דאַרף אויפגעשטעלט ווערן פאַר לאַנגע דורות צו געדענקען די קדושים פון 36 די אַמלאָ.

מיר האָבן ווייטער שפּאַצירט און אַרומגעפאָרן, וואו אונזער „גאַיד" האָט אָנגעוויזן אויף דעם קאַפע־הויז, וואו היינריך היינע, דער גרויסער פּאָעט, פלעגט קומען לייענען צייטונגען; דאָס הויז, וואו ד"ר הערצל האָט געוואוינט און וואו ער האָט געשריבן זיין בוך „אַלט־ניי לאַנד" און דעם אידישן צענטער, וואָס הייסט „בעלוויל". מאַסן מענער און פרויען, משמעות

אידן, זיינען געווען אינדרויסן. קראָמען זיינען געווען אָפן און מען האָט געהאַנדלט, ניט קוקנדיק, וואָס עס איז געווען זונטאָג. אונזער „גאַיד" האָט אונז דערקלערט, אַז אַ סך קראָמען זיינען פאַרמאַכט שבת און טוען זייערע געשעפטן זונטאָג.

און אַזוי האָבן מיר פאַרענדיקט אונזער שפּאַציר און זיינען געקומען צוריק אין האָטעל זיך צו מאַכן פאַרטיק פאַר דעם עראָפּלאַן קיין ישראל.



ביים אָפּפאָרן פון לוד צוריק קיין אַמעריקע. אויפן בילד זעען מיר צווישן אַנדערע: גרשון לעווענזאָן, יוסף באַראַץ, ע. ברושי, אורי מיכאלי — פאָרשטייער פון קאָמוניקאַציע־מיני־סטעריום, מיט דעם דירעקטאָר פון לודער לופט־פּאָרט א. צור.

# דער קבלת־פּנים אין לוד

ווי איר ווייסט שוין פון מיינע פריערדיקע נאָטיצן, האָבן מיר באַדאַרפן אָפּפליען פון פּאַריז קיין לוד, זונטאָג ביינאַכט, דעם 29טן יולי. אונזער סעקרעטאַר פון דער דעלעגאַציע, ח׳ יצחק פייגענבוים, האָט פּלאַנירט, אַז מיר זאָלן אָנקומען אין ישראל אין דעם טאָג פון די וואַלן. עס וואָלט באמת פאַר אַלעמען פון דער דעלעגאַציע געווען אינטערעסאַנט צו זען, ווי אַזוי די בירגער פון דער יונגער אידישער דעמאָקראַטישער מדינה פירן דורך זייער בירגערלעכע פליכט אין דערוויילן אַ פּאַרלאַמענט, וואָס פאַרמירט דעם מיניסטאָרן־קאַבינעט און שאַפן די געזעצן פון לאַנד.

אָבער צו אונזער באַדויערן איז דער פּלאַן צעשטערט געוואָרן דורך דעם, וואָס עס האָט עפּעס פּאַסירט מיט דעם קאָנסטעלעישאָן עראָפּלאַן, וואָס האָט לויט דעם אָפּמאַך באַדאַרפט קומען קיין פּאַריז אונז נעמען קיין לוד.

שוין שבת, מיט אַ טאָג פריער, האָט די „אל־על״, די נאַציאָנאַלע ישראל לופט־געזעלשאַפט מודיע געווען אונזער סעקרעטאַר פייגענבוים, אַז די קאָנסטעלעישאָן וועט פאַרשפּעטיקן, און אונז פאַרגעלייגט, אַז מיר זאָלן דעם פלי מאַכן אין אַ קלענערן עראָפּלאַן, אין אַ „סקאַי־מאַסטער״, וואָס מען קען אין אַ פּאָ רשעה צייט אים ברענגען פון לאָנדאָן קיין פּאַריז.

די זאַך איז באַלד פאָרגעלייגט געוואָרן פאַר די מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע און אין דער באַראַטונג האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ מאַיאָריטעט פון די מיטגלידער זיינען ניט צופרידן צו פליען מיט דעם קליינעם עראָ־פּלאַן צוליב די פאָלגנדע אורזאַכן: ערשטנס, ווייל עס נעמט לענגער; צוויי־טנס, ווייל דער עראָפּלאַן איז ניט „פּרעזשוראַיזט״, אַ מיטל פאַר מענטשן מיט שוואַכערע הערצער און הויכן בלוט־דרוק און ועל כולם: עס איז דאָרט נאָר דאָ פּלאַץ פאַר 54 פּערזאָן, וואָס דאָס מיינט, אַז זעקס פון אונזער דעלע־גאַציע וועלן פאַרבלייבן אין פּאַריז און וואַרטן ביז עס וועט פאַר זיי זיין פּלאַץ אויף אַן אַנדער עראָפּלאַן.

עס איז דערפאַר באַשלאָסן געוואָרן צו וואַרטן ביז דער קאָנסטעלעישאָן וועט פאַרריכט ווערן און קומען נעמען אַלע פון דער דעלעגאַציע. מיר זיינען



ישראל מערעמינסקי־מרום, הויפּט־דירעקטאָר פֿון די הסתדרות פֿאַך־שולן

געווען אונטער דעם איינדרוק, אַז אויב מיר וועלן צוואוואַרטן אַ האַלבן טאָג אָדער אפילו, אין ערגסטן פֿאַל, 24 שעה, וועלן מיר אַלע קענען פֿאָרן מיט דעם קאָנסטעלעישאָן און פֿאַרמיידן די אומבאַקוועמ־לעכקייט פֿון פֿליען אין אַ קלענערן עראָפּלאַן, און דאָס וויכטיקסטע, איז, וואָס מיר וועלן ניט דאַרפֿן איבער־לאָזן קיינעם. עס האָט זיך טאַקע קיינעם ניט געגלוסט זיך אָפּצורייסן פֿון דער גרוי־סער דעלעגאַציע, מיט וועל־כע מענטשן האָבן זיך איינ־געלעבט איבער אַ וואָך צייט. אַלע האָבן געוואָלט אָנקומען קיין ישראל צוזאַמען, באַגעגנט ווערן אויף דעם לופֿט־פֿעלד א. אַ. וו.

אָבער אָפּוואַרטנדיק אַ האַלבן טאָג האָט מען אונז געלאָזט וויסן פֿון „אל־על", אַז עס איז גאָרניט אַזוי זיכער, אַז דער קאָנסטעלעישאָן וועט פֿאַרטיק ווערן אין 24 שעה. דאָס וואָלט מיינען אַן אומבאַשטימטקייט, וואָס האָט געקענט אַרויסוואַרפֿן דעם גאַנצן סקעדזשועל — די פֿריער צוגע־גרייטע און אויסגעאַרבעטע רוטינע פֿאַר דער דעלעגאַציע. עס וואָלט געמיינט, אַז די האָטעלן, וואו עס זיינען באַשטעלט געוואָרן צימערן און עסן, פֿאַר קיין עין־הרע אַזאַ מענגע פֿון 60 פּערזאָן אין תל־אביב און ירושלים, טבריה און חיפה און אין אַנדערע פּלעצער, וועלן פֿאַרלירן, ווייל די צימערן וועלן שטיין ליידיק און וועלן ניט קענען אויספֿילן די באַשטעלונגען אָדער רעזער־וואַציעס, וואָס זיי האָבן פֿאַר שפּעטער.

מיר האָבן אויך אין זינען געהאַט אַז אין די טעג האָבן זיך באַדאַרפֿט צו־זאַמענפֿאָרן הונדערטער דעלעגאַטן צום ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס האָט זיך באַדאַרפֿט עפֿענען דעם 14טן אויגוסט. אויך אַנדערע קאָנפֿערענצן און

אַן אינדוסטריע־קאָנפערענץ פון די דעלעגאַציעס, וואָס האָבן געדאַרפט קומען קיין ישראל.

די לאַגע צווישן אונזערע מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע איז געווען אַן אָנגעצויגענע. עס איז שווער געווען צו באַשטימען, ספּעציעל די פּראָבלעם, ווער עס זאָל בלייבן.

אונזער סעקרעטאַר, יצחק פייגענבוים, איז געווען אין אַ זייער שווערער לאַגע. ער האָט ניט געקענט באַפעלן, אַז דער און דער זאָל בלייבן, און ניט געוואָלט דיסקרימינירן קעגן קיינעם.

האָט מען אָנגעבאָטן, אַז מען זאָל פרייוויליק וואָלונטירן. די, וואָס בלייבן אַ טאָג אָדער צוויי אין פּאַריז ביז עס וועט פּאַר זיי זיין פּלאַץ אויף אַן „אל־על"־עראָפּלאַן. נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת האָבן 5 מענער און איין פרוי וואָלונטירט צו בלייבן, אַז די 54 זאָלן קענען אָפּפליען. דאָס איז ווירקלעך געווען אַ קרבן פון זייער זייט, ווייל עס האָט טאַקע גענומען עקסטראַ צוויי טעג איידער זיי זיינען געקומען און זיי האָבן אָנגעוואוירן די אויפנאַמע אין ועד הפועל, און אַן אָוונט אין דער אָפּערע. מיר פון אונזער זייט זיינען זיי געווען שטאַרק דאַנקבאַר און פון דאַן אָן און דורך דער צייט פון אונזער פאַרווילן אין ישראל, זיינען זיי אַלע מאָל באַצייכנט געוואָרן אַלס די באַ־רימטע זעקס, וואָס האָבן פרייוויליק אָפּגעגעבן זייער באַקוועמלעכקייט, אַז די דעלעגאַציע זאָל קענען אויספּילן און אָנגיין מיט דעם אויסגעאַרבעטן פּראָגראַם.

די זעקס זיינען: בערנאַרד דזשייקאָבסאָן פון שיקאַגאָ, היימאַן קאַוויץ — מאָנראָי, מישיגען; אורוונג ספּיוואַק — אַטלאַנטיק סיטי; מיס לאָראַ וואָלף — ניו יאָרק; מעקס אַפּעל — קליוולאַנד און י. סווערדלאָוו — מאָנטרעאַל, קאַנאַדע.

דער באַשלוס איז געמאַכט געוואָרן שפּעט זונטאָג ביינאַכט. עס איז שוין געווען צוויי אַזייגער פאַרטאָג, ווען מיר האָבן טעלעפאָנירט צו דער „אל־על", אַז זיי זאָלן צוגרייטן דעם „סקאַי־מאַסטער" אויף אָפּצופליען מאָנטאָג פרי.

אָפּגעפלויגן זיינען מיר אָבער ערשט אַרום 11 אַזייגער, ווייל עס נעמט צייט ביז מען דערליידיקט אַלע פאָרמאַליטעטן פאַר אַזאַ גרויסער גרופּע. דער עראָפּלאַן האָט זיך באַדאַרפט אָפּשטעלן אין רוים. אין רוים, ווען מיר זיינען שוין אַלע געזעסן אין עראָפּלאַן אַרומגעגאַרטלט און פאַרטיק זיך

אויפצוהויבן, האָט עפּעס איין מאָטאָר פון די פיר גענומען אַביסל אונטער־פּאַנפען. האָט מען אונז, במחילה, געהייסן אַרויסגיין ביז דער מאָטאָר וועט פאַרריכט ווערן. דאָס האָט גענומען אַ צוויי שעה, אַזוי אַז מיר זיינען ערשט אָפּגעפלויגן פון רוים אַרום 5:30 אין אָוונט מיט דער אויסזיכט, אַז אויב אַלץ וועט גיין כשורה, זאָל ער אונז ברענגען קיין ישראל אַרום איינס אָדער צוויי אַזייגער ישראל־צייט, וואָס איז צוויי שעה שפּעטער ווי די רוים־צייט, און גאַנצע 7 שעה שפּעטער ווי ניו יאָרק־ אָדער באָסטאָן־צייט.

דער טאָג איז געווען אַ שיינער און דער הימל ניט פאַרוואָלקנט, אַזוי אַז דער „סקאַי־מאַסטער" האָט זיך ניט באַדאַרפט אויפהויבן זייער הויך. ער איז געפלויגן פון 8 ביז 10 טויזנט פוס הויך און קיינער האָט זיך ניט געפילט אומבאַקוועם. אָבער די שטימונג צווישן די דעלעגאַטן איז ניט געווען די זעלבע, ווי פון דעם ערשטן אַרויספלי אין דעם קאָנסטעלעישאָן. דאָס וואַרטן, דאָס וואָס מען האָט באַדאַרפט איבערלאָזן זעקס פערזאָן אין פּאַריז און דאָס וואָס מיר וועלן אָנקומען אין לוד שפּעט ביינאַכט אָדער פאַרטאָג, האָט אַביסל איבערגעפירט די שטימונג.

אָבער דער געדאַנק און באַוואוסטזיין, אַז מען דערנעענטערט זיך צו דער ישראל־ערד, צו דער אידישער מדינה, ספּעציעל פאַר די, וואָס פאָרן קיין ישראל דאָס ערשטע מאָל, האָט כמעט אַלע געהאַלטן וואַך און מיט אָנגע־שטרענגטע אויגן געזוכט דורך די פענצטער אַ סימן פון דעם לאַנד, וואָס איז דורך גרויסע העראָאישע העלדנטאַטן און ניט ווייניק ניסים, אומגעקערט געוואָרן צום אידישן פאָלק, נאָך צוויי טויזנט יאָר גלות.

יעדער איינער פון אונז האָט שטאַרק באַדויערט דאָס, וואָס מיר קומען אַריין אינמיטן דער נאַכט און וועלן ניט קענען כאַפּן דעם ערשטן בליק אויף לוד, תל אָביב אין ליכט פון טאָג.

אָבער אַזוי האָט דאָס פּאַסירט. זיינען די מערסטע געווען צופרידן צו דערזען די עלעקטרישע ליכט פון לופטפעלד אין תל אָביב. און טאַקע באַלד האָבן אַלע אָנגעהויבן קוקן אין די פענצטער. די סטיואַרדעס האָט אָנגעזאָגט, אַז מיר לאָזן זיך אַראָפּ אין לוד.

דאָס פעלד איז געווען שוואַך באַלויכטן, ווען מיר זיינען אויסגעשטיגן פון עראָפּלאַן. מיר האָבן אָבער באַלד דערקענט די שטימען פון עזריאל בראשי, דער פאַרוואַלטער פון דער הסתדרות־טור־אָרגאַניזאַציע, גרשון לעו־ווינסאָן, ד"ר יוסף בורשטיין און אַנדערע, וועלכע האָבן לאַנג געוואַרט אויף דעם לופט־פעלד אונז צו באַגעגענען.

אין דער שעה פון דער נאַכט איז מסתמא דער פּערסאָנאַל פון לופט־פעלד, די, וועלכע קאָנטראָלירן דעם באַגאַזש, פּאַספּאָרטן און געלטער, וואָס ווערט פאַרשריבן וויפיל מען פירט אַריין אין לאַנד, קלענער ווי בייטאָג. דערפאַר האָט טאַקע גענומען אַביסל לענגער. אין אַלגעמיין זיינען די קאָסטאָם־באַאַמטע ניט געווען צו שטרענג וויסנדיק, אַז דאָס זיינען טוריסטן, וואָס ווען בלויז פאַרבלייבן אַ קורצע צייט אין ישראל און זיך אומקערן צוריק קיין אַמעריקע.

וואַרטנדיק ביז אַלע וועלן ווערן פאַרטיק, אַז מיר זאָלן אין באָסעס פאָרן קיין תל אָביב, האָבן אייניקע פון אונז אויסגענוצט די געלעגנהייט זיך דורכצושמועסן מיט די חברים, וואָס זיינען געקומען אונז באַגעגענען.

אַזוי האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו הערן פון ד״ר יוסף בורשטיין, ווי עס האָלט מיט די וואַלן צו דער כנסת, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט ניט לאַנג צוריק. ער האָט מיר אין קורצע ווערטער איבערגעגעבן וואָס פאַר אַ שווערער און ביטערער קאַמף עס איז אָנגעפירט געוואָרן פון די פאַרטייען. מען האָט געקעמפט מיט אַלערליי מיטלען. מען האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיינע אינסינואַציעס און פאַרלוימדונגען. מען האָט צוגעזאָגט די ווילער דאָס טעלערל פון הימל, אַבי זיי זאָלן שטימען פאַר דעם אָדער יענעם צעטל. די אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן גע'טענה'ט, אַז בן גוריון און זיין רעגירונג זיינען שולדיק אין אַלע צרות, וואָס די מדינה לעבט איבער, און ווען מען זאָל זיי דערוויילן, וועט מען אָפּשאַפן „צנע". דער עולם וועט האָבן באַקוועמע דירות, פלייש, פיש, קליידער און אַלע אַנדערע גוטע זאַכן וועלן זיין לרוב א. א. וו.

מפּ״ם האָט צוגעזאָגט אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע, באַלד שוין, אין די נעקסטע פאָר וואָכן. חרות וועט די אידן געבן אַ מדינה פון ביידע זייטן ירדן און גאַנץ ירושלים. און די רעליגיעזע פאַרטייען זיינען, נאַטירלעך, ניט אָפּגעשטאַנען אין זייערע צוזאָגן, אַז מען וועט צוריק אויפבויען דעם בית־המקדש א. א. וו.

אָט אַזאַ פאַרפירערישע און דעמאַגאָגישע פּראָפּאַגאַנדע האָט מען גע־פירט פאַר אַ גרויסן עולם אָריענטאַלישע אידן, וואָס ווייסן אַפילו ניט מיט וואָס מ'עסט אַזעלכע זאַכן. איר קענט זיך פאָרשטעלן וואָס עס האָט געמיינט ווען זיי זיינען געקומען אין די קעמפּס און אין די מעברות, וואו עס געפינען

זיך אַזוי פֿיל אומגליקלעכע און ניט צופֿרידענע און פּרובירט זיי אויפֿרייצן קעגן דער ממשלה, אַבי צו געווינען נאָך אַ פּאָר פּלעצער אין דער כנסת.

און דער רעזולטאַט, האָט מיר ד״ר יוסף בורשטיין פֿאַרזיכערט, איז אַ צופֿרידנשטעלנדיקער פֿאַר מפא״י. דאָס וואָס די אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן געוואונען אַרום 12 פּלעצער, האָבן זיי ניט געוואונען אויף דער רעכענונג פֿון מפא״י, נאָר פֿון די אַנדערע פּאַרטייען.

אָבער אין אַלגעמיין, האָט ער געזאָגט, איז די לאַגע אַ שווערע. עס וועט שווער זיין צונויפֿצושטעלן אַ רעגירונג פֿון אַ קאָאַליציע, וועלכע זאָל קענען געדויערן און האַרמאָניש אַרבעטן.



קופּת חולים קליניקס אין די מעברות

# אַ שפּאַציר איבער תל אביב־יפו און די מעברות אַרום

ביז מיר זיינען אַלע פּאַרטיק געוואָרן מיט דער קאָנטראָל אין לוד איז שוין געווען דריי אַזייגער פּאַרטאָג. מיר האָבן זיך אַריינגעזעצט אין אַ גרויסן מאָדערנעם אויטאָבוס צו פאָרן קיין תל־אביב.

ווען איך האָב דערזען אָט דעם זייער פיינעם באָס, האָב איך זיך שטאַרק דערפרייט. איך האָב געמיינט, אַז עס זיינען שוין דאָ אין ישראל מאָדערנע באָסעס, אין וועלכע מיר וועלן קענען אַרומפאָרן איבער דעם לאַנד מער באַקוועם און ניט דאַרפן זיך טרייסלען אין די אַלטע טאַראַטאַיקעס, וואָס פּאַסן בעסער צו פירן אין זיי לאַסט איידער מענטשן.

מיין שיינע אילוזיע איז אָבער באַלד צעשטערט געוואָרן, ווען ע. בראשי, פון דער הסתדרות־טוריסט־ביוראָ, וועלכער איז אונז געקומען באַגעגענען, האָט מיר דערקלערט, אַז דער שיינער און באַקוועמער אויטאָבוס באַלאַנגט צו דער לופט־ליניע „אל־על" און ווערט פון זיי באַנוצט נאָר אַוועקצופירן און אָפּנעמען פּאַסאַזשירן, וועלכע פאָרן מיט דער לופט־קאָמפּאַני.



אַ באַזוך אין דער מעברה אין בת־ים

עס איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז אונזער דעלעגאַציע וועט דאַרפן אַרומפאָרן איבער דעם לאַנד אין די זעלבע באָסעס, וועלכע קורסירן אויף די וועגן און אין די גאַסן פון ישראל, די אייגענע באָסעס, וואָס איך געדענק אַזוי גוט פון פאַר צוויי יאָר. דאָס האָט פאַרערגערט מיין שלעכטע שטימונג, אין אַ צייט, ווען מיין מצב־רוח איז אַזוי אויך ניט געווען קיין זייער געהויבענער, ווייל איך און מיין פרוי, און מסתמא אויך די גאַנצע דעלעגאַציע זיינען געווען מיד פון ניט דערשלאָפן אַ פּאָר נעכט.

פון לוד קיין תל אָביב איז ניט קיין גרויסע שטרעקע. עס נעמט אַן ערך 25 מינוט. מיר האָבן ניט געקענט אויסנוצן די צייט צו באַטראַכטן די לאַנדשאַפט, מחמת דעם וואָס עס איז געווען פינצטער. כאָטש ווייט, ווייט אויף דעם האָריזאָנט האָבן זיך שוין גענומען ווייזן פאַסן ליכט — אַן אָנזאָג, אַז עס ווערט טאָג.

פון פריערדיקע אינפאָרמאַציעס האָב איך שוין געוואוסט, אַז די דעלעגאַציע וועט ניט איינשטיין אין איין האָטעל, ווייל עס איז געווען אוממעגלעך צו קריגן גענוג צימערן אין איין האָטעל, אין תל אָביב צו הויזן אַלעמען. דער גרעסטער טייל איז דעריבער באַשטימט געוואָרן אין דעם האָטעל ירקון און די איבעריקע אין אַ פּאָר דערבייאיקע האָטעלן.

למען האמת מוז איך זאָגן, אַז די באַזאָרגער פאַר דער דעלעגאַציע האָבן אָנגעשטרענגט אַלע כוחות צו קריגן די בעסטע צימערן, וואָס עס איז נאָר מעגלעך געווען אונטער די באַדינגונגען, ווייל אין יענע טעג זיינען די האָטעלן אין תל אביב און אין די אַנדערע שטעט געווען געפּאַקט מיט די מענטשן, וואָס זיינען געקומען צום ציוניסטישן קאָנגרעס און פון אַ צאָל דעלעגאַציעס און יחידים, וואָס באַזוכן ישראל.

די פּראָבלעם האָטעלן — האָטעלן לויט דעם אייראָפּעאישן און אַמעריקאַנער סטאַנדאַרד, וואָס זאָלן באַדינען באַזוכער פון ישראל — איז זייער אַ דרינגנדיקע. עס איז אַן אַבסאָלוטע נויטווענדיקייט פאַר דער אַנטוויקלונג און דערפאָלג פון דער טוריסטיק אין ישראל.

עס איז אַ גרויס וואונדער, וואָס עס איז ביז איצט עפּעס ניט געטאָן געוואָרן וועגן דעם. ווען אַמעריקאַנער טוריסטן זאָלן ווי עס באַדאַרף צו זיין באַזאָרגט ווערן מיט האָטעלן אדער פּענסיאָנען און מיט שפּייז לויט

זייער געשמאַק און געוואוינהייט, וואָלט די טוריסטיק געקאָנט ווערן אַ קוואַל פון אַ סך דאָלאַרן, אין וועלכע ישראל נויטיקט זיך אַזוי שטאַרק.

אָבער ווי די זאַך איז איצט, האָבן מיר זיך געמוזט באַגנוגענען מיט דעם, וואָס זיי האָבן און מיט די צימערן, וואָס זיי האָבן פאַר אונז געקראָגן.

איך בין זיך מודה און מתוודה, אַז ווען מען האָט אונז אַריינגעפירט אין דעם צימער פון דעם ירקון האָטעל, זיינען מיר ניט געווען אַזוי שטאַרק צופרידן. מיר האָבן זיך ניט געקענט פאָרשטעלן ווי אַזוי מיר וועלן קענען איבערשלאָפן אַ נאַכט אין דעם ענגן צימער, ספּעציעל, ווען עס איז געווען אַזוי הייס. מיר זיינען שפּעטער געוואָר געוואָרן, אַז הייַנטיקן זומער ליידט ישראל און אפשר אויך די שכנותדיקע לענדער פון גאָר גרויסע און אפשר כמעט אומדערטרעגלעכע היצן, אַזעלכע, וואָס זיינען שווערער ווי אין אַנדערע זומערן. מיר אַליין זיינען געווען אין ישראל מיט דער ערשטער הסתדרות־דעלעגאַציע, מיט צוויי יאָר צוריק, אין דעם זעלבן חודש. עס איז אָבער ניט געווען אַזוי הייס ווי איצט.

און ווי געזאָגט, זיינען מיר, איך און מיין פרוי, און אַלע אַנדערע פון דער גרויסער דעלעגאַציע, געווען אומצופרידן פון די האָטעלן, אָבער העלפן דערצו האָבן מיר ניט געקענט. מען האָט אונז געטרייסט מיט דעם, אַז אַפילו אַזעלכע צימערן זיינען איצט ניט בנמצא אין תל־אביב, צוליב דער גרויסער צאָל טוריסטן.

נאָך אַ טרייסט האָבן מיר געהאַט דאָס, וואָס לויט אונזער פּראָגראַם האָבן מיר בלויז דאָ באַדאַרפט פאַרבלייבן צוויי טעג און נאָכדעם אַרויספאָרן קיין ירושלים, טבריה, צפת, חיפה און אַנדערע פונקטן איבער דעם לאַנד, ביז מיר וועלן זיך צוריקקערן קיין תל אָביב, אפשר וועט שוין דעמאָלט זיין מעגלעך צו קריגן עפּעס בעסערס.

איז ווי גייט דאָרט דאָס אידישע ווערטל: „מען זאָל ניט געפּרואווט ווערן צו וואָס מען קען געוואוינט ווערן". מיר האָבן געמוזט שלום מאַכן מיט די אומשטענדן און איבערזיין די צוויי טעג אין ירקון. עס איז אַ נס, וואָס מיר האָבן ניט געדאַרפט זיין לאַנג אין דעם צימער. בלויז איבערשלאָפן, ווייל די מערסטע צייט זיינען מיר אַרומגעפאָרן צו זען די שטאָט און די פאַרשיי־דענע הסתדרות און אַנדערע אינסטיטוציעס. עס האָט אויך אַרויסגעהאָלפן

דאָס, וואָס דער ירקון־האָטעל האָט אַ גרויסע ווערענדע, וואו מען קען באַקוועם זיצן אין דרויסן און ניט דאַרפן זיין פאַרשטיקט אין די ענגע צימערן.

די פאַרוואַלטער פון האָטעל, מוז איך מודה זיין, האָבן געטאָן אַלץ, וואָס איז נאָר מעגלעך, אַז אונז זאָל זיין ווי אַמבאַקוועמסטן, ווי נאָר מען קען אונטער די אומשטענדן. שפּייז, וואָס מיר האָבן געגעסן, איז געווען פון דעם סאָרט, וואָס ווערט געגעבן צו טוריסטן, וואָס צאָלן מיט אַמעריקאַנער דאָלאַרן. פאַר דעם דאַרף מען ניט קיין „פּונקטן" (נקודות) און עס איז געווען ניט שלעכט. זיי האָבן געזען, אַז מיר זאָלן צו יעדער צייט קריגן טיי צום טרינקען און ניט דאַרפן טרינקען קיין וואַסער, כדי צו פאַרמיידן מאָגן־קראַנקהייטן, וואָס באַפאַלט אַזוי אָפט מענטשן, וואָס זיינען ניט צוגעוואוינט צו דעם הייסן קלימאַט און צו די שפּייזן.

אין דער פּראָגראַם איז געווען אַ באַזוך צום בת־ים, איבער דער אַל־טער שטאָט יפו, אַ וויזיט צו אַ מעברה, וואָס געפינט זיך נעבן בת־ים און אין אָוונט, נאָך אָוונט־ברויט, צו דער אָפּערע, וואו מען האָט געשפּילט „שמשון און דלילה", געזונגען אין העברעאיש.

זיינען מיר דורכגעפאָרן די אַלטע שטאָט יפו, וואו עס איז נאָך דאָ זייער אַ סך קענטיקע סימנים פון דעם ביטערן קאַמף, וואָס די אידן האָבן אָנגע־פירט קעגן די אַראַבער פון יפו. גאָר אַ סך אַראַבישע הייזער און גרויסע גע־ביידעס, וועלכע זיינען צעשטערט געוואָרן אין צייט פון דער מלחמה, זיינען



מיטגלידער פון דער דריטער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע אין דער „עמל"־שולע אין תל־אביב.

נאָך ניט רעסטאַווריירט געוואָרן און זיינען געבליבן אַ זכר, וואָס וואַרפט זיך שטאַרק אין די אויגן.

אונזערע מדריכים האָבן אונז אָנגעוויזן אויף דעם גרויסן מאָסק, וואָס הייסט „דזשאַמעלין קיבאַר", וואו עס פלעגן געמאַכט ווערן די ווילדסטע העצעס קעגן די אידן. אויך די היי־ליקע אַראַבישע פלעצער, וואָס פלעגן פון די אַראַבער באַנוצט ווערן פאַר אָנפאַלן און פאַר פאַרטיידיקונג, אונ־טער דעם אויסרייד, אַז די אידן צעשטערן זייערע היי־ליגטימער, יעדן מאָל, ווען זיי האָבן געענטפערט אויף זיי־ערע אָנפאַלן.



ביים אַריינגאַנג אין דער מאַקס פיין שולע

מיר זיינען צוגעקומען צו דעם ברעג ים, וואָס רופט זיך בת־ים — אַ געגנט, וואָס ווערט איצט אַנטוויקלט מיט נייע וועגן, גאַסן און וועט מיט דער צייט ווערן איינע פון די שענסטע „ביטשעס" פון תל־אביב־יפו און וועט אויך פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דעם תל־אביבער ברעג ים, וואו עס איז פאַר־ווערט געוואָרן דער באַפעלקערונג זיך צו באָדן, צוליב דעם, וואָס דאָס וואַסער ווערט פאַראומרייניקט („פּאָליודער") פון דעם אָפּפאַל פון שטאָט.

מען האָט אונז אויך דערציילט און אָנגעוויזן אויף דער מוניציפּאַלער געביידע, וואָס איז אין אַפּריל, 1947, אויפגעריסן געוואָרן פון אַ מיטגליד פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע „אצ"ל". ניט נאָר ער האָט פאַרלאָרן זיין לעבן, נאָר האָט דאָן, אונטער יענע אומשטענדן, געקענט שטערן די פאַרהאַנדלונגען פון „פּאַרטישאָן", וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין די יונאַיטעד נעישאָנס.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי דער בת־ים מעברה. איך דערמאָן זיך, אַז אין 1949, ווען די ערשטע הסתדרות־דעלעגאַציע האָט באַזוכט ישראל, האָבן די מנהיגים, ספּעציעל די, וואָס אַרבעטן אויס דעם פּראָגראַם פון די פּלעצער פאַר דער דעלעגאַציע צו באַזוכן, ניט גערן אונז גענומען צו די קעמפּס, וואו עס האָבן זיך געפונען די נייע עולים. דער פאַקט איז, אַז ערשט אַ פּאָר טעג פאַר אונזער אָפּפאָרן פון ישראל, האָבן מיר באַזוכט פּרדס חנה און אַליין געזען די מענטשן אין די קעמפּס און ווי אַזוי זיי לעבן.

דאָס מאָל אָבער האָבן מיר דעם ערשטן טאָג, אַ שעה נאָך אונזער אַרויס־פאָר אויף דעם שפּאַציר, שוין געהאַט די מעגלעכקייט צו באַטראַכטן אַ גאַנץ גרויסן לאַגער, וואָס מען רופט דאָ היינט מעברה.

וואָס זשע איז דער חילוק פון די איצטיקע מעברות און די אַמאָליקע קעמפּס? אויסערלעך איז כמעט ניטאָ קיין חילוק. די זעלבעביידלעך (פּאַ־לאַטקעס), אויסגעשטעלט אין אַ מיליטערישער אָרדענונג. אָבער ווען מען דערנענטערט זיך אַביסל צו דער מעברה, קען דער, וואָס האָט באַזוכט יענע קעמפּס באַמערקן, אַז עפּעס האָט זיך געענדערט און אַז עס איז ניט ווי געווען. ערשטנס האָבן מיר געטראָפן דאָרטן זייער ווייניק דערוואַקסענע מענער. עס איז נאָך געווען פאַר דער צייט, ווען מען קערט זיך אום פון דער אַרבעט. אין ישראל וואַרפט מען די אַרבעט אַרום 4 אַזייגער פאַרנאַכט, ווייל די אַרבעט הויבט זיך אָן זייער פרי, כדי אַריינצוכאַפּן אַ פּאָר קילע שטונדן איידער די זון הויבט אָן צו ברענען. די דערוואַקסענע און אַרבעטספּעאיקע מענער פון דער מעברה זיינען געווען ביי דער אַרבעט. אַפילו די פרויען, די, וואָס זיינען ניט געגאַנגען צו אַרבעט, זיינען אויך ניט אַרויסגעלאָפן אין ווילדן געפּילדער ווי יענעם מאָל. מיר האָבן בלויז געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די קינ־דערלעך, וואָס זיינען זיך צונויפגעלאָפן אונז צו באַטראַכטן און צו זען ווי מיר נעמען בילדער מיט אונזערע אַפּאַראַטן.

עס איז אַ גרויסער אונטערשייד צווישן יענע קעמפּס, וואו אַלע זיינען אַריינגעוואָרפן געוואָרן, אָן אַרבעט און אויסזיכטן עפּעס צו פאַרדינען, און די איצטיקע מעברות, וואו כמעט אַלע דערוואַקסענע און אַרבעטספּעאיקע טוען וועלכע עס איז אַרבעט און פאַרדינען אויף זייער ברויט.

נאַטירלעך, וועט קיינער ניט זאָגן, אויב ער וועט וועלן זאָגן דעם אמת, אַז אַלע אין די מעברות זיינען צופרידן און האָבן ניט קיינע טענות, אָבער עס איז גאָר קיין פאַרגלייך ניט מיט דעם וואָס מיר האָבן זיך דאָן אָנגעהערט

אין דעם קעמפּ פּרדס חנה. די מענטשן אין דער מעברה זיינען פול מיט האָפענונג, אַז פריער אָדער שפּעטער, ווען עס וועט קומען צו זייער ריי, וועלן זיי קריגן אַ דירה און אָנהויבן צו לעבן ווי מענטשן. אַ סימן פון דעם האָבן זיי פאַר זייערע אויגן. רייען פון שיינע הייזער זיינע שוין איצט אויפ־געשטעלט געוואָרן ניט ווייט פון דער מעברה. געבויט פון דער „איידזשענסי״ אָדער פון „שיכון״, וואו טאַקע מיטגלידער פון דער מעברה האָבן געאַרבעט ביי זיי.

אַגב, דאָס איז ניט די איינציקע מעברה, וואו די נייע ווייסע, פון דער זון בלישטשענדיקע הייזער, שטייען פּאַראַלעל און ניט ווייט פון די ביידלעך, אָדער פון די קלענערע, הילצערנע הייזקעס, וואָס זעען אויס ווי קאַסטנס, אָדער די מעטאַלענע, וואָס האָבן דעם אויסזען פוי בלעכענע פּושקעס. אין כמעט די מערסטע פון די לאַגערן, און געזען האָבן מיר אויף אונזער שפּאַציר גאָר אַ סך, ווייל ווי עס איז געשאַצט געוואָרן, האָבן זיך אַרום 150 טויזנט פון די עולים חדשים געפונען דעמאָלט אין קעמפּס. גאָר גרויסע אַזעלכע לאַ־גערן האָבן מיר געזען פאָרנדיק קיין לוד, אין טבריה און אין חיפה אאַז״וו. אין יעדן פון אַזעלכע מעברות, וואָס דער נאָמען מיינט איבערצופירן צייט־ווייליק, האָבן מיר שוין געזען סימנים פון בוי־טעטיקייט פאַר נייע הייזער.

מיר האָבן היינט גערעדט מיט אַ פּאָר עלטערע אידן, וואָס וואוינען מיט זייערע דערוואַקסענע קינדער אין די צעלטן פון דער מעברה. איינער פון זיי קומט פון רומעניע און דער אַנדערער האָט געהאַט די זכיה באַפרייט צו ווערן פון חבר סטאַלינ׳ס אַרמיי. זיי זיינען געוועזן צופרידן, וואָס זיי האָבן געראַ־טעוועט זייערע לעבנס און געקומען אַהער, אין דער אידישער מדינה. זיי פאַרשטייען די שוועריקייטן איינצואָרדענען און הויזן צוזאַמען מיט מאַסן אידן, וואָס קומען אַריין אין לאַנד, אַרום אַ טויזנט אַ טאָג. „גאָט צו דאַנקען״, האָט געזאָגט דער רומענישער איד, „מיינע קינדער אַרבעטן, מיר האָבן גענוג צו עסן און מיר זיינען פול מיט האָפענונגען אויך צו קריגן אַ דירה״. אַזוי אומגעפער, מיט דעם אייגענעם נוסח, האָט גערעדט דער אַנדערער איד. אָבער עס האָבן אויך ניט געפעלט אַ פּאָר איראַקער, וואָס האָבן געזאָגט, אַז די ווייסע מזרח־אידן קריגן פאָרצוג, ווייל זיי זיינען ווייסע.

מיר האָבן זיך אַביסל אַרומגעשפּילט מיט די קינדערלעך, וואָס האָבן אויסגעזען ריין און גוט געפלעגט. זיי האָט איבערהויפּט אינטערעסירט די

װאָס האָבן געהאַט מואװי־אַפּאַראַטן. אַלע האָבן געװאָלט, אַז מען זאָל פֿון זײ נעמען בילדער און האָבן געשריגן: „אני, אני”.

אַזױ װי עס איז געװען שפּעט, װײַל מיר האָבן אין דער מעברה פֿאַר־בראַכט אַ לענגערע צײַט, זײַנען מיר צוריקגעפֿאָרן אין די האָטעלן צום עסן און זיך פֿאַרטיק מאַכן צו גײן אין דער אָפּעראַ



ישראל מרום, דירעקטאָר פֿון די הסתדרות פֿאַך־שולן, גראַטולירט אַ שילער בײַם באַקומען זײַן דיפּלאָם.

# ביי אַ פֿאָרשטעלונג פֿון „שמשון און דלילה״ אין דער אָפּערא

מיר האָבן זיך אומגעקערט פֿון אונזער ערשטן שפּאַציר אין תּל־אביב, יפו און בת־ים׳ער מעברה.

עס איז שוין געווען שפּעטלעך, די זון האָט געהאַלטן אין פֿאַרגיין און מיר האָבן באַדאַרפֿט זיך איינוואַשן, אָפּעסן און זיך פֿאַרטיק מאַכן צו גיין אין דער אָפּעראַ.

שוין עטלעכע יאָר זייט עס עקזיסטירט אַן אָפּעראַ - געזעלשאַפֿט אין ישׂראל, וואָס גיט אָפּערעס אין העברעאיש. מיט צוויי יאָר צוריק, ווען איך בין געווען אין ישׂראל, האָב איך בייגעוואוינט אַ פֿאָרשטעלונג פֿון „די טעילס אָוו האָפֿמאַן״, פֿון אָפֿענבאַך. איצט איז אויף דער פּראָגראַם געווען „שמשון און דלילה״, פֿון סען־סאַן, לויט ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן, האָבן זיי אויך אַ סך אַנדערע אָפּערעס אין זייער רעפּערטואַר, וואָס זיי גיבן פֿון צייט צו צייט.

די אָפּעראַ־געזעלשאַפֿט האָט ניט קיין שטענדיקע היים וואו צו שפּילן, נוצן זיי דאָס גרויסע טעאַטער פֿון „הבימה״, וואָס איז לויטן געבוי און פּלאַץ פֿאַר אָרקעסטער, פּאַסיק אויפֿצופֿירן אָפּערעס.

ווי אַזוי עס קען אַזאַ קליין מדינה׳לע, מיט אַזאַ אָרעמער באַפֿעלקערונג אויסהאַלטן אַן אָפּערע־קאָמפּאַני, בעת גאָר גרויסע שטעט אין אַמעריקע, וואָס האָבן אַ מיליאָניקע באַפֿעלקערונג, קענען דאָס ניט באַווייזן, איז אַ רעטעניש, וואָס איך קען ניט פֿאַרענטפֿערן. דאָס איז איינער פֿון נאָך אַ סך וואונדער, וואָס מען זעט אין ישׂראל, וועלכע קענען מיטן פּשוט׳ן שׂכל ניט דערקלערט ווערן. משמעות, אַז עס איז די השגחה און דער גרויסער דראַנג צו געניסן פֿון פֿולן קולטורעלן לעבן, פֿון ליטעראַטור, דראַמע און מוזיק פֿוןביידע פֿאָרמען — סיי סימפֿאָניש און סיי אָפּערע, — וואָס ברעכט דורך אַלע שוועריקייטן און מאַכט דאָס מעגלעך.

עס איז מיר ניט באַוואוסט צי די אָפּעראַ־געזעלשאַפֿט ווערט סובסידירט פֿון דער רעגירונג אָדער פֿון דער שטאָט. מעגלעך, אַז זיי קריגן אַביסל הילף. אויב ניט — איז דער וואונדער נאָך גרעסער.

אין אַמעריקע זיינען מיר געוואוינט צו „גרענד אָפּערא״ — אָפּערא, וואו עס ווערט אויפגעפירט פון דער מעטראָפּאָליטען אָפּערא קאָמפּאַני אין ניו יאָרק אָדער ווי עס פלעגן אויפפירן די שיקאַגאָ אָדער די באָסטאָן אָפּערא קאָמפּאַניס ע״ה, ווען זיי האָבן עקזיסטירט.

אין די אויפפירונגען פון גרענד אָפּערא באַטייליקן זיך, געוויינלעך גרויסע סימפאָנישע אָרקעסטערס, אַ גרויסער כאָר־אַנסאַמבל און באַלעט, וואו עס פאָדערט זיך. די הויפּט־ראָלן ווערן געזונגען פון אָפּערע־סטאַרס, וואָס לאָזן זיך גוט באַצאָלן פאַר זייער טאַלאַנט.

איז, גלויב איך, אַז איר זענט זיך שוין אַליין משער, אַז אין דער העברעאישער אָפּערא קאָמפּאַני פון ישראל איז ניטאָ קיין גאָר גרויסער אָרקעסטער און דער כאָר איז אויך אַ גאַנץ מעסיקער, אַזוי אויך איז דער באַלעט. די זינגער, די, וואָס האָבן געזונגען די הויפּט־ראָלן, זיינען אויך ניט קיין גאָר גרויסע סטאַרס. פונדעסטוועגן, קען איך אייך זאָגן, אַז עס איז אַרויסגעקומען אַ גאַנץ פיינע פאָרשטעלונג, וואָס האָט אַפילו צופרידנגעשטעלט אייניקע מבינים אויף מוזיק און אָפּערא.

איך אַליין האָב געזען, בעסער געזאָגט, געהערט „שמשון און דלילה״ אַ היפּשע פאָר מאָל. איך האָב געהערט די אָפּערא, ווען מען האָט אין באָסטאָן געגעבן די פּרעמיערע, דאָס הייסט, צום ערשטן מאָל אין אַמעריקע. דערנאָך האָב איך די אָפּערא געהערט מיט דער שיקאַגאָ׳ר אָפּערא קאָמפּאַני, און אויב מיין זכרון דינט מיר, אויך איין מאָל מיט דער מעטראָפּאָליטען אָפּערא קאָמפּאַני. איך האָב אין דער אָפּערא געהערט אַלס „שמשון״ אַזעלכע זינגער ווי זענטאלא, מאַרשאַל, מאַרטינעלי און אַנדערע. אַלס „דלילה״ האָב איך געהערט די שוין פאַרשטאָרבענע זשערוויליאַש, מאַריע גייע, וואַן גאָרדאָן און אַלס הויפּט פּריסט, דעם באַרימטן פראַנצויזישן באַריטאָן רענאָ. מיר זיינען גוט באַקאַנט די שיינע מעלאָדיעס פון אָט דער פיינער אָפּערא. בין איך זיך איצט מודה, אַז איך האָב פון דער אויפפירונג פון די העברעאישע זינגער דאָ אין דעם „הבימה״־טעאַטער אין תל אָביב, פונקט אַזאַ הנאה געהאַט ווי פון דער גרענד אָפּערא אויפפירונג פון מעטראָפּאָליטאַן אָדער פון אַן אַנדער ערשטקלאַסיקער אָפּערא קאָמפּאַני. די אַטמאָספער אין טעאַטער איז זייער אַ וואַרעמע, כאָטש דער טעאַטער ווערט געקילט. זיצן טאָקע אַלע נאָר אָן די רעקלעך, מיט די ווייסע קורצע אַרבל־העמדער. דאָס איז אַ געוואַלדיקער קאָנטראַסט צו דער אָנגענומענער עטיקעט פון אָפּערא־באַזוכער,

וואו מערסטע מענער זיינען אָנגעטאָן אין טאַקסידאָס און די פרויען — אין לאַנגע אָוונט־קליידער. די אָפּעראַ אין תל אָביב און ירושלים ווערט געגעבן פאַרן גרויסן עולם, מאַכט ער זיך באַקוועם און האָט הנאה.

די מעשה פון דער אָפּעראַ איז שטאַרק צוגעפּאַסט צו דער סביבה, וואו דער גיבור שמשון האָט זיך געראַנגלט מיט די פלישתים און איז סוף כל סוף געפאַלן אַ קרבן פון אַ פאַררעטערישער פרוי, וואָס האָט אים אָפּגענאַרט. אַ ישראל־באַזוכער פון דער אָפּעראַ דאַרף ווייט ניט גיין צו געפינען די פלעצער, וואו די מעשה איז זיך פאַרלאָפן. „גאַידס", וואָס פירן אייך אויף דעם וועג צו מגדל־גד וועלן אייך דערציילן די געשיכטע פון שמשון און די פלישתים מיט אַלע איינצלהייטן.

דאָס מאַכט דעם אינהאַלט אַזוי באַקאַנט און היימיש, און דעם מיטלייד צו דעם גיבור שמשון אַזוי שטאַרק, ווען מען זעט אים בלינד אין געפאַנגענשאַפט, דרייענדיק אַ גרויסע שווערע ראָד, אַ מילשטיין, און זינגענדיק זיין פּאַטעטיש ליד פאַר רחמנות. דערפאַר אָבער נעמען מיר נקמה, ווען אין לעצטן אַקט מאַכן זיך די פלישתים לוסטיק איבער זיין אומבאַהאָלפנקייט, בעת זיי זיינען אינמיטן פון אַ וואַקכאַנאַליע, טרינקען און הוליען, נעמט שמשון אָן די זיילן (פּילאַרס) פון טעמפּל און בעט גאָט, אַז ער זאָל כאָטש אויף אַ קורצער ווײַלע אים אומקערן פריערדיקע קראַפט. ער שרייט דאַן אויס: „תמות נפשי עם פלישתים" און אַלע קומען אום צוזאַמען.

דאָס גרויסע „הבימה"־טעאַטער, וואו די אָפּעראַ איז געגעבן געוואָרן, איז געווען געפּאַקט מיט אַ סך אויסלענדישע געסט, אַ חוץ אונזער דעלעגאַציע. עס זיינען אויך געווען אייניקע דעלעגאַטן צום ציוניסטישן קאָנגרעס, וועלכע זיינען געקומען אין ישראל פאַר דער דערעפענונג.

די זינגער און דער דיריגענט זיינען אַ סך מאָל אַרויסגערופן געוואָרן אונטער שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן איידער דער פאָרהאַנג האָט זיך אַראָפּגעלאָזן צום לעצטן מאָל.

אונזער דעלעגאַציע איז אַריינגעשטיגן אין די אויטאָבוסן, וועלכע האָבן אויף אונז געוואַרט, און מיר זיינען געפאָרן צו די האָטעלן זיך אויסרוען, כדי אויף מאָרגן צו קענען פאַרזעצן אונזער שפּאַציר. יעדער פון אונז איז געווען צופרידן און גליקלעך, וואָס מיר האָבן געהאַט די געלעגנהייט צו הערן די אָפּעראַ געזונגען אין העברעאיש, אין דער אידישער מדינה.

# מיטן ועד הפועל פון דער הסתדרות

דער זאַל, וואו דער ועד הפועל האַלט אָפּ די זיצונגען, געפינט זיך אויף דעם דריטן שטאָק אין דער ועד הפועל געביידע. דאָרט האָבן מיר זיך אַלע פאַרזאַמלט אַרום 11 אַזייגער אינדערפרי צו באַגעגענען די פירנדיקע חברים פון דער הסתדרות, זיי צו זאָגן שלום.



יוסף שפרינצאַק, עקטינג־פּרעזידענט פון ישראל און פאָרזיצער פון פּאַרלאַמענט, באַגריסט דער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע ביי דער פייערלעכער אויפנאַמע אין ועד הפועל פון דער הסתדרות.

אַ חוץ אונזער דעלעגאַציע, וואָס איז באַשטאַנען פון 60 חברים און חברות, איז אין דעם זאַל אויך געווען אייזיק העמלין, דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון געווערקשאַפטן קאַמפּעין; יוסף ברעסלאו — וויס פּרעזידענט פון אינטערנעשאָנאַל און פירער פון דער טרעיד יוניאָן דעלעגאַציע, וועלכע זיינען געקומען צום ציוניסטישן קאָנגרעס און צו דער „איחוד" קאָנפערענץ; משה שייוועך — פון דעטראָיט, אַ באַקאַנטע פּערזענלעכקייט אין ציוניסטישע קרייזן. ער און זיין פרוי עמאַ, וועלכע איז, אַגב, אויך אַ טאַלאַנטפולע זינ־גערין, גיבן אַוועק אַ סך צייט און געלט פאַר דער הסתדרות און ציוניסטישע צוועקן. זיין איצטיקער באַזוך אין ישראל האָט געהאַט אַ ספּעציעלע באַדיי־טונג, ווייל טאָקע אין אַ פּאָר טעג אַרום איז דערעפנט געוואָרן די ביבליאָטעק געביידע פון „בית בערל", וואָס שייוועך האָט פאַר זיין אייגן געלט אויס־געבויט און וועט טראָגן זיין נאָמען.

ביי דעם גרויסן הויפּט־טיש איז געזעסן מ. נמיר, דער סעקרעטאַר פון הסתדרות; יצחק חסקין, דער קאַסירער; ד״ר יוסף בורשטיין און די באַאַמטע פון אונזער דעלעגאַציע. שפּעטער, ווען די פאַרזאַמלונג איז שוין געווען אָפּן, איז אויך אָנגעקומען יוסף שפּרינצאַק, דער „ספּיקער" פון דער כנסת.


מרדכי נמיר

די פאַרזאַמלונג האָט דער־עפנט מ. נמיר. ער איז, אגב, ביז ניט לאַנג צוריק געווען ישראל׳ס אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע, און אויף זיין אויס־זען וואָלט איר אים גיכער אָנגענומען פאַר אַ רוס איידער אַ איד...

אָנהויבנדיק מיט אַ פּאָר ווערטער אין העברעאיש, איז ער באַלד איבערגעגאַנגען צו רעדן אידיש, אַז אַלע פון דער דעלעגאַציע זאָלן אים פאַר־שטיין:

„יעדע באַגעגעניש מיט ברידער און שוועסטער, וואָס קומען צו אונז מעבר לים, פאַרשאַפט אונז פרייד און פאַרגעניגן. אָבער עס איז אַ ספּעציעלער פאַרגעניגן זיך צו באַגעגענען און באַגריסן מיט חברים און פריינט, וועלכע זיינען בלב ונפש פאַרבונדן מיט דער הסתדרות צענדליקער יאָרן, אַ בונד פון פריינטשאַפט, סאָלידאַריטעט און איבערגעגעבנקייט. חברים, וועלכע האָבן צעמענטירט אַ הסתדרות־פּאָזיציע און אין זייערע באַדינגונגען געבראַכט אַ גאָר וויכטיקע הילף און מיט זייער אַקטיוויטעט בייגעטראָגן אַ וויכטיקן ביטראַג פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון דער הסתדרות אין לאַנד און דער רעאַליזירונג פון אירע פילפאַרביקע פונקציעס.



חבר א. העמלין, נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון געווערקשאַפטן קאַמפּיין, באַגריסט בעת דער פייערלעכער אויפנאַמע וואָס דער ועד הפועל פון דער הסתדרות האָט געגעבן לכבוד דער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע.

„מיר ווייסן גאַנץ גוט, אַז די וויכטיקייט פון אייער אַרבעט איז ניט באַ־גרענעצט בלויז צו געלט־זאַמלונג. מיט אייער איבערגעגעבנקייט און גלויבן האָט איר פאַרוואַנדלט די מגבית אין אַ מאַסן־באַוועגונג, וועלכע פאָלגט נאָך מיט אינטערעס און אויפריכטיקן זאָרג אונזער אַרבעט און אונזערע פּראָבלעמען.

איר זענט געווען מיט אונז אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע נאָך דאַן, ווען מיר האָבן געפירט אונזער פאַרביסענעם קאַמף פאַר אונזער זעלבסט־שטענדיקייט, נאָך דאַן, ווען פון רעכטס און פון לינקס האָט מען זיך באַמיט פאַרקלענערן די היסטאָרישע אויפגאַבן, וועלכע די אידישע אַרבעטער־באַוועגונג, אָרגאַניזירט אין דער הסתדרות, האָט אויף זיך גענומען אַלס פּיאָנער פון פאָלק, און האָט אויפגעשטעלט מלוכה׳שע קעמערלעך אין שטאָט און אין דאָרף אויפן געביט פון אונזער קולטורעלן רענעסאַנס און אין דעם וויכטיקן פּראָדוקטיוויזאַציע־פּראָצעס, וועלכן יעדער איד האָט דורכגעמאַכט מיט דער הסתדרות און דורך איר. היינט האָט איר זוכה געווען, צוזאַמען מיט אונז, זען ווי די הונדערטער טויזנטער אידן אין אַמעריקע האָבן זיך מיט דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה דערהויבן און דערנענטערט. היינט, זענט איר די מחותנים אויף דער אידישער גאַס.

„איר זייט געקומען צו אונז אַ טאָג נאָך די וואַלן צו דער כנסת. מיר האָבן איבערגעלעבט אַ פאַרביטערטן קאַמף, אין וועלכן רעאַקציע ־ כוחות האָבן געמאַכט אַ פּרואוו אויסצונוצן אונזערע צייטווייליקע שוועריקייטן, כדי צו קריגן די שטיצע פון אידישן ווילער פאַר זייערע צילן. איך זאָג דאָס אייך, ווייל איר, פריינט אונזערע, דאַרפט וויסן, אַז געוויסע גרופּן פון ישראל האָבן פּרובירט אויסנוצן זייער צווייפלהאַפטן איינפלוס אויף ציוניסטישע קרייזן אין אַמעריקע פאַר זייער פּראָפּאַגאַנדע און צילן, וועלכע שטרעבן ענדערן דעם סאָציאַלן און פּאָליטישן פּראָגראַם פון לאַנד, אָן וועלכער די מדינה און איר הויפּט־אויפגאַבע, קיבוץ גלויות, קאָנען ניט עקזיסטירן.

„דער פאַקט פון דער עקזיסטענץ פון דער הסתדרות־באַוועגונג אין אַמעריקע באַקומט דערפאַר אַ ספּעציעלע באַדייטונג. מיר האָבן דעם אָנגריף אָפּגעשלאָגן, און מיר זיינען גאָר שטאַרק פאַראינטערעסירט אין אייער וואוקס און פאַרשפּרייטונג, כדי אויך אין דער צוקונפט זאָל אונזער קעגנזייטיקע סאָלידאַריטעט און פאַרשטענדיקונג זיין אַ ליכטיקער פּונקט אין אונזער אַרבעט און אַ דערהויבונג פאַר אַמעריקאַנער אידן, זיי זאָלן ניט פאַרוואַנדלט

ווערן אין אַ בלינדן אינסטרומענט אין די הענט פֿון פּאָליטישער רעאַקציע אין מדינת ישראל.

„זייט באַגריסט, פריינט און חברים, אָבסערווירט און לערנט. דאָס איז בלויז די ערשטע באַגעגעניש, מיר וועלן זיך נאָך דאַרפֿן באַראַטן וועגן אונזער אַרבעט אין אַמעריקע און זוכן וועגן ווי אַזוי פֿאַרדאָפּלען דעם כוח און די מעגלעכקייטן. עס וואַרטן אויף אונז שווערע אויפגאַבן אויפן געביט פֿון דער קולטור און דערציאונגס־אַרבעט, וועלכע שפּילט אַ גאָר וויכטיקע ראָל אין פּראָצעס פֿון קיבוץ גלויות „למיזוג גלויות" אויפן געביט פֿון קאָאָפּעראַציע, און אויף אַלע אַנדערע געביטן, וועלכע זיינען פֿאַרבונדן מיט דער אַבסאָר־בירונג פֿון די עולים אין ישראל.

„זייט באַגריסט און שעפּט פֿון אייער באַזוך סטימול און דערמוטיקונג פֿאַר דער צוקונפֿט".

נאָך דער קורצער רעדע האָט מ. נמיר געגעבן דאָ סוואָרט צו אייזיק העמלין, וועלכער האָט אין קורצע ווערטער פֿאָרגעשטעלט די דעלעגאַציע און געגעבן אַ ביאָגראַפֿישן סקעטש, אַז מען זאָל וויסן ווער יעדער מיט־גליד פֿון דער דעלעגאַציע איז.


יצחק חסקין

דאַן קריגט דאָס וואָרט יצחק חסקין, דער קאַסירער פֿון דער הסתדרות, וואָס האָלט אַ זייער אינהאַלטספולע רעדע. צווישן אַנדערעס, זאָגט ער:

„ליבע חברות און חברים,

„איך בין איבערצייגט, אַז מיר וועלן נאָך האָבן אַ געלעגנהייט זיך צו טרעפֿן מיט אייך און דערציילן אייך וועגן די גרויסע אויפטוען פֿון דער הסתדרות און איר ריזן־אָנטייל אין בוי פֿון דער מדינה. מאָרגן פֿאָרט איר אַרויס באַ־טראַכטן דאָס לאַנד. די פֿון אייך, וואָס באַזוכן דאָס לאַנד צום צווייטן אָדער דריטן מאָל, וועלן אָנגענעם איבער־ראַשט ווערן פֿון די גרויסע, רעוואָלו־ציאָנערע ענדערונגען, וואָס זיינען פֿאָר־



מיטגלידער פון דער דריטער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע בעת דער פייערלעכער אויפנאַמע אין ועד הפועל פון דער הסתדרות

געקומען אין פֿאַרלויף פֿון די לעצטע דריי יאָר, זינט עס איז באַנייט געוואָרן אונזער מלוכה׳שע זעלבסטשטענדיקייט — דעם 14טן מאַי, 1948. דאַקעגן די יעניקע פֿון אייך, וועלכע באַזוכן אונזער לאַנד צום ערשטן מאָל, וועלן פֿאַר־כּישופֿ׳ט ווערן פֿון דעם, וואָס זיי וועלן זען.

„די דערציילונגען פֿון תנ״ך, דעראינערונגען פֿון די יוגנט־יאָרן וועלן פֿאַר אייך ווידער אויפֿלעבן. איר וועט זען די הויפּט־שטאָט פֿון נגב — באר שבע, אין וועלכער עס האָט געלעבט אַברהם אָבינו און די געגנט, אין וועל־כער אונזער פֿאָטער יצחק האָט געגראָבן ברונימער און האָט קיין וואַסער ניט געפֿונען, שטראָמען איצט לעבעדיקע וואַסער־קוואַלן. די וואַסער־ליניעס פֿון „מקורות״, אין וועלכע מיר זיינען באַטייליקט אין 50 פּראָצענט, ברענגען הונדערטער טויזנטער קוביק מעטער וואַסער, וועלכע לעבן אויף די וויסטע און דערמעגלעכן דאָס אויפֿלעבן פֿון מדבר. איר וועט באַטראַכטן פּלעצער, וועלכע זיינען פֿון אָנהויב ביזן סוף נאָר געשיכטע. איר וועט באַזוכן אונזער אייביקע הויפּט־שטאָט ירושלים, אין וועלכער עס האָבן געקיניגט דוד המלך, שלמה און די חשמונאים. אין ירושלימ׳ער קאָרידאָר וועט איר ווידער הערן דעם קלאַנג פֿון פֿאַסטוכ׳ס פֿייפֿל, איר וועט זען דאָס פּלאַץ, וואו שמשון הגיבור האָט געשלאָגן און פֿאַרניכטעט די פּלישתּים, וועלכע זיינען מיט העכער 3000 יאָר צוריק אַריינגעדרונגען אין אונזער לאַנד. איר וועט באַזוכן דעם עמק יזראעל, אין וועלכן גדעון, ברק בן אבינועם און דבורה הנביאה



פֿייערלעכע אויפֿנאַמע געגעבן פֿון ועד הפּועל פֿון דער הסתדרות לכּבוד דער דריטער הסתדרות פֿאָלקס־דעלעגאַציע. יוסף ברעסלוי, פּאָרזיצער פֿון טרייד יוניאָן־קאָונסיל, באַגריסט.

האָבן געפירט אונזערע זעלבסטשטענדיקייטס־קאַמפן. ביים אַלטן באַרג גלבוע וועט איר הערן אַן אור־אוראַלטן עכאָ פון דער מלחמה, וועלכע עס האָבן געפירט שאול און יונתן. דער באַרג וואָס איז פאַרשאָלטן געוועןǃ „קיין טוי און קיין רעגן" (אל טל ואל מטר) האָט אויך אויפגעלעבט און אַרום אים איז דער הערלעכער און פרוכטבאַרער עמק־יזרעאל. פון דער ווייטער פאַר־גאַנגענהייט — צו דער רעאַלער קעגנוואַרט.

„איין מיליאָן דריי הונדערט טויזנט אידן ציילן מיר איצט קעגנאיבער די זעקס הונדערט טויזנט אידן ביי דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה. 503 אידישע דערפער זיינען צעשפּרייט איבערן לאַנד, מיר האָבן זיך פאַר־גרעסערט, פאַרברייטערט און געשלאָגן טיפע וואָרצלען אין באָדן פון אונזער לאַנד. און מיר שטייען פאַר נאָך גרעסערע, ברייטערע און טיפערע אויפ־גאַבןǃ אין דער גרויסער מעכטיקער מלוכה־אונטערנעמונג איז זייער גרויס דער אַנטייל פון דער הסתדרות. מיר ציילן איצט נאָענט צו 400,000 חברות און חברים, וועלכע זיינען צעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד פון דן ביז אילת און פון ים ביז צום מזרח. דורך קאַמף, שטורעם און נאַציאָנאַלע רעוואָלוציע איז אַנטשטאַנען די אידישע מדינה. אין דעם קאַמף און אין דער נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע איז גרויס דער אַנטייל פון די הסתדרות־חברים. מיטן ענדע פון די קאַמפן האָבן מיר זיך אַלע געווידמעט דעם אויפבוי פון דער מדינה, צו איר פונדאַמענטירונג און פאַרפעסטיקונג. מיר ווילן נאָך האָבן אַ גע־לעגנהייט צו דערציילן אייך וועגן גרויסן אַנטייל פון „מגבית ההסתדרות" אין אויפבוי פון גרויסע אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן געדינט דער מדינה ביים אויפנעמען פון נייע עולים און אויפשטעלן אַ סך דערפער, וועלכע זאָלן אונז געבן ברויט, אין דער אַנטוויקלונג פון ציווילן ים־פלאָט און פלי־וועזן (אַוויאַציע) אין מדינת ישראל. מען קען מיט זיכערקייט זאָגן, אַז עס איז ניטאָ קיין שום ערנסטע אונטערנעמונג פון מלוכה־מאַסשטאַב, וועלכע איז אויפגעשטעלט געוואָרן אָן דער אַקטיווער הילף פון דער הסתדרות, אָן איר פינאַנציעלער הילף און פיזישער מיטבאַטייליקונג פון אירע חברים. מיר זיינען שותפים אין דער גרויסער וואַסער־אונטערנעמונג „מקורות", וועלכע ברענגט וואַסער און לעבט אויף די וויסטע. מיר האָבן אַ גרויסן אַנטייל אין דער אַנטוויקלונג פון האַנדלס־פלאָט און אויב איר וועט האָבן אַ געלעגנהייט צו פליען קיין אילת מיט די עראָפּלאַנען פון „ארקיע", דאַרפט איר וויסן, אַז די הסתדרות איז געווען די איניציאַטאָרין פון אויפשטעלן די געזעלשאַפט

און זי איז אין איר אַ שותף: מיטבאַטייליקט פינאַנציעל און אין דער אַדמיניסטראַציע. אַ סך פון אייך ווערן געפרעגט אין אַמעריקע: די הסתדרות, וועלכע איז אַזוי רייך און האָט אַזעלכע גרויסע מעגלעכקייטן, צי וואָס דאַרף זי איר אייגענעם קאמפּיין? ביי אַ צווייטער געלעגנהייט וועלן מיר אייך קענען איבערגעבן אַ מער גענויעם באַריכט, ביי דעם פייערלעכן צו־זאַמענטרעף וויל איך זיך אָבער באַנוגענען מיט אייניקע אַלגעמיינע שטריכן:

„פון דעם געלט, וועלכן איר זאַמלט אין אַמעריקע און שיקט אונז איבער, ווערט אַפילו קיין סענט ניט אויסגעגעבן פאַר די געוויינלעכע און נאָרמאַלע אויסגאַבן פון דער הסתדרות. אַלס ביישפּיל וועל איך אייך ברענגען אייניקע ציפערן: אין יאָר 1948, דאָס ערשטע יאָר פון דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה, האָט דער בודזשעט פון ועד הפועל באַטראָפן 873 טויזנט פונט, דערפון האָבן מיר באַקומען פון אויסלאַנד 707 טויזנט פונט — 81 פּראָצענט. אין יאָר 1949 איז דער איינקונפטס־בודזשעט פון ועד הפועל געווען 1,156,000 פונט, דערפון האָבן מיר באַקומען פון אויסלאַנד 899,000 פונט — 78 פּראָצענט; אין יאָר 1950 איז דער בודזשעט פון ועד הפועל געווען 1,557,000 פונט, דערפון האָבן מיר באַקומען 779,000 פונט, ד״ה 51 פּראָצענט פון אויסלאַנד און 49 פּראָצענט פון לאַנד גופא. דאָס יאָר 1951 סומירט זיך דער איינ־קונפט־בודזשעט פון ועד הפועל (אָן דער מועצת הפועלים) 1,789,000 פונט, וועלכער באַשטייט 730,000 פונט פון אויסלענדישע קוועלן און 1,059,000 פונט פון לאַנד, וואָס עס באַדייט, אַז 62 פּראָצענט פון די איינקונפטן קומען פון אינערלעכע הסתדרות־קוועלן, ווי: שטייערן פון חברים, פון אינסטי־טוציעס און נאָר 38 פּראָצענט וועלן מיר באַקומען פון אויסלענדישע קוועלן.

„פון די ציפערן קען מען זען די גרויסע ענדערונגען פון דעם יאָר, לגבי די פריערדיקע יאָרן. זיי ווייזן, אַז די הסתדרות ווערט אויסגעטראָגן דורך אייגענע כוחות, הן פון די שטייערן פון חברים ווי אויך פון די אָפּצאָלן פון אירע אינסטיטוציעס. איר דאַרפט וויסן, אַז די געלטער וועלכע מיר באַקומען פון אויסלאַנד זיינען געווידמעט אויסשליסלעך אויף קאָנסטרוק־טיווע און ווירטשאַפלעך־עקאָנאָמישע אונטערנעמונגען פון דער „הסתדרות".

„איך וועל זיך דאָס מאָל באַגנוגענען מיט באַצייכענען די אונטערנעמונ־גען, וועלכע מיר האָבן אויפגעשטעלט און אויסגעבויט מיט דער הילף פון מגבית: אונטערנעמונגען, וועלכע זיינען בכוח צו פאַרגרעסערן די אויפנאַמס מעגלעכקייטן פון לאַנד, ווי אויך צו פאַרגרעסערן די ווירטשאַפטלעכע אויפ־

נאָמס־מעגלעכקייטן, אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע אין נייע ערטער, די אַנטוויקלונג פון האַנדלס־פלאָט און ציווילע אַוויאַציע".

קורצע רעדעס זיינען אויך געהאַלטן געוואָרן פון יוסף ברעסלאו, משה שייוועך. איך זאָג אַ פּאָר ווערטער אין נאָמען פון דער דעלעגאַציע און די פאַרזאַמלונג ווערט געשלאָסן מיט אַ קורצער, אָבער זייער בליציקער רעדע פון יוסף שפּרינצאַק.


יוסף שפּרינצאַק

צוערשט האָט ער געזאָגט, אַז, דער „ספּיקער", האָט שוין ניט גע־רעדט פון זינט די כנסת איז גע־שלאָסן. אין דער צייט פון די וואַלן, זאָגט ער, האָט ער ניט גערעדט, נאָר ער האָט געהערט ווי אַנדערע רעדן. גאָר אַ סך, האָט ער געזאָגט, איז אין דער צייט פון די וואַלן גערעדט גע־וואָרן — אַזויפיל רייד, וואָס וואָלט געקלעקט פאַר עטלעכע וואָל־קאַמ־פּאַניעס... נאַטירלעך, האָט יעדער איינער געוואָלט ווייזן, אַז עס טויג ניט אין לאַנד און אַז ווען מען זאָל דערוויילן זיין פּאַרטיי, וועט מיט אַמאָל אַלץ ווערן בעסער. ער האָט, זאָגט ער, מיט אַ צייט צוריק באַגעגנט אַן אַמערי־קאַנער פאַרפאָלק, וואָס איז שוין געווען עטלעכע טעג אין לאַנד. האָבן זיי אויף זיין פראַגע, ווי עס געפעלט זיי ישראל?, אים געזאָגט, אַז קיין זאַך טויג דאָ ניט, כאָטש נעם און גיב די מדינה צוריק די אַראַבער...

נו, איז טאַקע דאָ אַ סך זאַכן וואָס דאַרף אויסגעבעסערט ווערן און ניט אַלץ איז פּערפעקט. פונדעסטוועגן, האָט ער געזאָגט, וואַלגערן זיך ניט קיין מדינות אויפן מיסט, און אַז עס וועט מיט דער צייט בעסער ווערן.

ער דריקט אויך אויס זיין צופרידנקייט מיט דעם, וואָס דער הסתדרות־אָפיס אין ניו יאָרק גרייט צו יעדן יאָר דאָס קומען פון אַן אָרגאַניזירטער גרופּע עסקנים, זיי זאָלן אַליין זען דאָס לאַנד און זיך אָנשעפּן מיט באַנייטן מוט פאַרצוזעצן זייער וויכטיקע אַרבעט און אויך געניסן אַביסל פון דעם נחת. מען דאַרף דערמוטיקן פייגעבוימ'ען, ער זאָל די דאָזיקע וויכטיקע אַרבעט פאָרזעצן.

מיט דעם איז די פֿאַרזאַמלונג געווען צו ענדע, אונזער דעלעגאַציע איז געגאַנגען עסן לאָנטש און אַביסל אָפּרוען זיך, כדי צו קענען פֿאָרזעצן אונזערע וויזיטן.



אויף דער וועראַנדע פֿון „ירקון" האָטעל אין תל־אביב ביי אַ באַגעגעניש מיט די מיטגלידער פֿון דער צווייטער הסתדרות פֿאָלקס דעלעגאַציע אין 1950. פֿון רעכטס צו לינקס: קאַרל קאָהען, חנה חושי, י. פֿייגענבוים, דר. גראָס (ווענעזועלא), אבא חושי און יוסף אלמוגי.




1172

צצמממ ממ 2035 636
חיפה 11 22 1 1045
י.פיגנבוים משלחת עממית מלון הירדון תל אביב
ברכות לבביות לך ולמשלחת מזמין אותכם בשם העיריה לבקור
ולארוחת ערב הודיעו מתי
אבא חושי

טעלעגראַמע פֿון אבא חושי איינלאַדנדיק דער הסתדרות פֿאָלקס דעלעגאַציע קיין חיפה

# אין ביילינסאָן שפּיטאָל

עס איז שוין געווען אַרום פיר אַזייגער נאָכמיטאָג, ווען מיר זיינען אַרויסגעפאָרן פון תל־אָביב אויפן וועג קיין רמת־גן צו באַזוכן דעם ביילינסאָן שפּיטאָל. די וועגן זיינען געווען שטאַרק באַלעבט פון אַ גרויסער באַוועגונג פון טראָקס, אויטאָבוסן, טעקסיס און פּריוואַטע אויטאָמאָבילן — אַ באַוועגונג, וואָס וואָלט, דוכט מיר, זיך ניט געדאַרפט שעמען און געקענט זיך פאַרגלייכן צו וועלכער עס איז שטאָט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָ איז כדאי צו באַמערקן, אַז דער וועג פון תל־אביב קיין רמת גן איז איינער פון די בעסטע און ברייטסטע אין דער גאַנ־צער געגנט. עס איז אַ דאָפּלטער וועג וואו אַלע קענען לויפן אומגעשטערט, פּונקט ווי אין די ברייטסטע וועגן אין אַמעריקע.



מ. ראַבינאָוויטש, דירעקטאָר פון קופּת חולים אין תל־אביב.

אויף דעם געביט פון אויסברייטערן און שניידן נייע וועגן איז זייער אַ סך אויפגעטאָן געוואָרן די לעצטע צוויי יאָר. נייע וועגן זיינען געבויט געוואָרן אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקלען פון לאַנד. דאָס מאַכט דעם פאַרקער לייכטער און העלפט אַ סך דער אינדוסטריע־לער אַנטוויקלונג פון לאַנד.

איז פאָרנדיק אויף דעם ברייטן וועג קיין רמת גן האָט מען אונז אָנגע־וויזן אויף אייניקע גאָר גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וואָס זיינען אין דער לעצטער צייט אויפגעשטעלט געוואָרן. דאָרט געפינט זיך איצט אַ גרויסע פאַרב־פאַבריק, אַ גרויסע ווערהויז פון תנובה, אַ טעקסטיל־פאַבריק און די זאַוואָדן פון עסיס און אַנדערע.

פֿאַרבייפֿאָרנדיק האָט מען אונז אויך אָנגעוויזן אויף איינע פֿון די פּאָליציי־סטאַנציעס, וועלכע די בריטישע מאַנדאַטן־מאַכט האָט אויפֿגעבויט דורך דער צייט פֿון איר ממשלה. אַזעלכע סטאַנציעס, געבויט ווי פֿעסטונגען, געפֿינען זיך איבערן לאַנד גאַנצע 64. זיי זיינען אַלע צעוואָרפֿן אין סטראַטעגישע פּונקטן פֿון לאַנד און ווערן איצט באַנוצט פֿון דער ישראל־רעגירונג פֿאַר איר אייגענער פּאָליציי. די סטאַנציע, וואָס מיר זיינען דורכגעפֿאָרן האָט אַ היסטאָרישע באַדייטונג אין דעם קאַמף, וואָס די אידן פֿון ארץ ישראל האָבן אָנגעפֿירט מיט גרויס־בריטאַניע, מיט דעם, וואָס אין דער געביידע איז געהאַלטן, גע׳משפּט און אויפֿגעהאָנגען געוואָרן דוב גרונער, איינער פֿון די העלדן, וואָס האָט אויף זיין שטייגער בייגעשטייערט צו ישראל׳ס באַפֿרייאונג.


ד״ר. זלמן גרינבערג

די שיינקייט פֿון רמת גן איז שוין ניט איין מאָל באַשריבן געוואָרן פֿון קאָרעספּאָנדענטן און פֿון באַזוכער. אָבער מען דאַרף דאָס אַליין זען, כדי צו קענען אָפּשאַצן די פּרעכטיקייט פֿון דער געגנט. די גאַסן זיינען ממש איינגעטונקען אין גרינס און אין בלומען. וועלכער איד, ספּעציעל די אידן, וואָס קומען פֿון פּוילן, רומעניע, אָדער רוסלאַנד, וואָלטן געגלויבט, אַז דאָ, אין דעם פּלאַץ וואוינען אחינו בני ישראל. אָבער אַזעלכע צווייפֿלער וואָלטן גאָרניט באַדאַרפֿט גיין אין די הייזער כדי זיך איבערצוצייגן, אַז דאָס איז אמת. בלויז איבערלייענען די שילדן, וואָס טראָגן די נעמען פֿון די גאַסן, וואָלט זיי געזאָגט, אַז דאָס איז אַ אידישע שטאָט, די גאַסן, וואָס אונזערע „גאָנים״ האָבן אויסגערופֿן זיינען געווען: רחוב רמב״ם, ביאַליק, ארלאָזאָראָוו און אַנדערע. יאָ, עס קלינגט פֿאַנטאַסטיש, עס איז אָבער אמת — עס איז די ריינעווירקלעכקייט.

עס האָט זיך אונז ווירקלעך ניט געוואָלט אַזוי שנעל פֿאַרבייפֿאָרן אָט

די שיינע געגנט, אָבער אונזער דעסטינאַציע איז געווען דער ביילינסאָן שפּיטאָל, וואָס געפינט זיך ניט ווייט פון פּתח־תקוה. זיינען מיר אַהין געפאָרן.



מרדכי בונן, פאָרשטייער פון קופּת חולים אין אַמעריקע.

איך און מיין פרוי האָבן באַזוכט דעם ביילינסאָן שפּיטאָל מיט צוויי יאָר צו־ריק, ווען מיר זיינען דאָ געווען מיט דער ערשטער הסתדרות פאָלקס דעלע־גאַציע. שוין דעמאָלט האָבן זיי גע־האַלטן אין צובויען אַ היפּשע נייע גע־ביידע. יענע געביידע איז שוין לאַנג פאַרטיק און פאַרנומען מיט פּאַציענטן. איצט האַלטן זיי אין בויען אַ גאָר, גאָר גרויסע נייע געביידע, וואָס ווען זי וועט פאַרטיק ווערן, וועט אָט דער שפּיטאָל קענען אַריינגעמען צוויי מאָל אַזוי פיל קראַנקע ווי ביז איצט. אַז זיי האָבן אַ שטאַרקן דוחק אין פּלאַץ האָבן מיר באַ־מערקט גלייך ווי מיר האָבן גענומען דורכגיין די באַזונדערע אָפּטיילונגען (וואָרדס). יעדער ברעקל פּלאַץ איז געווען פאַרנומען, אַפילו די קאָרידאָרן.

דער ביילינסאָן שפּיטאָל איז איינער פון די גרעסטע שפּיטאָלן פון דער מעדיצינישער אָרגאַניזאַציע, באַקאַנט אונטערן נאָמען קופּת חולים.

עס וועט מיר נאָך אויסקומען צו דערציילן מער איינצלהייטן פון קופּת חולים, וואָס באַדינט איצט איבער זעקס הונדערט טויזנט נפשות, מיטגלידער און זייערע פאַמיליעס פון דער הסתדרות. אַ חוץ וואָס קופּת חולים העלפט אין דער מעדיצינישער באַהאַנדלונג פון די עולים, וואָס קומען טעגלעך אַריין אין לאַנד. דערווייל וויל איך דערציילן, וואָס מיר האָבן געזען אין דעם שפּיטאָל און וואָס מיר האָבן געהערט פון ד״ר זלמן גרינבערג, דעם פאַרוואַלטער פון דעם ביילינסאָן שפּיטאָל.

שוין דער דרויסנדיקער אויסזען פון די געביידעס, די לאַנדשאַפט אַרום, די בוימער און בלומען, מאַכן זייער אַן אָנגענעמען איינדרוק. די געביידעס זיינען פון ווייסן צעמענט אינעווייניק, די טרעפּ פון מאַרמאָר, איבעראַל איז

ריין און ציכטיק. אַלע באַדינער און קראַנקן־שוועסטער זיינען אָנגעטאָן אין ווייסן, אַזוי אַז עס איז קענטיק, אַז מען איז דאָ שטאַרק מקפּיד אויף ריינקייט און סאַניטאַרע באַדינגונגען.

אונזער גרויסע דעלעגאַציע, קיין עין הרע פון 56 פּערזאָן, איז אַרויפ־געפירט געוואָרן אויף אַן אויבערשטן עטאַזש, אין אַ גרויסן צימער, וואָס ווערט וואַרשיינלעך באַנוצט פאַר סטעף־קאָנסולטאַציעס פון די שפּיטאַל־דאָקטוי־רים. מיר האָבן זיך אַלע אויסגעזעצט און זיך צוגעהערט צו ד״ר זלמן גרינ־בערג׳ס דערקלערונגען וועגן דעם ביילינסאָן שפּיטאַל און קופּת חולים.

אָבער קודם כל איז אין פּלאַץ אַ פּאָר ווערטער וועגן ד״ר זלמן גרינבערג׳ן וואַליין:

ד״ר זלמן גרינבערג, וואָס איז איצט דער הויפּט און פּאַרוואַלטער פון דעם גרויסן שפּיטאַל, איז געבוירן געוואָרן אין ליטע, אין יאָר 1912. ער האָט שטודירט מעדיצין אין דער שווייץ און האָט געקראָגן זיין דאָקטאָר־דיפּלאָם אין 1936. ער האָט זיך ספּעציאַליזירט אין רענטגענאָלאָגיע (עקס־רעיס) אין דעם ציריכער אוניווערזיטעט. דורך דער צייט, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין דער שווייץ, איז ער געווען אַ מיטגליד פון דער שווייצאַרישער ציוניסטישער עקזעקוטיווע און האָט אָנגעפירט מיט דער ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע און דירעקטירט יוגנט־קעמפּס און סטודענטישע קלובן.

ווען ד״ר גרינבערג האָט זיך געהאַט פאַרפאָלקאָמט אין רענטגען־סטודיע אין ציריך, איז ער געוואָרן דער הויפּט אין דעם עקס־רעי אינסטיטוט אין קאָוונער אוניווערזיטעט־שפּיטאַל און איז דאָרט פאַרבליבן ביז דעם אויס־ברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

ד״ר גרינבערג איז צוזאַמען מיט זיינע אידישע פאָלקס־ברידער דורכ־געגאַנגען אַלע נאַצישע נגישות אין דער געטאָ און אין די קאָנצענטראַציע־קעמפּס. ער האָט אַלס מעדיצינער געגעבן הילף זיינע קראַנקע ברידער און אין דער צייט געווען שטאַרק טעטיק אין דער ציוניסטישער אונטערערדישער באַוועגונג

נאָך אַפילו איידער די נאַציס האָבן אָנערקענט זייער מפּלה און זיך אונטערגעגעבן צו די זיגרייכע אַליאירטע, האָט ד״ר זלמן גרינבערג ממש פאַרכאַפּט אַ מיליטערישן האָספּיטאַל אין סט. אָטיליען, בייערן, און האָט דאָרטן געגעבן הילף צו טויזנטער פּליטים, אידישע קרבנות פון די גרויזאַמע נאַציס.

ד״ר גרינבערג איז געווען דער גרינדער פון דעם צענטראַלן קאָמיטעט פון די באַפרייטע אידן אין דייטשלאַנד און איז געווען דער ערשטער פּרע־זידענט פון דער אָרגאַניזאַציע

צוזאַמען מיט ד״ר קלאַוזנער, וועלכער איז איצט דער ראַבאַי אין טעמפּל איזראַעל אין באָסטאָן, האָט ער אַרויסגעגעבן ביכער, וועלכע האָבן אַנט־האַלטן ליסטעס מיט נעמען פון געראַטעוועטע אידן.

אין 1946 איז ד״ר זלמן גרינבערג געקומען קיין אַמעריקע, אַלס פּרעזי־דענט פון די שארית הפליטים, צו דער אידישער קאָנפערענץ. ער האָט דאַן דערפאָלגרייך אַדורכגעפירט זיינע פאַרהאַנדלונגען מיט מעידזשאָר דזשאַן הילדערינג דעם סטאַטוס פאַר די מזרח־אידן, וואָס זיינען זיך אָנגעלאָפן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד און האָט אָרגאַניזירט צענטערס פון חלוצים הכשרה׳ס.

געקומען קיין ישראל איז ער אין יולי 1946 און האָט געאַרבעט אַלס עקס־רעי ספּעציאַליסט פאַר קופּת חולים אין די עולים־צענטערס, און אין 1947 איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס דירעקטאָר פון דעם גרויסן ביילינסאָן־שפּיטאָל אין פּתח תקוה.

לעצטן יאָר איז ד״ר זלמן גרינבערג דעלעגירט געוואָרן פון דער הסתדרות און קופּת חולים צו פאָרן קיין אַמעריקע. ערשטנס, מיטצוהעלפן אין דעם הסתדרות־קאַמפּעין און צווייטנס, זיך צו באַקענען מיט די נייסטע מעטאָדן, וואָס ווערן באַנוצט אין די אַמעריקאַנער שפּיטאָלן צו היילן קראַנקע.

ד״ר גרינבערג האָט, נאַטירלעך, אויך באַזוכט אונזער שטאָט, באָסטאָן, צו העלפן אונזער קאַמפּעין פון קאָמבאַינד־אַפּיל, זיך זען מיט זיין פריינט, ד״ר אברהם קלאַוזנער, און זיך אַריינכאַפּן אין אַ פּאָר באָסטאָנער שפּיטאָלן.

אַגב, איז ווערט צו דערציילן אַ קליינעם אינצידענט פון ד״ר גרינבערג׳ס באַזוך דאָ, אין באָסטאָן. באַזוכנדיק אייניקע שפּיטאָלן, צווישן זיי אויך דעם זייער פיינעם בית ישראל שפּיטאָל, האָט ד״ר גרינבערג שטאַרק מקנא געווען די שפּיטאָלן, וואָס האָבן די נייסטע כירורגישע בעטן פאַר די אָפּערירטע קראַנקע — בעטן, וואָס ביילינסאָן שפּיטאָל האָט נאָך ניט, ווייל ער קען זיך ניט פאַרגינען אויסצוגעבן אַזויפיל געלט.

זיין וואונטש צו האָבן אייניקע בעטן אַזעלכע האָט ער אויסגעדריקט אין דער אָנוועזנהייט פון מיין ברודער, מאָריס. ער האָט אים געגעבן צו פאַר־



דער נײַ־צוגעבױטער פליגל צום בײלינסאָן שפּיטאָל

שטיין, וואָס עס מיינט פאַר אַ פּאַציענט, וואָס איז דורכגעגאַנגען אַן אָפּעראַציע; וויפל ווייטאָגן אַזעלכע ליידן, ווען מען דאַרף זיי אויפהויבן און צוריק אַוועקלייגן. די כירורגישע בעטן זיינען אַזוי צוגעפּאַסט, אַז די אַלע זאַכן ווערן געטאָן אָן צו פאַרשאַפן דעם פּאַציענט איבעריקע שמערצן.

עס האָט ניט לאַנג גענומען. דורך דער ענערגישער אַרבעט פון מיין ברודער און דורך דער קאָאָפּעראַציע פון זיינע פריינט, זיינען 25 כירורגישע בעטן געקויפט און אָפּגעשיקט געוואָרן צו דעם ביילינסאָן שפּיטאָל.


אליעזר פּרי, געוו. וויצע־מעיאָר פון תל־אביב, איינער פון די פירער פון קופּת חולים.

מיט פרייד האָט מיר ד"ר גרינבערג מיטגעטיילט, ווען ער האָט מיך באַגעגנט, אַז די בעטן זיינען שוין אָנגעקומען אין פּאָרט, און אַז זיי וועלן אינגיכן אַריינגעשטעלט ווער אין שפּיטאָל.

איצט, אַז איך האָב אייך שוין אַביסל דערציילט ווער ד"ר גרינבערג איז, וועל איך אייך זאָגן, וואָס ער האָט אונז מיטגעטיילט וועגן ד ע ם ביילינסאָן־שפּיטאָל:

ביילינסאָן איז דער גרעסטער שפּיטאָל פון קופּת חולים און איז איינער פון די גאָר גרויסע אין ישראל. דערווייל אָבער האָט ער בלויז 270 בעטן אין אַלע אָפּטיילונגען, אָבער, ווען די נייע געביידעס, וואָס זיי בויען איצט, וועלן זיין פאַרטיק, וועלן זיי האָבן פּלאַץ פאַר 500 בעטן. דער שטראָם פון די נייע עולים און די וואַקסנדיקע באַפעלקערונג נויטיקט זיך איצט זייער שטאַרק אין מער פּלאַץ אין די שפּיטאָלן און אַזוי ווי קופּת חולים באַדינט איבער 600 טויזנט נפשות פון הסתדרות אַליין, קען מען זיך שוין מאַכן אַ באַגריף ווי שטאַרק זיי נויטיקן זיך אין גרעסערע שפּיטאָלן.

ער האָט אונז אויך דערציילט אַז אין ביילינסאָן שפּיטאָל קורירן זיי מיט די נייעסטע מעטאָדן. זיי האָבן זייערע אייגענע לאַבאָראַטאָריעס, אַזוי אַז ער קאָן מיט שטאָלץ זאָגן, אַז דער ביילינסאָן שפּיטאָל איז איינער פון

די בעסטע אין מיטל מזרח. ד״ר גרינבערג האָט שטאַרק געלויבט די אַרבעט פון די אַמעריקאַנער חברים אין אָנפירן די אַרבעט פון די הסתדרות קאַמפּעינס און האָט אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז די אַרבעט לטובת דער הסתדרות וועט פאַרשטאַרקט ווערן, אַז קופּת חולים זאָל קענען פאַרגרעסערן די מע־דיצינישע הילף צווישן די נייע אָנ־געקומענע.



עזריאל בראשי, דער רוח־החיים פון דעם „תיור וטיול" דעפּאַרטמענט אין ישראל.

מיר האָבן זיך געזעגנט מיט ד״ר גרינבערג און אַוועקגעגאַנגען פון דעם ביילינסאָן שפּיטאָל מיט אַ געפיל, אַז דער שפּיטאָל איז אין ריכטיקע הענט און אַז אונטער דער לייטונג פון דעם ענערגישן ד״ר גרינבערג וועט ער ווערן איינער פון די גרעסטע און בעסטע שפּיטאָלן אין ישראל.

נאָך אַ קורצן שפּאַציר אין די שיינע, מיט בלומען באַוואַקסענע גערטנער פון שפּיטאָל, האָבן מיר זיך צוריקגעקערט קיין תל־אביב.



# אויפן וועג קיין ירושלים — א באזוך אין עמל
# די הסתדרות פאַך־שולע — רמלה

אונזער דעלעגאַציע האָט אין תל אָביב בלויז פאַרבראַכט צוויי טעג און שוין האָבן מיר די שטאָט געמוזט פאַרלאָזן און פאָרן קיין ירושלים.

דער פּראָגראַם פון אונזער שפּאַציר איז אַזוי אויסגעלייגט געוואָרן, אַז מיר זאָלן נאָך צוויי טעג זיין אין תל אָביב, אָפּפאָרן קיין ירושלים, און דאָרטן שטיין איבער שבת און ווייטער אַרויספאָרן צו באַזוכן דעם עמק, טבריה, צפת, חיפה און דערנאָך צוריק קיין תל אָביב און אין דעם נגב.

זיינען מיר דאָנערשטאָג אינדערפרי, דעם 2טן אויגוסט, גלייך נאָך פרישטיק אַרויסגעפאָרן קיין ירושלים.

די זון האָט העל געלויכטן, דער הימל איז געווען בלוי, אָן אַ שפּרענקל כמאַרע, אָבער וואַרעם איז געווען גאַנץ געשמאַק. די פּאָר טעג, וואָס מיר זיינען געווען אין תל אָביב האָבן שוין געהאַט אַריינגעכאַפּט זייער הייסע טעג און נעכט, — הייסער ווי ווען מיר געדענקען, אַז עס זאָל האָבן געווען פּאַר צוויי יאָר, ווען מיר זיינען געווען אין ישׂראל מיט דער ערשטער הסתדרות־דעלעגאַציע. ניט אומזיסט האָבן די ישׂראל׳דיקע געזאָגט, אַז עס איז דער הייסטער זומער אין 27 יאָר.



דער „בורמאַ" וועג קיין ירושלים (כביש הגבורה)

מיר זיינען דעריבער געווען זייער צופרידן אַוועקצופאָרן פון תל אָביב, וואו עס איז נידעריק און הייסער ווי אין די שטעט אויף די בערג. ספּעציעל האָט אונז געפרייט, וואָס מיר פאָרן קיין ירושלים, וואו די לופט איז ריינער און קילער ווי אין תל אָביב.

האָבן מיר אַזוי אָנגעהויבן אונזער שפּאַציר איבער ישראל, אַרויספאָרנדיק פון תל־אביב אויף דעם וועג קיין ירושלים אין צוויי ספּעציעל געדונגענע אויטאָבוסן. אין יעדן באָס האָבן מיר געהאַט אַ מדריך (גאַיד), וועמענס עובדה עס איז געווען צו דערציילן אונז די באַדייטונג פון די פּלעצער, וועלכע מיר פאָרן דורך, און די, וואָס מיר באַזוכן. אַ חוץ די צוויי „גאַידס" איז שטענדיק מיט אונז מיטגעפאָרן דער סעקרעטאַר פון דער דריטער דעלעגאַציע און פון די אַנדערע צוויי פריערדיקע דעלעגאַציעס, חבר יצחק פייגענבוים. ער האָט זיין צייט צעטיילט גלייך פאַר די צוויי באָסעס, פאָרנדיק אַ שטיקל צייט אין איין באָס און אַ שטיקל צייט אין דעם אַנדערן.

אָפּפאָרנדיק אַ קורצע שטרעקע פון יפו זיינען מיר דורכגעפאָרן דורך אַ גרויסן בוי־פּראָיעקט פון קליינע הייזער. דער „גאַיד" האָט אונז געזאָגט, אַז דעם פּראָיעקט בויט שיכון און ער הייסט קרית שלום. עס איז אַ הסתדרות פּראָיעקט פון אַ גרויסער צאָל קלענערע הייזער, געבויט ספּעציעל פאַר ותיקים, מיטגלידער פון הסתדרות. ווען די הייזער וועלן פאַרטיק ווערן וועלן די הסתדרות־מיטגלידער, אַזעלכע וואָס זיינען שוין לענגער אין לאַנד, זיי קענען קויפן צו מעסיקע פּרייזן און אַזוי אַרום וועלן זיי קענען זיך דער־ווערבן אַן אייגן ווינקל פאַר זיך און זייערע פאַמיליעס. אַזעלכע קרית׳ס אָדער קוואַרטאַלן, וואו עס זיינען געבויט געוואָרן אַזעלכע הייזקעס און ווערן אויסגעצאָלט פון די אַרבעטער, וואָס וואוינען אין זיי, געפינען זיך שוין אַ היפּשע צאָל אין תל אביב, חולון און אין חיפה. ווען די הייזקעס וועלן פאַרטיק ווערן און באַזעצט ווערן פון זייערע אייגנטימער, וועלן אַ סך וואוי־נונגען באַפרייט ווערן פאַר די עולים, וואָס געפינען זיך איצט אין ביידלעך אין די מעברות.

פאָרנדיק, זיינען אונזערע בליקן צוגעצויגן געוואָרן צו אַ זייער גרויסן שטח לאַנד, מיט בוימער, באַאַרבעטע גערטנער און פּרדסים. דאָס איז מקוה ישראל — אַ גרויסע אַגריקולטור שולע, וואו בחורים און מיידלעך לערנען זיך צו זיין פאַרמער. מקוה ישראל, האָט אונז דער „גאַיד" דערציילט, איז די עלטסטע אַגריקולטור שולע אין ארץ ישראל און אַז די שולע איז געגרינ־

דעט געוואָרן פון דער אַליאַנס איזראַעליט, וואָס איז אין די ערשטע יאָרן פון דער אידישער קאָלאָניזאַציע געווען טעטיק אין ארץ ישראל. אונזער צייט דערלויבט אונז ניט זיך אָפּצושטעלן אין מקוה ישראל, פאָרן מיר ווייטער דורך משמר השבעה (יזור), בית דגן ביז רמלה (ראַמלע) און שטעלן זיך אָפּ צו באַזוכן די פאַך־שולע פון דער הסתדרות.

דער נאָמען רמלה אַלס אידישע שטאָט קלינגט פאַנטאַסטיש און אומ־גלויבלעך, ווייל אָט די שטאָט אָדער דער דאָרף רמלה, איז ביז דער באַ־פרייאונג געווען אַ נעסט פון אַראַבישע אידן־פיינט, וואָס האָבן פאַרביסן געקעמפט אין דער מלחמה. איצט איז אין רמלה דאָ זייער ווייניק אַראַבער און מען באַזעצט דאָ אַ סך עולים חדשים — אַ אידיש שטעטל.

זייענדיק אין רמלה האָבן מיר באַזוכט די פאַך־שול עמל, וואו מען לערנט אַ גרויסע צאָל אינגלעך אַ פאַך — סטאָלעריי אָדער שלאָסעריי.

די תלמידים פון דער שול האָבן מיר איצט ניט געזען, ווייל זיי זיינען אַוועק פאַר דער זומער־וואַקאַציע. אָבער לויט ווי מען גיט אונז איבער און וואָס מיר האָבן געזען אין דער פאַך־שול מיט צוויי יאָר צוריק, געפינען זיך דאָרטן קינדער פון אַ סך לענדער, האַלבע אָדער גאַנצע יתומים, וואָס זייערע עלטערן זיינען אומגעקומען און זיי זיינען געבליבן אָן אַ היים. דאָ, אין דער הסתדרות־שול עמל, לערנט מען זיי אַ מלאָכה, און מען האַלט זיי אויס, ביז זיי קענען אַליין פאַרדינען זייער ברויט.

אַזעלכע פאַך־שולן פון דער הסתדרות געפינען זיך אין אַ סך שטעט. די גרעסטע פון זיי איז די מאַקס פאַין־שול אין תל אָביב. אין די פאַך־שולן ווערט געלערנט מלאָכות, וואָס זיינען איצט זייער נייטיק פאַרן לאַנד. סטאָ־ליאַרעס, שלאָסערס און עלעקטריק מעכאַניקער ווערן געזוכט מיט ליכט און ווערן גוט באַצאָלט פאַר זייער אַרבעט. אַגב, איז ווערט צו באַמערקן, אַז אַ טייל פון די געלטער פון דעם געווערקשאַפט־קאַמפּעין, וואָס ווערט געזאַמלט אין אַמעריקע, ווערט באַנוצט אויף אויסצוהאַלטן אַזעלכע שולן.

מיר זיינען פאַרטיק געוואָרן מיטן באַטראַכטן די עמל־שול און זיך דערפרישט מיט טיי אָדער מיט אַ קאַלטן טרונק, וואָס מיר האָבן געקראָגן אין אַ קאַפע ניט ווייט פון דער שולע. מיר זיינען ווידער געפאָרן אויפן וועג קיין ירושלים.

אונזערע אויטאָבוסן זיינען געפאָרן מיט דעם נייעם וועג און אויך אויף דעם כביש הגבורה, און נאָכאַמאָל אויף דעם אַלטן ירושלים־וועג. וואָרים

דער נייער ירושלים־וועג ווערט איבערגעריסן, ווייל אַ געוויסע שטרעקע פון דעם וועג ווערט נאָך געהאַלטן פון די אַראַבער, ניט ווייט פון לטרון (לאַטרון). אויף דעם שטיקל וועג, ספּעציעל נעבן „באַב על וואַד" זיינען נאָך דאָ סימנים פונ׳ם פאַרצווייפלטן קאַמף, וואָס די אידישע גיבורים האָבן געפאָכטן אין דער מלחמה. צעשטערטע טראָקס און וועגענער זיינען נאָך איצט צעשפּרייטע עדות פון דעם געראַנגל ביז די אַראַבישע אַרמייען זיינען באַזיגט געוואָרן. דער דורכגאַנג אין דער באַרגיקער געגנט איז געווען פול מיט געפאַר. דאָרטן האָבן שטענדיק געלויערט באַוואָפנטע אַראַבער, וואָס האָבן געוואָלט צעשטערן דעם פּראָוויאַנט און אַמוניציע, וואָס די טראָקס האָבן געמוזט ליפערן צו דער באַלאַגערטער שטאָט ירושלים. אַ סך פון די אָנגעלאָדענע וועגענער זיינען טאַקע צעשטערט געוואָרן און אומצייליקע אידישע גיבורים האָבן פאַרלאָרן זייערע לעבנס אין דער ביטערער און גאָרניט כוחות־גלייכער מלחמה. מיר, אידן פון דער גאַנצער וועלט דאַרפן שטענדיק געדענקען אָט די העלדן, וואָס האָבן געראַטעוועט דעם אידישן כבוד — די אידישע מדינה.

מיר זיינען ווייטער געפאָרן קלעטערנדיק אויף די בערג און דער־פרישנדיק זיך מיט דער קילער און ריינער באַרג־לופט, באַטראַכטנדיק די לאַנדשאַפט אַרום. עס איז אמת, אַז דאָ און דאָרטן ווייזן זיך אַ פּאָר הייזער אין די בערג — אַ קליינער ישוב, וואו די שטיינער, וואָס זיינען אַזוי רחבות׳־דיק צעשפּרייט איבער די הרי יהודה, זיינען אָפּגערייניקט. אָבער אין אַלגעמיין, די מערסטע בערג, וואָס פאַרנעמען דעם גאַנצן שטח לאַנד, זיינען נאַקעט אָן אַ גרין בלעטל אָדער בוים. און עס שטעלט זיך די פראַגע: צי וועלן, ווען עס איז, די מיט שטיינער באַשאָטענע בערג באַזעצט ווערן?

אַ פאַרזוך צו פלאַנצן בוימער צווישן אייניקע פון די בערג, איז שוין לאַנג געמאַכט געוואָרן. אין אייניקע פלעצער זיינען שוין דאָ קלענערע וועלדלעך... לעצטנס ווערן געפלאַנצט קליינע בוימעלעך ביי די וועגן. כל זמן די בוימער זיינען קליין און יונג, מוז מען זיי אָפּהיטן און זיי פלעגן מיט וואַסער. אָט די אַרבעט פון באַגיסן די בוימעלעך אין די לאַנגע חדשים, וואָס עס רעגנט ניט, האָבן אויף זיך גענומען די פייערלעשער פון די שטעט און שטעטלעך. זיי קען מען זען אויף די וועגן מיט זייערע פעסער וואַסער, באַגיסנדיק די יונגינקע ביימעלעך.

מיר דערנענטערן זיך צו ירושלים. די פון אונז, וועלכע זיינען אין דעם הייליקן לאַנד דעם ערשטן מאָל און זיינען נאָך קיינמאָל אין ירושלים ניט געווען, זיינען פול מיט נייגיר און דערוואַרטונג. זיי קוקן אין די בערג אין דער דערוואַרטונג, אַז זיי וועלן קענען כאַפּן אַ בליק אויף דער שטאָט, אויף דער אייביקער שטאָט, „איטוירנעל סיטי״. דערוויל פאָרן מיר דורך דעם אַראַבישן דאָרף „אַבאַ גוש״, אַביסל ווייטער אין קרית ענבים און מוצא און אַ צעשטערטער אַראַבישער דאָרף, וואָס טראָגט נאָך איצט דעם רוימישן נאָמען „קאָלאָניע״.

אונזערע אויטאָבוסן האָבן אַזוי געשניטן די בערג קרעכצנדיק אַרויף און גליטשנדיק זיך אַרונטער, ביז די שטאָט מיט די שיינענדיקע מויערן איז אויסגעוואַקסן פאַר אונזערע אויגן. מיר זיינען אין ירושלים! — האָט אויסגערופן אונזער מדריך. ירושלים, ירושלים, האָבן די מערסטע אין אויטאָבוס איבערגע׳חזר׳ט.

די גאַסן זיינען געווען באַלעבט, אַ סך אַ גרעסערע באַוועגונג פון מענטשן, טראָקס, באָסעס און אויטאָמאָבילס, ווי מיר האָבן געזען אין יאָר 1949, ווען מיר זיינען דאָ געווען. דאַן האָט די שטאָט געהאַט ווייניקער איינוואוי־נער, אַ סך ווייניקער, ווייל צוליב דעם קריג און דאָס, וואָס אַלע רעגירונגס־אָפיסעס זיינען דאַן געווען אין און אַרום תל אָביב, איז די שטאָט אויס־געליידיקט געוואָרן און האָט דאַן בלויז געהאַט אַרום 85 טויזנט איינוואוינער. איצט אָבער, האָט מען אונז געזאָגט, אַז ירושלים האָט שוין, ב״ה און כן ירבו, נאָענט פון 150 טויזנט איינוואוינער. איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס די גאַסן־באַוועגונג פון מענטשן און וועגענער איז גרעסער.

פאָרנדיק צו דעם מלך דוד־האָטעל, וואו מיר זיינען פאַרבליבן די פיר טעג, וואָס מיר זיינען געווען אין ירושלים, האָט מען אונז אָנגעוויזן אויף דער נייער, נאָך ניט געענדיקטער, געביידע, וואו דער ציוניסטישער קאָנגרעס האָט באַדאַרפט אָפּגעהאַלטן ווערן. אַלע פון דער דעלעגאַציע האָבן באַטראַכט די מענטשן, די גאַסן, די געביידעס מיט נייגיר ביז מיר זיינען צוגעקומען צו דעם „קינג דעיוויד״ האָטעל, וואָס מען רופט אַצינד — „מלון מלך דוד״.

די פון דער דעלעגאַציע, וועלכע האָבן קיינמאָל דעם מלך דוד האָטעל ניט געזען און האָבן אין זינען געהאַט דעם ירקון אָדער זיינס גלייכן אין תל אָביב, זיינען געווען זייער אָנגענעם איבערראַשט צו זען דעם שיינעם

און מאָדערנעם האָטעל. דער קאָנטראַסט איז אַ געוואַלדיקער און האָט אַ סך פון אונז, וואָס זיינען אָפּגעקומען אין יענע האָטעלן, אָנגעפילט מיט פרייד און הנאָה.

מיר האָבן זיך געפילט גוט און אויפגעלייגט צו פאַרברענגען אין אַזאַ פלאַץ עטלעכע טעג, וואָס וועט אַריינגעמען אויך שבת. שבת אין ירושלים איז ווערט צו זיין. די אַטמאָספער, רו און הייליקייט וואָס ליגט אויסגעגאָסן אויף די מענטשן, ווען זיי גייען אין די שולן דאַווענען אָדער ווען זיי שפּאַצירן אין גאַס, איז אַ נחת אָנצוקוקן...

דערווייל האָבן מיר זיך רעגיסטרירט און געקראָגן אונזערע צימערן, וואו מיר האָבן זיך איינגעוואַשן און אַראָפּגעגאַנגען עסן מיטאָג אין דעם רעסטאָראַן פון מלון מלך דוד.



ביי דער פייערלעכער אויפנאַמע וואָס דער אַרבעטער־ראַט אין ירושלים האָט געגעבן לכבוד דער צווייטער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע אין 1950. מאַקס גודמאַן באַגריסט דער אַרבעטער פאַרזאַמלונג אין ירושלים.



א בליק אויף נײַ־ירושלים.

# אין ירושלים

אין גרויסן עס־צימער פון מלך־דוד־האָטעל, האָט מען אונז סערווירט דעם ערשטן מיטאָג אין ירושלים. מיר האָבן זיך אויסגעזעצט ביי טישן, ספּעציעל אַראַנזשירט פאַר אונזער דעלעגאַציע, וואָס זיינען געווען אַביסל אָפּגעזונדערט פון די אַנדערע געסט פון האָטעל, כדי עס זאָל זיין גרינגער פאַר דער פאַרוואַלטונג צו פירן די רעכענונגען פאַר אונזער גרופּע.

אַלס טוריסטן זיינען מיר געווען באַרעכטיקט צו עסן מאכלים, וואָס די ישראל־באַפעלקערונג קריגט ווייניק און נאָר אויף „נקודות״ (פּונקטן), אָדער קופּאָנען, ווי מען פלעגט דאָס רופן ביי אונז, ווען מיר האָבן געהאַט רעישאַנינג אין צייט פון דער מלחמה.

אַזוי צום ביישפּיל, האָט מען אונז סערווירט פלייש און אייער יעדן טאָג, — מאכלים, וואָס די ישראלדיקע קריגן ניט אַזוי אָפט.

דאָס, דאַרף מען פאַרשטיין, ווערט געטאָן ניט דערפאַר, ווייל מען האַלט דעם טוריסט פאַר אַזאַ גרויסן מיוחס, נאָר פּשוט דערפאַר, וואָס דער טוריסט, ספּעציעל דער אַמעריקאַנער, ברענגט אין לאַנד אַריין דאָלאַרן, אין וועלכע די ישראל־קאַסע נויטיקט זיך זייער שטאַרק. און דאָ איז כדאַי צו באַמערקן, אַז די ישראל־רעגירונג שטרעבט זיך אָן אַריינצוברענגען אין לאַנד אַזוי פיל טוריסטן ווי נאָר מעגלעך — טאָקע צוליב דער זעלבער סיבה. ניט נאָר דערלויבט מען די טוריסטן, וואָס גיבן אויס אַמעריקאַנער דאָלאַרן צו עסן מאכלים, וואָס זיינען זייער באַשרענקט פאַר דעם ישראל׳דיקן עולם, נאָר מען האָט אויך לעצטנס געהאַט איינגעפירט אַ מעטאָדע, וואָס האָט געגעבן די טוריסטן מערער פונטן פאַר זייער דאָלאַר ווי ביז איצט.

וואָרים דער אָפיציעלער קורס פאַר דעם ישראל־פונט איז בעת מיין באַזוך אין ישראל נאָך אַלץ געווען 2.80 דאָלאַר. אויף דעם לעגיטימען אופן האָט קיינער דעם פונט ניט געקענט קויפן ביליקער, אָבער אין אמת׳ן איז די קויף־קראַפט פון פונט געווען ניט מערער פון אַ דאָלאַר. העכסטנס — אַ דאָלאַר מיט אַ פערטל.

עס פאַרשטייט זיך שוין, אַז ווען דער אַמעריקאַנער טוריסט איז געקומען קיין ישראל און האָט געדאַרפט בייטן זיינע דאָלאַרן אויף פונטן פאַר דעם אָפיציעלן קורס פון 2.80 דאָלאַר האָט אים געקאָסט זיין רייזע אַ שלל מיט

געלט, אויף וואָס אַ סך זיינען ניט געווען קיין בעלנים און אַ סך אַנדערע האָבן דאָס גאָרניט געקענט באַהויפּטן.

האָט די ישראל־רעגירונג דעריבער געפונען אַ מיטל ווי אַזוי אַביסל צו פאַרגרינגערן די אויסגאַבן פון טוריסט, מיט דעם, וואָס זי פאַרקויפט אים פונטן, וואָס קאָסטן 2.10 דאָלאַר אָנשטאָט 2.80. יעדער טוריסט קאָן דורך אַ באַנק אָדער אַפילו אין אַ גרויסן האָטעל קויפן אַ קרעדיט־בריוו („לעטער אָוו קרעדיט”), און דעם קרעדיט־בריוו נוצן צו קויפן זאַכן און מיט דעם צו באַצאָלן פאַר האָטעל־אויסגאַבן. אין אַנדערע ווערטער, אויב איינער צאָלט מיט די קופּאָנען פון דעם קרעדיט־בריוו, קריגט ער אַרונטער 25 פּראָצענט פון דעם אָפיציעלן קורס. איך אַליין און אַ סך מיטגלידער פון אונזער גרויסער דעלעגאַציע האָבן זיך באַנוצט מיט די קרעדיט־בריוו צו קויפן אין די קראָמען און אַזוי ווייטער.

ווי געזאָגט, זיינען מיר אַלס טוריסטן באַרעכטיקט געווען צו שפּייז, וואָס איז שטאַרק באַגרענעצט און ראַציאָנירט צו די ישראל־בירגער.

אָבער שוין אַפילו מיט אייער און פלייש און אַ סך אַנדערע שפּייזן, וואָס מיר, „פּריווילעגירטע”, האָבן געקראָגן, גלויב איך קוים, אַז עס באַפרידיקט אונזערע אַמעריקאַנער. די שפּייז אין אַלגעמיין איז אַ סך אָרעמער אין קוואַליטעט צו קענען געפעלן אונזערע טוריסטן, וועלכע זיינען צוגעוואוינט צו שפּייז, וואָס האָט גאָר אַן אַנדער טעם.

איך האָף, אַז די, וואָס וועלן לייענען די שורות וועלן פאַרשטיין, אַז איך זאָג דאָס ניט, חלילה לשם קריטיק. איך ווייס, אַז קיינער איז אין דעם ניט שולדיק. פאַרקערט, עס איז צו באַוואונדערן ווי אַזוי די ישראל־באַפעלקערונג אָפּפערט און שפּאָרט אָפּ פון זיך, כדי עס זאָל בלייבן שפּייז פאַר די נייע עולים, וועלכע קומען נאָך איצט אויך אַריין אין צאָלן פון טויזנט אַ טאָג. איך האָב דאָס בלויז דערמאָנט צוליב דעם, אַז אונזערע אידישע טוריסטן פון אַמעריקע זאָלן וויסן, אַז אַזאַ שפּייז צו וועלכע זיי זיינען געוואוינט אין אַמעריקע, קענען זיי דערווייל אין ישראל ניט קריגן. אין דעם איז ניטאָ קיין חילוק, צי איר עסט אין מלך־דוד־האָטעל אָדער אין וועלכן עס איז אַנדערן האָטעל, אָדער רעסטאָראַן אין ירושלים, תל־אביב אָדער חיפה.

דערפאַר אָבער האָט דער מאַנגל אין שפּייז פּשוט אויסגעלערנט די ישראל באַפעלקערונג און די קוכערס אין די רעסטאָראַנען, צו מאַכן פאַרשידנערליי

מאכלים פֿון ערזאַץ־מאַטעריאַלן („סאָבסטיטוטס”). אויף דעם זיינען זיי איצט פּשוט קינסטלער.

אָט, למשל, דערלאַנגט מען אייך אַ פֿאַרשפּייז, וואָס קוקט אויס ווי געהאַקטע לעבער. איר נעמט דאָס אין מויל אַריין און איר וואונדערט זיך וואָס דאָס איז אין אמת׳ן. עפּעס איז דאָס יאָ און ניט לעבער. עס האָט אַ ריח פֿון לעבער, אָבער פֿון אמת׳ן לעבער איז דאָרט קיין שמץ ניטאָ. עס איז גאָר געמאַכט פֿון „עגג פּלענט”.

עס זעט אויס, אַז אין ישראל טוען זיי איצט דאָס, וואָס די אידן האָבן געטאָן, ווען זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען פֿון מצרים, ווען זיי האָבן באַדאַרפֿט עסן מן און האָבן אין דעם מן, לויט דער דערקלערונג פֿו מיין רבי׳ן, געקענט פֿילן וועלכן טעם זיי האָבן נאָר געוואָלט: האָבן זיי געוואָלט פֿיש, איז דער טעם געווען פֿון פֿיש, פֿלייש א. א. וו. אין ישראל פּרובירן זיי אָפּנאַרן דעם מענטש און דעם מאָגן מיט כמו שפּייזן.

אין איין רעסטאָראַן האָט מען אונז סערווירט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ בלינצע, אָנגעפּילט מיט פֿלייש. אָבער אַז מיר האָבן דאָס גענומען אין מויל אַריין, האָבן מיר אויסגעפֿונען, אַז עס איז „לא דובים ולא יער” — עס איז ניט קיין בלעטל געמאַכט פֿון אייער און אינעווייניק איז ניט געווען קיין פֿלייש. זיי האָבן זיך, משמעות, אויסגעלערנט צו מאַכן „פֿון שניי גאָמעלקעס” — ווי מען פֿלעגט זאָגן ביי אונז אין וואָלין.

אָבער פֿון דעם געזאָגטן דאַרף קיינער ניט זיין אונטער דעם איינדרוק, אַז טוריסטן הונגערן, חלילה, אין ישראל. אַפֿילו ווען עס איז איצט דאָרט ניטאָ קיין פֿרישער אָראַנזשן־זאַפֿט און קיין סטעיקס, אָדער די אמת׳ע קאַווע מיט קרים, צו וועלכן די אַמעריקאַנער זיינען דאָ צוגעוואוינט. איך קען פֿערזענלעך קאַווירן, אַז קיינער פֿון אונזער גרויסער דעלעגאַציע און אַנדערע טוריסטן, וועלכע מיר האָבן באַגעגנט, זיינען געווען הונגעריק. פֿאַרקערט: פֿאַר אַ סך איז דאָס ניט עסן פֿון רייכע שפּייזן פֿאַר אַ שטיקל צייט געווען אַן אמת׳ע קוראַציע. זיי זיינען געווען פֿריש און געזונט און זיך געפֿילט אויסגעצייכנט גוט.

אין דער היגזיכט פֿון שפּייז, איז דער מלך־דוד־האָטעל ניט אַ סך אַנדערש פֿון די האָטעלן אין אַנדערע שטעט. דערפֿאַר אָבער איז די סביבה און דאָס סערווירן די שפּייז אין דעם גרויסאַרטיקן עס־צימער דאָ, אין דעם מלך־דוד־האָטעל זייער אנגענעם. די שיינע לאַבי און די לופּטיקע

צימערן זיינען אָן אַן ערך פיינער און באַקוועמער, ווי וועלכער עס איז אַנדער האָטעל אין ישראל. און עס קומט ווירקלעך אַ האַרציקן יישר כוח צו חבר פייגענבוים און די הסתדרות חברים אין ישראל, וואָס זיי האָבן אונז איינ־געאָרדנט אין דעם האָטעל פאַר דער צייט, וואָס מיר האָבן זיך געפונען אין ירושלים.

עס איז פאַר מיר געווען אינטערעסאַנט צו וויסן ווער עס איז איצט דער אייגנטימער פון דעם האָטעל, און פון וועמען ער ווערט פאַרוואַלטעט. איז לויט ווי מען גיט איבער, איז דער האָטעל געבויט געוואָרן פון אַ שוויי־צאַרישער האָטעל־געזעלשאַפט, וואָס זיינען די אייגנטימער און פאַרוואַלטן אַ סך האָטעלן אין אייראָפּע. און אַפילו איצט, אונטער דער אידישער ממשלה, פאַרוואַלטן זיי נאָך אויך דעם מלך־דוד־האָטעל, הגם אַ סך אַקציעס (שערס) פון דער אונטערנעמונג זיינען אין פּריוואַטע אידישע הענט.

אונטער דער בריטישער ממשלה איז „קינג דעיוויד" האָטעל, ווי ער האָט דאַן געהייסן, געווען די היים פון אַ סך בריטישע באַאַמטע, און ווען אַ טייל פון אים איז אויפגעריסן געוואָרן אין דער צייט פון קאַמף מיט דער מאַנדאַטן־מאַכט, זיינען אַ היפשע צאָל מיליטערלייט אומגעקומען. דער



בעת דער אויפנאַמע פון אַ פאַרשטייערשאַפט פון דער צווייטער הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציע אין 1950 אין אָפיס פון פרעמיער־מיניסטער חבר דוד בן־גוריון אין ירושלים.

טייל, וואָס איז פון אויפרייס צעשטערט געוואָרן איז שוין לאַנג רעפּאַרירט און דער האָטעל באַדינט איצט ניט נאָר מיליטערלייט, נאָר יעדן איינעם, וואָס קען באַצאָלן, אויב עס איז נאָר דאָ אַ פּלאַץ פאַר אים.

ווען מיר זיינען אָנגעקומען האָט מען זיך דאָ געריכט אויף אַ סך געסט, וואָס האָבן רעזערווירט צימערן פאַר דער צייט פון ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס האָט זיך געדאַרפט עפענען אין אַ וואָך אַרום. סימנים פון דעם האָט מען שוין געקענט באַמערקן דערמיט, וואָס אַ גרויסע צאָל פון די ציוניסטישע גדולים זיינען שוין געווען אין ירושלים און זיך איינגעקוואַרטירט אין דעם מלך־דוד־האָטעל. מען האָט זיי געקענט זען זיצן אין דער לאָבי און אויף די באַלקאָנען, וואָס קוקן אַרויס אין דעם פּראַכטפולן גאָרטן, דעבאַטירן און אָנפירן קאָנגרעס ־ פּאָליטיק.

אָבער מיר, וואָס זיינען ניט געווען קיין דעלעגאַטן צום ציוניסטישן קאָנגרעס, אויסער עטלעכע פון דער „טרעיד יוניאָן גרופּע", וואָס זיינען געקומען מיט אונז און האָבן זיך אָבער אָפּגעטיילט אין תל אָביב, האָבן זיך פּאַרטיק געמאַכט צום שפּאַציר אין און אַרום ירושלים.

און אַזוי זיינען מיר גלייך נאָכמיטאָג אַרויסגעפאָרן אין דרום־ירושלים, באַזוכט רמת־רחל, אַ פּונקט, וואָס איז געווען זייער וויכטיק אין דער פאַר־טיידיקונג פון ירושלים, און וואו עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט ביטערע שלאַכטן. אומצייליקע מאָל איז רמת רחל, וואָס איז געווען אַן איינגעאָרדנטער קיבוץ, איבערגעגאַנגען פון איינעם צום צווייטן, ביז די אַראַבער זיינען באַזיגט געוואָרן.

די פאָר געביידעס, וועלכע זיינען געבליבן שטיין נאָך די שלאַכטן, זיינען שטומע עדות פון דעם געפעכט. פון די האַלב צעשאָסענע ווענט, קען מען זען וויפיל קוילן און גראַנאַטן עס איז אין זיי אַריינגעשאָסן געוואָרן.

דער קיבוץ, וואָס איז באַשטאַנען פון מיידלעך איז אין יענער צייט פון דאָרט אַריבערגעפירט געוואָרן אויף אַן אַנדער פּלאַץ און די געגענט אַרום איז פאַר אַ לענגערער צייט געבליבן פוסט און ליידיק.

איצט ווערט אָט דער פּונקט פון רמת רחל איבערגעבויט. נייע הייזער ווערן אויפגעשטעלט, און לאָמיר האָפן, אַז די געגנט, וואָס איז אַזוי נאָענט צו עבר הירדן וועט ניט דאַרפן דורכמאַכן נאָך אַמאָל אַזאַ אָנפאַל.



אויפן דאַך פון רמת רחל וואו עס זיינען אָנגעגאַנגען שווערע קאַמפן מיט די אַראַבער ביים פאַרטיידיקן ירושלים.

פון רמת רחל זיינען מיר אין אונזערע ספּעציעלע באָסעס געפאָרן באַזוכן דעם קופּת חולים סאַנאַטאָריום, וואָס געפינט זיך אין מוצא, אָדער ארזה, ווי עס ווערט איצט גערופן.

מוצא ליגט הויך צווישן די בערג פון יהודה אַרום ירושלים. די ריינע, באַרגיקע לופט מאַכט דעם פּלאַץ פאַר אַן אויסגעצייכנטן צוגעפּאַסטן דער־האָלונגס־ און געזונט־צענטער, צו וועלכן דאָקטוירים פון קופּת חולים און אירע שפּיטאָלן שיקן זייערע פּאַציענטן צו קומען צו זייערע כוחות נאָך אַן אָפּעראַציע, אָדער אַזוי אַ שווערער קראַנקהייט.

די אַרומיקע סביבה, איידער מען קומט צו צו דער סאַנאַטאָריע, שטעלט מיט זיך פאָר אַ פּראַכטפולע פּאַנאָראַמע, וואָס איז זעלטן צו זען. ווען מיר זיינען אַהין צוגעפאָרן איז שוין געווען שפּעט אין טאָג; די זון איז שוין געווען נידעריק און האָט מיט אירע גאָלדענע שטראַלן באַפאַרבט די בערג. די טאָלן אַרום די זוימען פון די בערג זיינען באַוואַקסן מיט וועלדלעך פון



ראובן שרייבמאַן־שרי באַגריסט די מיטגלידער פון דער דריטער הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציע אין קאָנוואַלעסענט האָום מוצא לעבן ירושלים.

אַליוון־בוימער, וואָס זיינען פון לאַנג פאַרפלאַנצט געוואָרן און גיבן צו קאָליר צו דעם דערהויבענעם בילד אַרום.

אונזערע באָסעס האָבן שווער געקרעכצט, איידער זיי האָבן אַרויפגע־קלעטערט אויף דעם הויכן באַרג, וואו דער סאַנאַטאָריום געפינט זיך. אָבער ענדלעך זיינען מיר צוגעקומען צו דעם פּלאַץ און נאָך איידער מיר זיינען

אַריינגעפאָרן אין טויער פון ארזה, האָבן זיך צו אונז דערטראָגן טענער פון מוזיק פון אַן אָרקעסטער.

אויסשטייגנדיק פון די אויטאָבוסן האָבן מיר טאַקע באַמערקט אַן אָרקעסטער פון באַדייטנדיקן גרויס, וואָס איז געווען אויסגעזעצט נעבן דער פאַרוואַלטונגס־געביידע, גרייט צו שפּילן.

מיר האָבן זיך אַפילו געוואונדערט און ניט געוואוסט ווער דער אָר־קעסטער איז און פאַר וועמענס כבוד דער קאָנצערט ווערט געגעבן.

אָבער באַלד זיינען מיר באַגעגנט געוואָרן פון ד״ר ה. פּאָמעראַנץ, פאַר־וואַלטער פון דעם אַנשטאַלט, און פון משה בר־עם, דער סעקרעטאַר פון דער מועצת פּועלי הסתדרות פון ירושלים, וועלכער איז ספּעציעל אַרויס־געקומען אַהער, קיין ארזה אונז צו באַגעגענען.

ד״ר פּאָמעראַנץ, איז אַ באַוואוסטע און באַקאַנטע פּערזענלעכקייט אין די ציוניסטישע אַרבעטער־קרייזן פון אַמעריקע. ער האָט לאַנגע יאָרן גע־לעבט און פּראַקטיצירט אין שיקאַגאָ, וואו ער איז געווען שטאַרק טעטיק אין די הסתדרות קאַמפּעינס, אין דער פּועלי ציון פּאַרטיי און דעם נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד.

אין 1949 איז ער געווען אין ישראל מיט דער ערשטער הסתדרות־דעלעגאַציע און איז געווען איר פּאַרזיצער. ער און זיין פרוי, וועלכע איז דעמאָלט אויך געווען אין ישראל, האָבן משמעות באַשלאָסן צו מאַכן ישראל פאַר זייער היים. אַלס אַ באַדייטנדיקער מעדיקער איז אים איבערגעגעבן געוואָרן די פאַרוואַלטונג פון דעם סאַנאַטאָריום אין ארזה.

חברים פון דער דעלעגאַציע, וועלכע קענען ד״ר פּאָמעראַנצ׳ן האָבן זיך זייער געפרייט אים און זיין פרוי צו באַגעגענען און הערן פון זיי וועגן זייער אַרבעט דאָ, אין ארזה, און וועגן דער אַרבעט אין קופּת חולים.

דער אָרקעסטער האָט דערווייל געשפּילט קלאַסישע און ישראל־נומערן, צו וועלכע די מערסטע פּאַציענטן פון סאַנאַטאָריום האָבן זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט.

נאָכדעם ווי מיר האָבן באַטראַכט די געביידעס און די מאָדערנע איינ־ריכטונגען פון דער סאַנאַטאָריום, האָבן מיר אונטער דער פירערשאַפט פון ד״ר פּאָמעראַנץ אַוועקגעשפּאַצירט אין אַ וועלדל, וואו עס געפינט זיך דער שטאַם אָדער קאָרען („טראָנק״) פון דעם ציפּערן־בוים, וואָס ד״ר הערצל האָט דאָ



א ר ז ה — וואו עס געפינט זיך די מוצא קאָנוואלעסענט האָום פון קופּת חולים אונטער דער אָנפירערשאַפט פון דר. ה. פּאָמעראַנץ.

פאַרפלאַנצט אין יאָר 1898, אין דער צייט פון דער טערקישער הערשאַפט איבער ארץ ישראל. די טערקן אַליין, וועלכע זיינען אויך, משמעות, געווען פיינטלעך צו ד״ר הערצל׳ס אינספּיראַציעס, האָבן דעם בוים אַרונטערגעהאַקט. דער קאָרען פון דעם בוים איז איצט אַרומגענומען מיט דראָטן און ווערט אָפּגעהיטן אַלס היסטאָרישער זכר פון אָנהויב פון ציוניזם און פון דער דערוווערבונג פון ארץ ישראל.

אָט ביי דעם היסטאָרישן פּלאַץ האָט ד״ר פּאָמעראַנץ אונז באַגריסט און אונז דערציילט וועגן קופּת חולים און פון דעם סאַנאַטאָריום, וואָס ער פאַרוואַלטעט. ער האָט אין אַלגעמיין גערעדט וועגן דער קאָלאָסאַלער קאָנ־סטרוקטיווער אַרבעט פון דער הסתדרות און דעם חלק, וואָס די גרויסע אָרגאַניזאַציע טראָגט צו צום קיבוץ גלויות.

עס איז געוואָרן גאַנץ טונקל, די זון איז שוין געווען האַלב פאַרדעקט אין האָריזאָנט, ווען מיר האָבן פאַרלאָזן ארזה און זיך אומגעקערט צוריק קיין ירושלים.



די „עמל״ שולע אין ירושלים

# העברעאישער אוניווערסיטעט — עין כרם — קרן־קימת

פֿאַר פרייטאָג, אונזער צווייטן טאָג אין ירושלים, האָבן מיר געהאַט גאָר אַ גרויסן פּראָגראַם דורכצופירן. אויף דעם צעטל איז געווען: אַ באַזוך אין העברעאישן אוניווערזיטעט, אַ וויזיט אין די ביוראָס פון סוכנות (אידישע אַגענטור), און קרן קימת; מיר האָבן באַדאַרפט צופאָרן אין דער קינדערהיים אין עין־כרם, באַזוכן הערצל׳ס קבר אויף דעם הר הרצל, און פאַרענדיקן מיט אַן עונג־שבת אין דעם מלך־דוד־האָטעל.

האָבן מיר אָנגעהויבן אונזער שפּאַציר גלייך אינדערפרי מיט דעם ערשטן וויזיט אין דעם העברעאישן אוניווערזיטעט.

מיר פּערזענלעך ליגט אין זכרון מיין ערשטער באַזוך אין אוניווער־זיטעט אויף דעם הר הצופים, ווען איך און מיין פרוי זיינען געווען אין ארץ ישראל אין דעם יאָר 1937. דעמאָלט איז דער אוניווערזיטעט געווען ביי זיך אין דער היים, אין די געביידעס, וואָס זיינען פאַר דעם צוועק געבויט געוואָרן. דאָרטן האָבן די סטודענטן געלערנט און זיך באַנוצט מיט זייער שיינער און גרויסער ביבליאָטעק — די גרעסטע אין ישראל. יאָ, איך געדענק,



מיט דר. אריה טאַרטאַקאָווער אויף דעם הויף פון העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים.

ווי מיר, באַזוכער און פריינט פון העברעאישן אוניווערזיטעט, זיינען געווען שטאָלץ מיט דער גרויסער אינסטיטוציע, וואָס דער ישוב אין ארץ ישראל און זייערע פריינט מחוץ לארץ האָבן זיך דערוואָרבן. איצט אָבער, איז דער אוניווערזיטעט אין גלות — ער געפינט זיך ניט אויף דעם הר הצופים, נאָר אין אַ מאָנאַסטיר, געדונגען פון פראַנציסקאַנער מאָנאַכן. און עס האָט דעריבער כאַר אונז אויסגעקוקט עפּעס אויסטערליש, ווען אונזערע אויטאָבוסן האָבן זיך אָפּגעשטעלט נעבן דער געביידע, וואָס קוקט אויס אַזוי מאָדנע און מען וואָלט ניט געטראָפן, אַז דאָ, אין דער געביידע, ווערן אָנגעפירט די לימודים פון העברעאישן אוניווערזיטעט.

די אורזאַך דערפון איז אַ גאַנץ פשוט׳ע: די געביידעס פון דעם אוני־ווערזיטעט, צוזאַמען מיט דעם גרויסן הדסה־שפּיטאָל אויף דעם הר הצופים, זיינען, ליידער, איצט ניט אין אידישע הענט. די בעלי־בתים צום צוגאַנג פון די געביידעס, זיינען, ליידער, איצט די טראַנסיאָרדאַניער, און מען קאָן זיך איצט מיט די געביידעס ניט באַנוצן. אַזוי איז באַשטימט געוואָרן




ביים אַריינגאַנג אין הויפּט־אָפיס פון אידישן נאַציאָנאַל־פאָנד אין ירושלים.

פון דער „אַרמיסטיס״־קאָמיטע, ווען דער קריג איז אָפּגעשטעלט געוואָרן און אַזוי איז דאָס, ליידער, פאַרבליבן ביז — אַן אמת׳ער שלום וועט געמאַכט ווערן. אפשר וועלן די געבײַדעס, און די טעריטאָריע אַרום זיי, אומגעקערט ווערן צו ישראל.

דערווייל ווערן די לימודים אָנגעפירט אין דער געביידע פון דעם פראַנ־ציסקאַנער מאָנאַסטיר, וואוהין מיר זיינען אַלע אַריינגעגאַנגען און אויפ־גענומען געוואָרן אין אַ גרויסן חדר פון ד״ר אריה טאַרטאַקאָווער.

ד״ר אריה טאַרטאַקאָווער איז איצט אַ מיטגליד אין דעם סאָציאָלאָגישן דעפּאַרטמענט פון דער אוניווערזיטעט וואָס ווערט אָנגעפירט פון מאַרטין בובער. ער איז איינער פון אַ גרופּע וועלט־באַוואוסטע געלערנטע, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט לערנען און פאָרשן סאָציאַלע וויסנשאַפטן און ספּעציעל דעם סינטעז, וואָס האָט זיך געשאַפן אין ישראל פון וויסנשאַפט און אַרבעט. די נייע סאָציאַלע איינריכטונגען אין ישראל זיינען ווירקלעך אַ רעוואָלוציע אין אידישן לעבן, וואָס דאַרף געפאָרשט און באַגרינדעט ווערן.

ד״ר טאַרטאַקאָווער האָט אונז אויך דערציילט וועגן די אַלע אַנדערע אַקטיוויטעטן און פּראָבלעמען פון דער לערן־אינסטיטוציע און האָט דורך אונז אַפּעלירט צו אַלע פריינט פון דעם אוניווערזיטעט אין אַמעריקע, צו העלפן אין דער גרויסער אַרבעט פון דעם איינציקן אידישן אוניווערזיטעט אין דער וועלט, אַז ער זאָל ווערן גרויס און איינפלוסרייך און זיין דער שטאָלץ פון מדינת ישראל און פון אַלע אידן.

מיר האָבן באַדאַנקט ד״ר טאַרטאַקאָווער פאַר דעם כבוד און פאַר דער פריינטלעכער אויפנאַמע און מיר זיינען אָפּגעפאָרן פאַר אַ באַזוך צום קרן קימת.

אין דער געביידע פון קרן־קימת (נאַציאָנאַל פאָנד) האָבן מיר באַזוכט דעם הערצל־צימער און געזען דעם „ספר־הזהב״ — דעם גאָלדענעם בוך, וואו די נעמען פון אַלע גרעסערע ביישטייערער צום קרן־קימת ווערן אַריינגעשריבן.

אָבער צוערשט וועגן דעם הערצל־צימער: דאָס צימער איז אַ רעפּליקע פון ד״ר הערצל׳ס שרייב־צימער אין ווין. דאָס מעבל, שרייב־טיש און אַלע אַנדערע מכשירים, וואָס זיינען געווען אין זיין צימער ווי אויך ביכער און דאָקומענטן, וואָס זיינען געווען אין הערצל׳ס באַזיץ, זיינען איבערגעפירט

געוואָרן אַהער און אויסגעשטעלט אין דעם זעלבן סדר ווי עס איז געווען אָריגינעל אין זיין שרייב־צימער אין ווין.

די אויפזעערין פון דעם צימער האָט מיט אַ סך איינצלהייטן דערקלערט אונזער גרויסער דעלעגאַציע די באַדייטונג פון יעדער זאַך, וואָס איז אויס־געשטעלט. אויף די ווענט הענגען בילדער פון ד״ר הערצל׳ס עלטערן. אויך געפינען זיך דאָרט מאַנוסקריפּטן פון הערצל׳ס ווערק. אָט די אַלע זאַכן ווערן אָפּגעהיט אַלס היסטאָרישע ווערטן און זיינען אויסגעשטעלט פאַר באַזוכער וואָס ווילן דאָס זען.

אין אַ באַזונדער חדר, נעבן דעם הערצל־צימער, געפינען זיך: דער „ספר־הזהב״ (גאָלדענער בוך). אייגנטלעך איז דאָס ניט איין בוך, ווייל עס וואָלט געווען אוממעגלעך צו רעקאָרדירן נעמען וואָס האָבן בייגעשטייערט צום נאַציאָנאַל־פאָנד אין איין בוך. דערפאַר טאַקע געפינען זיך דאָרט 5 אָדער 6 גאָר גרויסע ביכער, געבונדן אין גאָלדענע טאָוולען, אין די ביכער זיינען פאַרצייכנט אַלע נעמען, וואָס האָבן בייגעשטייערט אַמווייניקסטנס הונדערט דאָלאַר צום קרן קימת. די נעמען וואָס זיינען פאַרצייכנט אין די ביכער וועלן לאַנג, לאַנג געדענקט ווערן, ווען מען וועט בלעטערן די דאָזיקע ביכער, וועט מען דערזען, אַז אַ דאַנק די מנדבים האָט אַ סך ארץ־ישראל באָדן געקענט אויסגעלייזט ווערן און אַ סך באָדן וואָס איז געלעגן אין אַראַבישע הענט איז געוואָרן דאָס אייגנטום פון גאַנצן אידישן פאָלק.



עין־כרם וואו עס געפינט זיך דער יוגנט־דאָרף אָנגעפירט פון רחל ינאית.

דער קרן קימת האָט מעגלעך געמאַכט די גרינדונג פון די מערסטע קבוצות און קיבוצים. קרן קימת האָט זיי געגעבן דעם באָדן אויף צו באַאַרבעטן און טוט נאָך אָט די אַרבעט ביזן היינטיקן טאָג. און מען קען מיט רעכט זאָגן, אַז קרן קימת איז די קרוין פון אַלע ציוניסטישע פאָנדן, און וועט לעבן אין זכרון פון אידישן פאָלק אויף אייביק.

מיר זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט דעם באַזוך אין קרן קימת, זיינען מיר געפאָרן אין האָטעל עסן מיטאָג, כדי דערנאָך צו פאָרן אין קינדער־דאָרף עין־כרם.



רחל ינאית דערציילט וועגן די קינדערלעך אין עין־כרם.

אין דרום ירושלים, וואו עס איז פריער געווען אַן אַראַביש דאָרף און וואו עס ווערט אָנגעגעבן, אַז יוחנן המטביל, „דזשאַן דהי באַפּטיסט”, איז געבוירן געוואָרן, געפינט זיך דאָס קינדער־דאָרף עין־כרם. דאָס איז איינס פון די גרויסע קינדערהיימען פון דער מועצת הפועלות (פרויען פיאָנערן). דאָ, אין דעם דאָרף, געפינען זיך אַרום 200 קינדער, אינגלעך און מיידלעך, פון 9 ביז 12 יאָר אַלט. דאָס זיינען קינדער פון אַ סך לענדער, האַלבע אָדער גאַנצע יתומים, היימלאָזע, וואָס זיינען אַריבערגעבראַכט געוואָרן אַהער זיי צו געבן אַ היים און זיי דערציען ביז זיי וועלן אויסוואַקסן און אַליין קענען פאַרדינען אויף זייער ברויט.

אָט די קינדערהיים איז אַ סך, אַ סך פאַרגרעסערט געוואָרן זינט מיר האָבן די היים באַזוכט אין 1949. אייניקע געביידעס זיינען דורך דער צייט

אויפגעשטעלט געוואָרן און כאָטש עס פעלט דאָרט אַלץ וואָס עס הויבט זיך אָן מיט אַן אלף, פונדעסטוועגן פאַרדינען די פאַרוואַלטערס גרויס לויב פאַר דער אָרדענונג און זויבערקייט פון דער גרויסער אינסטיטוציע. אָט, פאַר דער אַרבעט און איבערגעבנקייט קומט אַ גרויסן דאַנק דער איידע־לער אידעאַליסטין, פרוי רחל ינאית, די פרוי פון יצחק בן־צבי. זי איז דאָס די „מאַמע" פון די יתומים און אַלע זיינען אירע קינדערלעך. זי גיט אָפּ די גאַנצע צייט איר אומבאַגרענעצטע ליבע צו יתומים, וועלכע זיינען צונויפגעזאַמלט געוואָרן פון אַ גרויסער צאָל לענדער.

אַ אינגעלע פון בולגאַריע, אַרום צען יאָר אַלט, און איז אין לאַנד און אין דער היים גאָר ניט לאַנג און דאָך רעדט ער שוין פונדעסטוועגן גוט העברעאיש, האָט אַרומגעפירט אייניקע פון אונזערע דעלעגאַטן אין די גערטנער, וועלכע, אגב, די קינדער אַליין באַאַרבעטן, און אונז געוויזן פאַרשיידענע געוויקסן און דערקלערט, וואָס זיי זיינען.

אין דער קינדערהיים געפינען זיך אויך פאַך־שולן, וואו מען לערנט



מיט די קינדערלעך אין עין־כרם.

די קינדער אַ מלאכה, אַז זיי זאָלן שפּעטער, ווען זיי וועלן אונטערוואַקסן, קענען אַליין פֿאַרדינען אויף זייער לעבן.

אָבער, ווי שוין געזאָגט, פֿעלט נאָך דערווייל אין דער קינדערהיים אַ סך זאַכן, אַז דאָס לעבן דאָ און די אַרבעט זאָל זיין אַביסל גרינגער און די קינדער זאָלן זיך פֿילן באַקוועמער. אַזוי, צום ביישפּיל, האָבן אונזערע דעלע־גאַטן אויסגעפֿונען, אַז אין דער סטאָלעריי פֿעלט אַ מאָטאָר, האָט אונזער חבר פּרע.ק קאָסטי זיך אונטערגענומען דעם מאָטאָר פֿאַר זיי צו קויפֿן. חבר היימאַן גרין האָט צוגעזאָגט צו שיקן אַ מאָטאָר פֿאַר דער וואַסער־פּאָמפּע, מענדל שוגערמאַן האָט זיך פֿאַרפּליכטעט זיי צו שיקן אַ פֿילם־פּראָדזשעקטאָר, די קינדערלעך זאָלן פֿון צייט צו צייט זען אַ פֿילם־בילד און אסתר גאָרדאָן האָט צוגעזאָגט צו שיקן פּלאַסטיק געשיר, אין וועלכן זיי גויטיקן זיך זייער שטאַרק.



בעת׳ן לייגן אַ קראַנץ בלומען אויפֿן קבר פֿון דר. ט. הערצל, ז״ל.

דאָס איז געטאָן געוואָרן פֿון אונזערע באָסטאָנער חברים, ווייל זיי האָבן געזען וואָס פֿאַר אַ דערהויבענע, אָדער בעסער געזאָגט, הייליקע מיסיע די מועצת הפּועלות פֿירט דורך אין די קינדערהיימען און ספּעציעל דאָ, אין דעם

קינדער־דאָרף עין־כרם, וואָס איז אונטער דער פּערזענלעכער השגחה פון רחל ינאית.

די ווערטער, וועלכע רחל האָט גערעדט צו די פּרויען פון אונזער דעלעגאַציע, זיינען טיף אַריינגעדרונגען אין זייערע נשמות. אונזערע פרויען האָבן ערשט באַגריפן, וואָס פאַר אַ וויכטיקע אַרבעט די פּיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע טוט און האָבן באַשלאָסן די הילף פאַרצוועצן אין אַ גרעסערן מאַסשטאַב.

זיי, אונזערע פרויען, האָבן געענטפערט אויף דער באַגריסונג פון רחל ינאית און איר פאַרזיכערט, אַז זיי וועלן איר העלפן אין איר גרויסער מיסיע.

טיף גערירט פון דעם, וואָס די דעלעגאַציע האָט געזען אין עין כרם, האָבן מיר פאַרלאָזן דאָס קינדער־דאָרף און געפאָרן צום הר־הרצל, וואו מיר האָבן געלייגט אַ קראַנץ בלומען אויף דעם קבר פון דעם גרינדער פון ציוניזם, אין נאָמען פון אונזער דעלעגאַציע.

געקומען צוריק אין דעם מלך דוד האָטעל פון די אַלע וויזיטן איז שוין געווען שפּעטלעך. קוים צייט געהאַט זיך איינצוואַשן און שוין האָבן מיר באַדאַרפט גיין צום עונג שבת, וואָס איז פאַר אונז צוגעגרייט געוואָרן אין אַ באַזונדער צימער פון דעם האָטעל־רעסטאָראַן.

אונזער גרויסע גרופּע האָט זיך פאַרזאַמלט פריער אין דער לאַבי פון האָטעל און דערנאָך זיינען מיר אַלע צוזאַמען אַריינגעגאַנגען אין אַ גאָר גרויסן זאַל, וואו איין לאַנגער טיש איז געשטאַנען געגרייט אין דער לענג פון צימער, ווייס געדעקט, דעקאָרירט מיט בלומען, וואָס האָט אויסגעקוקט זייער איינדרוקספול.

מיר האָבן זיך אַלע אויסגעזעצט איינער קעגן אַנדערן. אין מיטן, צווישן אונז, זיינען געזעסן אונזערע געסט, וואָס זיינען געקומען צו אונז זאָגן שבת־שלום.

איך מוז זאָגן, אַז דער שיינער טיש און די אַטמאָספער אַרום אונז, האָט אונז אָנגעפילט מיט פרייד. מיר אַלע האָבן זיך געפילט זייער יום־טוב׳דיק פון אָט דער טיפער, נשמה׳דיקער איבערלעבונג פון אַן עונג שבת אין ירושלים — די הויפּט־שטאָט פון דער אידישער מדינה, אין מלך דוד האָטעל, און בעת מיר זיינען די געסט פון דער מועצת פועלי ירושלים.

אונזערע געסט זיינען געווען די חברים: משה בר־עם — סעקרעטאַר פון מועצת פועלי ירושלים און ר. שרייבמאַן — געוועזענער וויצע־מעיאָר

פון ירושלים און איצט וויצע־מיניסטער פון טראַנספּאָרטאַציע, און אַ פּאָר אַנדערע חברים, וואָס איך קען זייערע נעמען איצט ניט געדענקען.

עס זעט אויס, אַז עס איז געווען דער פאַרלאַנג און אָבזיכט פון די, וואָס האָבן דעם עונג שבת צוגעגרייט, אַז עס זאָל קיין צופיל רעדעס ניט געהאַלטן ווערן. זיי האָבן געוואָלט, אַז דאָס זאָל זיין אַן אָוונט פון געזאַנג און פאַרוויילונג און אַזוי איז דאָס טאַקע געווען. בלויז אַ קורצע באַגריסונג פון משה בר־עם און נאָך דעם האָבן אַלע געזונגען ישראל־לידער בציבור. דאָס געזאַנג פון, קיין עין הרע, אַזוי פיל שטימען האָט זיך געטראָגן איבער די צימערן און דער לאָבי פון דעם גרויסן מלך דוד האָטעל, אַזוי, אַז אַ סך פון די געסט זיינען געווען נייגעריק אַריינצוקוקן צו אונז אין צימער און זען ווער עס זינגט דאָס אַזוי.

פאַרענדיקט האָבן מיר דעם אומפאַרגעסלעכן עונג שבת מיט רעציטאַציעס וואָס סווערדלאָוו, געוועזענער מיטגליד פון שוואַרצ׳ס קונסט־טעאַטער, און מיטגליד פון אונזער דעלעגאַציע, האָט פאַר אונז פאָרגעטראָגן.



לעבן הויז פון דעם לאַנג־יאָריקן פועלי־ציון פירער, יצחק בן־צבי אין ירושלים. פון לינקס צו רעכטס: יצחק פייגענבוים, מ. בר־עם, אַלעקסאַנדער שאַפּירא, חברה באַמעריאַק, רחל ינאית, דר. ה. פּאָמעראַנץ און יצחק בן־צבי.

# שבת אין ירושלים — ביי דער אויפנאַמע פון דער מועצת־פועלי־ירושלים

שבת איז דער רו־טאָג אין מדינת ישראל. אַלץ ווערט אָפּגעשטעלט און רוט אום שבת, אַפילו דער טראַנספּאָרט פון באַן און אויטאָבאָסעס. בלויז אין חיפה לויפן אייניקע באָסעס שבת. דאַרפט איר זיך שוין אַליין משער זיין, אַז אויב דאָס איז אין אַלע אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין ישראל, איז דאָס אַוודאַי אין דער עיר הקודש — אין ירושלים.

אין ירושלים פילט זיך דער שבת מער ווי אין אַלע אַנדערע פּלעצער אין ישראל. עפּעס אַ ספּעציעלע שטילקייט און רואיקייט שוועבט און ליגט אויסגעגאָסן אויף די ירושלים׳ער גאַסן אום שבת. דער בלויער הימל און די גאָלדענע זון, וואָס פילט אָן מיט ליכט און זון־שיין יעדעס ווינקעלע, דרינגט אויך אַריין אין יעדן מענטשן און מאַכט דאָס געמיט לייכטער און פריידיקער, באַזונדערס אום שבת, ווען אַלץ רוט, ויען מען וואַרפט אַראָפּ די טאָג־טעגלעכע דאגות, איז אַ נחת צו שפּאַצירן אין די ירושלים׳ער גאַסן אום שבת און זיך אָנזאַפּן מיט דעם ליכט און רואיקייט פון דער אַלטער און אימער־נייער שטאָט ירושלים.

שבת איז דעריבער אויך געווען דער רו־טאָג פאַר אונזער דעלעגאַציע. קיין שפּאַציר איז פאַר דעם טאָג ניט פּלאַנירט געוואָרן. יעדער איינער האָט זיך געקענט גיין וואו ער האָט געוואָלט און טאָן וואָס ער וויל.

אַ סך פון אונזערע דעלעגאַטן האָבן אויסגענוצט דעם רו־טאָג פּשוט פאַר אויסשלאָפן און אויסרוען זיך. אָבער די מערסטע האָבן דווקא געוואָלט זיין אינדרויסן. זיי האָבן געוואָלט אָבסערווירן די מענטשן אין די גאַסן, ווי זיי שפּאַצירן און גיין אין שולן און אין די בתי מדרשים דאַוונען.

אַ קליינע גרופּע פון אונז, און איך בתוכם, האָבן באַשלאָסן אַליין צו גיין אין אַ שול און זען ווי אַזוי מען דאַוונט אין ירושלים און טאַקע הערן אַ חזן.

זיינען מיר געגאַנגען אין דער גרויסער שול ישורון, וואָס געפינט זיך ניט זייער ווייט פון מלך־דוד־האָטעל. ניט זייענדיק אין אַנדערע שולן אָדער בתי מדרשים אין ירושלים, ווייס איך ניט ווי אַזוי מען דאַוונט ערגעץ

אַנדערש, אָבער עס איז מיין איינדרוק, אַז די ישורון־שול איז ניט קיין שטרענג אָרטאָדאָקסישע, כאָטש די פרויען זיינען אָפּגעזונדערט און געפינען זיך אויבן, אין אַ ווייבערישער שול, ווי עס פירט זיך אין שטרענג אָרטאָדאָקסישע שולן.

די אַרכיטעקטור פון דער ישורון־שול איז אַ גאַנץ איינפאַכע. דאָס איז אַ שטאַרקע געביידע, געבויט רונד, מיט גרויסע פענצטער, וואָס קוקט אויס ווי אַ קיילעכדיקע לאַמטערנע. דורך אָט די גרויסע פענצטער שטראָמט אַריין אַ סך ליכט און זון־שיין אַזוי, אַז עס איז גאַנץ אָנגענעם דאָרט צו זיצן. אין מזרח, פונקט אין צענטער, געפינט זיך דער אָרון־קודש פאַר די ספר־תורות און אינמיטן — די בימה פאַר קריאת התורה.

די שול איז געווען געפּאַקט מיט מתפללים ווען מיר זיינען אַריינגעקומען. די מענער אַלע אין טליתים, די פרויען — אויבן, אין דער ווייבערישער שול. אַלע האָבן געדאַוונט געשמאַק אָבער אָן דער התלהבות און שאָקלעניש, וואָס מיר פלעגן זען אין די חסיד׳ישע שטיבלעך אין פוילן אָדער אין רוסלאַנד.

מער פון אַלעם האָט אונז אָבער אינטערעסירט און פשוט אַנטציקט דאָס דאַוונען פון חזן. דער חזן איז נאָך גאָר אַ יונגערמאַן און, לויט ווי מען האָט אונז דערציילט, איז ער אין ישראל ערשט אַ פּאָר יאָר. אָט דער יונגער חזן באַזיצט אַן אויסגעצייכנטע טענאָר־שטים. ער מאַכט מיט איר ניט קיין אָפּערע־אַקראָבאַטיק, אָבער זיין זאָגן איז האַרציק און געמיטלעך, אַז עס איז פשוט אַ מחיה אים צו הערן.

אונז האָט שטאַרק געוואונדערט וואָס די כוהנים האָבן געדוכנט. און, ווי מען האָט אונז איבערגעגעבן, דוכענען דאָרט די כהנים יעדן שבת. בעת ביי אונז בלויז אין יום־טוב.

דאָס דאַוונען אין דער ישורון־שול האָט זיך געענדיקט, די דאַוונערס האָבן זיך איינער דעם אַנדערן געוואונטשן שבת־שלום, אייניקע זיינען געבליבן אין שול פאַר קידוש, אַנדערע האָבן אָנגעהויבן צו גיין אַהיים. מיר, אונזער גרופּע, האָבן ביים אַרויסגאַנג באַגעגנט אייניקע אַמעריקאַנער מענער און פרויען, וועלכע זיינען געקומען צום ציוניסטישן קאָנגרעס. אַלע האָבן גערעדט וועגן חזן און געהאַט גרויס לויב פאַר זיין דאַוונען און פאַר זיין שיינער שטים. אין אַ גאָר געהויבענער שטימונג האָבן מיר זיך שפּאַצירנדיק אומגעקערט צו דעם מלך דוד האָטעל.

שפּעט שבת נאָכמיטאָג, נאָכדעם ווי אַלע פון אונזער דעלעגאַציע האָבן זיך אויסגערוט, זיינען מיר איינגעלאַדן געוואָרן צו ראובן שרייבמאַן, דעם

געוועזענעם וויצע־מעיאָר פון ירושלים, און איצט געהילפס־מיניסטער פון טראַנספּאָרטאַציע, אויף אַן אינטימען צוזאַמענקונפט.


ראובן שרי

די שרייבמאַנ׳ס וואוינען אין אַ קליינעם אַפּאַרטמענט פון בלויז אַ פּאָר צימערן, גאָרניט ווי אַ מלוכה־מענטש פון זיין ראַנג דאַרף וואוינען. דאָס איז מסתמא דערפאַר, וואָס די פּראָבלעם פון וואוינונגען איז זייער אַ שווערע. עס פעלן וואוינונגען פאַר טויזנטער מענטשן, איז מען דערפאַר צופרידן, וואו מען וואוינט, אַבי מען האָט אַ דאַך איבערן קאָפּ.

איז טאַקע געווען זייער ענג אין שרייבמאַנ׳ס וואוינונג, ווען קיין עין הרע אַזוי פיל מענטשן פון דער גרויסער דעלעגאַציע האָבן אָנגעהויבן אַריינצוקומען אין זייער שטוב. מען האָט זיך דעריבער צוזאַמענגעדרענגט ווי נאָר מען האָט געקענט און זיך איינגעהערט צו דעם זייער אינטערעסאַנטן שמועס פון דעם געהילפס־מיניסטער פון טראַנספּאָרטאַציע — שרייבמאַן.

קודם כל האָט ער אונז דערמאָנט אין זיין באַזוך אין אַמעריקע, ווען ער איז נאָך דאַן געווען דער וויצע־מעיאָר פון ירושלים, אין 1949. אויסער די אויפנאַמעס פון די אַמעריקאַנער חברים, איז ער אויך אויפגענומען געוואָרן פון די סיטי־מעיאָרס פון די שטעט, וואָס ער האָט באַזוכט אַלס פאָרשטייער פון דער שטאָט ירושלים. ער איז שטאַרק צופרידן צו באַגעגענען חברים, מיט וועלכע ער האָט זיך געטראָפן אין אַמעריקע. און וויסנדיק ווי שטאַרק אָט די געסט זיינען פאַראינטערעסירט אין דעם פּראָגרעס פון מדינת ישראל און אין הסתדרות, האָט ער מיט זיי געוואָלט האָבן אַן אינטימען שמועס און זיי דערציילן אַביסל פון די שוועריקייטן און פּראָבלעמען, מיט וועלכע די מדינה ראַנגלט זיך איצט.

ער האָט גערעדט באריכות וועגן דעם מאַנגל אין שפּייז און אין אַנדערע מאַטעריאַלן, וואָס מען דאַרף פאַר הייזער־בוי און פאַר דער אינדוסטריע. אָט דער מאַנגל ברענגט מיט זיך אינפלאַציע, האָט ער געזאָגט. ער האָט אויך

באַרירט די פּאָליטישע אומזיכערקייט, דער באַיקאָט פֿון די אַראַבער און דעם קאַמף, וואָס מפּא״י האָט באַדאַרפֿט אָנפֿירן ביי די נאַרוואָס אָפּגעהאַלטענע וואַלן.

אָבער לענגער האָט ער זיך אָפּגעשטעלט וועגן זיין אייגענעם דע־פּאַרטמענט פֿון טראַנספּאָרטאַציע. אָט האָבן מיר אַ יאָר נאָך דעם קריג צוריק אויפגעשטעלט די אייזנבאַן, וואָס לויפֿט צווישן תל־אָביב און ירושלים. דאָס וואָלט געקענט זיין אַ זייער וויכטיקער טראַנספּאָרט־מיטל, וואָס וואָלט אַרויסגעהאָלפֿן דעם פֿאַרקער פֿון באַסעס און טראָקס, וואָס זיינען ניט גענוגנ־דיק צו באַפֿרידיקן דעם איצטיקן גרויסן פֿאַרקער צווישן די שטעט און דערפֿער. איז אָבער די צרה, וואָס פֿאָרלויפֿיק אַרבעט די אייזנבאַן נאָך ניט ווי געהעריק. עס פֿעלן נאָך אַ סך נויטיקע מאַטעריאַלן, „עקוויפּמענט״, אַז די באַן זאָל קענען פֿונקציאָנירן, ווי עס באַדאַרף זיין. דערוויַיל, האָט ער געזאָגט, איז דאָס ניט קיין אייזן און ניט קיין באַן, און עס איז פֿול מיט שוועריקייטן. דאָס ערגסטע פֿון אַלץ, האָט ער געזאָגט, איז דאָס, וואָס מיר קענען דאָ דערוויַיל ניט קריגן קיין געשולטע אַרבעטער־פֿאַכלייט, וואָס זאָלן פֿאַרשטיין די אַרבעט פֿון אָפּפֿירן אַן אייזנבאַן. ער האָט אונז געבעטן, פֿילייכט וויסן מיר פֿון פֿאַכלייט אין אַמעריקע, אַזעלכע, וועלכע האָבן דער־פֿאַרונג אין אייזנבאַן און וואָלטן וועלן קומען קיין ישראל אַרבעטן. מיר האָבן אים געזאָגט, אַז אַזעלכע אַרבעטער וואָלטן מיר באַדאַרפֿט זוכן צווישן גויים, ווייל, לויט אונזער אינפֿאָרמאַציע, זיינען דאָ זייער ווייניק אידן, וואָס אַרבעטן ביי אייזנבאַנען.

צולעצט האָט ער צו אונז גערעדט וועגן הילף, אין וועלכער די מדינה נויטיקט זיך. אונזערע אַמעריקאַנער ברידער דאַרפֿן פֿאַרשטיין, האָט ער געזאָגט, אַז מיר מוזן איצט האָבן זייער הילף נאָך מער ווי ווען עס איז פֿריער צו קענען אָנהאַלטן די מיסיע פֿון קיבוץ גלויות און זיי איינגלידערן אין דער עקאָנאָמיק פֿון לאַנד.

„איר, הסתדרות־עסקנים, זייט דורך דעם געווערקשאַפֿטן קאַמפּעין געווען אונזערע שותּפֿים. מיט אייער הילף האָבן מיר אויפֿגעטאָן אַ סך גרויסע זאַכן. אָבער איצט פֿאָדערט זיך נאָך אַ גרעסערע אָנשטרענגונג צוליב דעם, וואָס מיר מוזן האַלטן די טויערן אָפֿן פֿאַר אַזוי פֿיל אידן, וועלכע מוזן פֿאַרלאָזן זייערע לענדער ווי אַמגיכסטן״ — האָט ער געזאָגט.

„דאָס וואָס איר זעט איצט אין לאַנד, — האָט ער געזאָגט — דעם פּראָגרעס,

וואָס מיר האָבן געמאַכט אונטער אַזעלכע שווערע אומשטענדן, וועט אייך איבערצייגן, אַז אייערע געלטער זיינען פאַרנוצט געוואָרן אויף וויכטיקע צוועקן און אַז מיט אייער ווייטערדיקער שטיצע וועלן מיר איבערקומען אַלע שוועריקייטן״.

די שרייבמאַנס, ראובן און זיין פרוי, זיינען זייער ליבלעכע און גאַסט־פריינטלעכע מענטשן. זיי האָבן פאַר אַלעמען סערווירט טיי און צובייסן. מיר אַלע האָבן זיך געפילט היימיש אין דער וואַרעמער אַטמאָספערע. אָבער עס איז שוין געוואָרן טונקל, די זון איז שוין פאַרגאַנגען, און מיר האָבן זיך באַדאַרפט אומקערן צוריק אין האָטעל זיך פאַרטיק מאַכן פאַר נאָך אַ פונקציע, אַן אויפנאַמע אין דער מועצת־פּועלי־הסתדרות־ירושלים.

אַרום 8 אַזייגער אין אָוונט זיינען מיר צוגעפאָרן צו אַ גרויסן קאָאָפּע־ראַטיוון רעסטאָראַן פון הסתדרות, וואו מיר האָבן זיך אַלע אויסגעזעצט ביי ווייס געדעקטע טישן פאַר דער אָפיציעלער אויפנאַמע. געקומען מקבל פּנים זיין אונז זיינען אַ סך הסתדרות חברים, צווישן זיי די ירושלים׳ער הסתדרות־פירער יצחק בן־צבי, משה בר־עם און אַנדערע.

משה בר־עם, סעקרעטאַר פון מועצת פּועלי ירושלים, האָט געעפנט די פאַרזאַמלונג מיט אַ רעדע אין העברעאיש, דערציילנדיק די הסתדרות־מיטגלי־דער פון ירושלים, וועלכע זיינען געקומען צו דער אויפנאַמע, ווער מיר זיינען און פון וועלכע שטעט אין אַמעריקע מיר קומען און וואָס דער געווערקשאַפטן קאַמפּעין אָדער ווי זיי רופן דאָס „מגבית״ מיינט פאַר דער הסתדרות אין ישראל.

משה בר־עם איז זייער אַ פעאיקע און דינאַמישע פערזענלעכקייט. ער איז אַן אויסגעצייכנטער רעדנער און איז שטאַרק אַריינגעטאָן און פאַרליבט אין זיין הסתדרות־אַרבעט און אין דער שטאָט ירושלים.

ער האָט מיט גרויס פרייד אונז דערציילט וועגן דעם פּראָגרעס וואָס די שטאָט ירושלים האָט געמאַכט סיי אין באַפעלקערונג און סיי אין איני־דוסטריעלע אונטערנעמונגען, וואָס זיינען דאָ ניט לאַנג עטאַבלירט געוואָרן.

אין 1949, ווען די ערשטע הסתדרות־דעלעגאַציע האָט באַזוכט ירושלים, איז די שטאָט געווען אויסגעליידיקט פון דער באַפעלקערונג. בלויז 76,000 נפשות האָבן זיך דאַן געפונען אין ירושלים. אַלע רעגירונגס־דעפּאַרטמענטן און ביוראָס, צוזאַמען מיט דער כנסת, זיינען דאַן ניט געווען אין ירושלים נאָר אין תל אָביב. ירושלים, נאָך דעם ביטערן קריג מיט די אַראַבער איז

געװען כמעט אַ פֿאַרלאָזענע שטאָט. קײנער האָט דעמאָלט ניט געװאוסט װאָס עס װעט זײַן דער פּאָליטישער סטאַטוס פֿון דער הײליקער שטאָט, װײַל עס איז געװען די מורא, אַז די יונאַיטעד נעישאָנס װעלן דורכפֿירן זײער פֿאַרלאַנג פֿון אינטערנאַציאָנאַליזירן די שטאָט און זי װעט ניט זײַן אונטער דער ממשלה פֿון ישראל.

אָבער אַ דאַנק דער פֿעסטער שטעלונג פֿון דער ישראל־רעגירונג צו מאַכן ירושלים פֿאַר דער הויפּט־שטאָט פֿון דער מדינה, און דאָס אַריבער־פֿירן כמעט אַלע רעגירונגס־דעפּאַרטמענטן מיט דער כנסת, האָט ממש די שטאָט אויפֿגעלעבט. איצט, האָט בר־עם מיט פֿרייד מיטגעטײלט, צײלט די ירושלים׳ער באַפֿעלקערונג איבער 150 טויזנט. נײַע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען װערן דאָ אויפֿגעשטעלט, נײַע הײַזער און געבײַדעס װערן געבויט, און די שטאָט װאַקסט, סײַ אין באַפֿעלקערונג און סײַ אינדוסטריעל.

מיט דעם װאוקס פֿון דער באַפֿעלקערונג װאַקסט אויך די הסתדרות אין מיטגלידערשאַפֿט, אין קאָאָפּעראַטיװן און אין נײַע אינסטיטוציעס.

בר־עם האָט באַגריסט אונזער דעלעגאַציע, זי געזאָגט ברוכים הבאים און געװאונטשן, אַז מער פֿרײַנט פֿון דער הסתדרות זאָלן קומען קײן ירושלים און אין דער מדינה. זײ װעלן דעמאָלט אַלײן פֿאַרשטײן די פּראָבלעמען און די נויטן פֿון דער מדינה.

נאָך דער קורצער רעדע פֿון פֿאָרזיצער בר־עם, האָט גערעדט יצחק בן־צבי. מיט גרויס רעספּעקט און דרך ארץ האָבן זיך אַלע אין זאַל אײַנ־געהערט, װאָס דער װעטעראַן פֿון חלוציזם און אַרבעטער־ציוניזם האָט צו זאָגן. אַ סך פֿון אונזערע דעלעגאַטן געדענקען דעם חשוב׳ן הסתדרות־פֿירער פֿון אַמעריקע, װען ער איז אַ פּאָר מאָל געקומען צו אונז אין שליחות פֿון דער הסתדרות. ער איז דעמאָלט געװען אינגער אין יאָרן, אָבער אימער פֿול מיט גלויבן אין דעם אידעאַל װעלכן ער האָט געפּרעדיקט און פֿאַר־שפּרײט צװישן אַנדערע. ער איז אַלעמאָל געװען פֿעסט אין זײַנע איבערצײַ־גונגען, אַפֿילו װען עס זײַנען געװען אַנטױשונגען, אַפֿילו װען עס איז געװען אַ אַנטױשונג אין ציוניזם און מצד דער מאַנדאַטן־מאַכט האָט זיך אויסגעװיזן, אַז די האָפֿענונגען פֿאַר אומאָפּהענגיקײט זײַנען פֿאַרלאָרן, איז ער און זײַנע חברים געבליבן פֿעלזנפֿעסט און האָבן ניט אָפּגעטראָטן פֿון דעם אָנגעצײכנטן װעג.

אָבער, האָט בן־צבי געזאָגט, אונזער אידעאַל איז נאָר טײלװײַז פֿאַר־

ווירקלעכט געוואָרן און נאָך ניט אינגאַנצן פאַרזיכערט.. עס איז נאָך געבליבן אַ גאַנץ ווייטער וועג צו גיין. „מיר שטייען פאַר אַ סיטואַציע, וואָס איז פול מיט געפאַרן. מיר מוזן זיין אויף דער וואַך יעדע מינוט פון טאָג. די אַראַבער לעכצן נאָך אַמאָל מיט אונז זיך צו פאַרמעסטן אין כוחות. מוזן מיר זיין גרייט דערצו און זיין באַוואָפנט״. אָבער צו זיין אין אַזאַ מיליטערישן צו־שטאַנד איז זייער שווער פאַר אַ קליינער מדינה. עס פאָדערט זיך דערצו אַ סך געלט אויסצוהאַלטן אַ גרויסע אַרמיי און פאַר דער אַרמיי מוז מען האָבן וואָפן. — דערפאַר אונזער געלט־מאַנגל און די פאָלגן פון צנע א. אַ. וו.

יצחק בן־צבי האָט אויך אָנגעוויזן אויף דעם וויכטיקן טייל, וואָס די הסתדרות טוט אין איר אַנטייל אין דעם וואָס מען רופט אין ישראל „עליה און קליטה״, דאָס איינגלידערן פון די נייע עולים און שאַפן פאַר זיי אַרבעט און אַ מעגלעכקייט צו פאַרדינען אויף זייער ברויט.

ער האָט געענדיקט זיין רעדע מיט דעם, וואָס ער האָט געדאַנקט די אַמעריקאַנער חברים פאַר זייער הילף דורך דעם געווערקשאַפטן־קאַמפּעין ביז איצט און האָט אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז די הילף וועט אָנגעהאַלטן ווערן אויף ווייטער.

אין נאָמען פון אונזער דעלעגאַציע האָבן געהאַלטן קורצע רעדעס: יעקב בלום, יצחק קאַגאַן און מיין ווייניקייט. מיר האָבן אויך געהאַט די געלעגנהייט צו הערן אַ קורצע אָבער אינהאַלטרייכע רעדע פון ראַביי העלער פון סינסינעטי. ראַביי העלער איז געקומען צום ציוניסטישן קאָנגרעס און האָט באַגעגנט אונזער דעלעגאַציע אין מלך דוד האָטעל. זייענדיק אַ מיטגליד אין דער נאַציאָנאַלער באָארד פון געווערקשאַפטן קאַמפּעין און אַן אָפטער רעדנער אויף הסתדרות־פאַרזאַמלונגען, איז ער פון אונזער סעק־רעטאַר איינגעלאַדן געוואָרן צו גיין מיט אונז צו דער אויפנאַמע. ראַביי העלער האָט אין זיין קורצער רעדע געשילדערט דעם איינדרוק, וואָס די מדינה האָט אויף אים געמאַכט. זיין פרייד, וואָס ער האָט ניט באַגעגנט קיין ענגליש מיליטער און פּאָליציי, וואָס דאָס איז געווען דער פאַל, ווען ער איז דאָ געווען אין 1946. ווי שווער די לאַגע זאָל איצט ניט זיין און ווי גרויס די פּראָבלעמען צו לייזן, האָפט ער, אַז מיט דער הילף פון די אַמעריקאַנער אידן און מיטן מוט און קוראַזש פון דער באַפעלקערונג פון דער מדינה, וועט מען די שוועריקייטן איבערקומען.

אונטער די טענער פון „התקוה״ איז די פאַרזאַמלונג געשלאָסן געוואָרן.

# אַ באַזוך ביים פינאַנץ-מיניסטער פון ישראל — אליעזר קאַפּלאַן

קינטיק אינדערפרי, גלייך נאָך פרישטיק, זיינען מיר צוגעפאָרן צו דעם פינאַנץ-מיניסטעריום און זיינען אויפגענומען געוואָרן פון אליעזר קאַפּלאַן. נאָך דעם ווי ער האָט אונז באַגריסט, האָט ער, אַנשטאָט צו האַלטן אַ רעדע, אויסגעקליבן די מעטאָדע פון ענטפערן אויף פראַגן:

„אויב עפּעס איז אייך קשה און איר ווילט וויסן, קענט איר שטעלן אייער פראַגע און איך וועל אייך ענטפערן אויף וויט מעגלעך. די פראַגן דאַרפן זיך אָבער באַציען צו מיין דעפּאַרטמענט פון פינאַנץ און עקאָנאָמיק".


אליעזר קאַפּלאַן

עס זיינען אים געשטעלט געוואָרן אייניקע פראַגן און ער האָט זיי פּרובירט ענטפערן אַזוי קלאָר און פאַרשטענדלעך, ווי מעגלעך. ער האָט גערעדט זייער שטיל און לאַנגזאַם, קענטיק, אַז ער איז געווען זייער אָפּגעשוואַכט פון זיין קראַנקהייט, וואָס ער איז דורכגעגאַנגען, ווען ער איז געווען אין אַמעריקע.

די פראַגן, וועלכע אייניקע פון אונזער דעלעגאַציע האָבן אים געשטעלט, האָבן זיך אַלע געדרייט אַרום דער הויפּט און קאַרדינאַלער פּראָבלעם פון וואַלוטע, אינפלאַציע אאַז"וו.

אין ענטפערן די פראַגן האָט קאַפּלאַן קודם כל געגעבן אַ ריי ציפערן פון די איינגאַמעס און אויסגאַבן פון פונטן, וואָס קומען אַריין אין דער ישראל-קאַסע פון דער ישראל-באַפעלקערונג גופא און האָט אָנגעוויזן וויפיל דעוויזן (אויסלענדיש געלט, ווי דאָלאַרן, פראַנקן אאַז"וו), וואָס די קאַסע



דער פינאַנץ־מיניסטער אליעזר קאַפּלאַן גיט אויפקלערונגען צו די מיטגלידער פון דער דריטער הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציע וועגן די פינאַנסן פון דער מדינה.

פון ישראל דאַרף האָבן, כדי איינצוקויפן די סאַמע נויטיקסטע שפּייזן אויף צו עסן און מאַטעריאַלן, וואָס אָן זיי וואָלט די גאַנצע ישראל־אינדוסטריע זיך געמוזט אָפּשטעלן.

ער האָט אויך דערקלערט, אַז די רעגירונג אָפּערירט אונטער צוויי באַזונדערע בודזשעטן. איינער איז דער געוויינלעכער בודזשעט פון דער רעגירונג און דער צווייטער, דער פאַרטיידיקונגס־בודזשעט, פאַר די קאָסטן און אויסהאַלטן די אַרמיי צו היטן די גרענעצן און זיין גרייט פאַר יעדער סכנה.

פון די ציפערן, וואָס קאַפּלאַן האָט אונז געגעבן איז געוואָרן פאַרשטענד־לעך, אַז אין אַזאַ לאַגע וואו דער אימפּאָרט איבערשטייגט דעם עקספּאָרט, מוזן זיך שאַפן דעפיציטן, וואָס מוזן געדעקט ווערן, אָדער דורך פרייע מתנות צו דער רעגירונג, אָדער דורך געבאָרגטע געלטער, וואָס קומען דורך הלוואות אין דער פאָרם פון באָנדס, אָדער דורך דירעקטע אנלייען אא״וו.

קאַפּלאַן האָט גערעדט צו אונז גאַנץ אָפן און אונז געזאָגט, אַז ביי דער איצטיקער קריטישער לאַגע איז דאָ נאָר איין אויסוועג און דאָס איז, אַז די געלטער פון די אַפּילס און דער פאַרקויף פון באָנדס מוז שטאַרק פאַרגרעסערט ווערן, אום די מדינה זאָל קענען ווייטער אָנגיין מיט אַריינגעמען אַלע, וואָס ווילן און מוזן קומען קיין ישראל.

מיר האָבן באַדאַנקט דעם פֿינאַנץ־מיניסטער פֿאַר זײַן אױפֿנאַמע, אים געװאונטשן געזונט, ער זאָל קענען אָנפֿירן מיט זײַן אַרבעט און זײַנען אָפּגעפֿאָרן פֿאַר אַ באַזוך אין דער בצלאל קונסט־שולע.



בעת דעם באַזוך בײַם פֿינאַנץ מיניסטער פֿון ישראל, אליעזר קאַפּלאַן.

# ביי דער אַרבעטס־מיניסטאָרין פון ישראל — גאָלדע מאירסאָן

פון פינאַנץ־מיניסטעריום, וואו מיר האָבן גערעדט אַ שמועס מיט אליעזר קאַפּלאַן, זיינען מיר צוגעפאָרן צו באַזוכן די קונסט־שולע און אויס־שטעלונג פון בצלאל.

לײדער אָבער, צו מיין גרויס באַדויערן, האָב איך אין בצלאל לאַנג ניט געקענט פאַרבלייבן, כאָטש די אויסשטעלונג פון מאָ־לעריי און סקולפּטור, ווי אויך אַנדערע קונסט־אויסגעאַרבעטע זאַכן פון בצלאל זיינען געווען זייער אינטערעסאַנט צו זען.



גאָלדע מאירסאָן באַגריסט די חברים פון דער הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציע אין אַרבעטס מיניסטעריום.

שוין אינדערפרי, ווען איך בין אויפגעשטאַנען, האָב איך גע־שפּירט, אַז איך בין ניט מיט אַלעמען; אָבער איך האָב גע־מיינט, אַז עס וועט איבערגיין. זייענדיק אין בצלאל האָב איך דערפילט אַ שוואַכקייט אין די פיס, די ביינער האָבן מיך גע־בראָכן און אַ וואַרעמקייט וואָס איז געקומען פון טעמפּעראַטור.

איך האָב ניט געוואָלט איבערשרעקן מיין פרוי, ווייל אין דעם פּרט איז זי צעשראָקן וועגן דעם, וואָס עס האָט מיט מיר פּאַסירט אין 1937, ווען מיר זיינען דאָ געווען און איך בין פּלוצים קראַנק געוואָרן אויף דיזענטעריע און אָפּגעלעגן אין בעט דריי וואָכן צייט.

האָב איך געזאָגט, אַז איך בין אַביסל מיד און אַז איך וויל גיין אין

האָטעל זיך אָפּרוען. דעם סעקרעטאַר פֿייגענבוים האָב איך געבעטן, אַז ער זאָל פֿאַר מיר באַשטעלן אַ טעקסי און אויב מעגלעך, אויך אַ דאָקטאָר.

אַ טעקסי איז טאַקע געווען שווער צו קריגן. האָט מיך דער אויטאָבוס, וואָס האָט געוואַרט פֿאַר דער דעלעגאַציע, צוגעפֿירט צום האָטעל.

עס האָט לאַנג ניט גענומען, ווען איך בין אַריין אין בעט האָב איך שוין דערפֿילט, אַז איך ווער היפּשלעך וואַרעם. איך האָב זיך געוואונדערט, וואָס פֿאַר אַ סאָרט קראַנקהייט עס וועט זיך צו מיר צוטשעפּען.

אָבער באַלד איז געקומען אַ דאָקטאָר און מיך אונטערזוכט, געמאָסטן די טעמפּעראַטור און מיר מודיע געווען, אַז איך האָב געקראָגן אַ מאָגן־אינפֿעקציע און אַ שלעכטן האַלז און אַז איך וועל דאַרפֿן זיין אין בעט אַ דריי פֿיר טעג.

מיר איז דער עסק בכלל ניט געפֿעלן געוואָרן. ראשית, פֿאַרוואָס איך בין קראַנק געוואָרן, און שנית, וואָס איך וועל ניט קענען מיטפֿאָרן מיט דער דעלעגאַציע, וואָס האָט באַדאַרפֿט גלייך נאָכמיטאָג פֿאַרלאָזן ירושלים, אויפֿן וועג קיין עין חרוד.

מילא, צי יאָ געפֿעלן צי ניט, די קראַנקהייט האָט ביי מיר קיין דעה ניט געפֿרעגט און איך האָב זיך געמוזט צוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז דאָס איז דאָס, און אַז איך וועל דאַרפֿן זיין אין בעט ביז די קראַנקהייט וועט פֿון מיר אַוועקגיין.

דער דאָקטאָר האָט מיך באַרואיקט און געזאָגט, אַז איך זאָל זיך ניט שרעקן, אַז אין דריי־פֿיר טעג אַרום (אויב אַלץ וועט גיין כשורה), וועלן מיר קענען פֿאָרזעצן אונזער שפּאַציר מיט דער דעלעגאַציע. דערווייל האָט ער פֿאַרשריבן מעדיצינען און אין מיר אַריינגעשפּריצט אַ פּאָרציע פּעניסילין און געהייסן פֿאַרבלייבן אין בעט ביז ער וועט מיר דערלויבן אַרויסצוגיין.

אַגב, ווען איך האָב אים געפֿרעגט, אויב איך וואָלט ניט גיכער פּטור געוואָרן פֿון דער אינפֿעקציע, ווען איך זאָל נעמען די מעדיצין אַריאָמאַסין, האָט ער מיר געענטפֿערט, אַז די אַריאָמאַיסין מעדיצין מוזן זיי שפּאָרן פֿאַר מער ערנסטע חולאים ווי איך בין.

מיין פֿרוי האָט זיך דערווייל אומגעקערט פֿון בצלאל און פֿון אַ וויזיט ביי גאָלדע מאירסאָן, און ווען זי האָט מיך דערזען אין בעט, מיט אַ דאָקטאָרס „פּרעסקריפּשאָן", איז איר געוואָרן זויער אויף דער נשמה.

אָבער איך האָב איר באַרואיקט און איר דערציילט, אַז דער דאָקטאָר

האָט מיר געזאָגט, אַז עס איז ניט קיין ערנסטע קראַנקהייט און אַז אין נאָך אַ פּאָר טעג אַרום וועלן מיר קענען פאָרזעצן אונזער רייזע.

מיין פרוי האָט שטאַרק באַדויערט וואָס איך האָב ניט געקענט זיין מיט דער דעלעגאַציע ביי גאָלדע מאירסאָן. וויסנדיק וואָס פאַר אַ הויכע מיינונג און גרויסן רעספּעקט מיר אַלע האָבן פאַר דער פרוי, וואָס איז ישראל׳ס מיניסטער פון אַרבעט. זי, מיין פרוי, האָט מיר דערציילט מיט וואָס פאַר אַ פרייד זי האָט באַגעגנט די אַמעריקאַנער חברים און חברות, און ספּעציעל די באָסטאָנער, וועמען זי קען אַזוי גוט און וועמען זי איז אַזוי גערן צו זען.

ליידער, ליידער, האָב איך זיך דאָס מאָל ניט געקענט העלפן און האָב געמוזט דורכלאָזן די געלעגנהייט. אָבער דאָס אַליין וואָלט נאָך ניט געווען אַזוי שלעכט, ווען איך וואָלט ניט באַדאַרפט בלייבן אין האָטעל, בעת אַלע זיינען אָפּגעפאָרן צו באַזוכן די קיבוצים און די דערפער.

מיט דעם סעקרעטאַר, חבר פייגענבוים, וואָס איז אַריינגעקומען מיך באַזוכן, האָבן מיר אָפּגעמאַכט, אַז אַזוי גיך ווי עס וועט מיר ווערן בעסער, זאָלן מיר זיך טרעפן אין טבריה, וואו די דעלעגאַציע האָט פּלאַנירט צו זיין אין דריי אָדער אין פיר טעג אַרום.

דעם האַלבן טאָג און די נאַכט זינט איך בין קראַנק געוואָרן, האָב איך זיך טאַקע ניט געפילט אַזוי פויגלדיק. אָבער אויף דעם צווייטן טאָג האָט די טעמפּעראַטור גענומען פאַלן און איך האָב זיך גענומען בעסערן.

דער דאָקטאָר פלעגט מיך באַזוכן צוויי מאָל אַ טאָג און געטאָן אַלץ וואָס עס איז נאָר מעגלעך, אַז איך זאָל געזונט ווערן. מיר האָבן אויך געהאַט די קאָאָפּעראַציע פון האָטעל. מיר האָבן געקראָגן אַלץ, וואָס מיר האָבן באַדאַרפט אַרויפגעטראָגן צו אונז אין צימער.

דעם דריטן טאָג האָט דער דאָקטאָר מיך אויסגעשריבן אַלס חולה. ער האָט מיר אָבער אָנגעזאָגט, אַז איך מוז זיך היטן מיט שפּייז, מיט וואַסער און אַז איך זאָל ניט זיין צופיל אויף דער זון און אַזוי.

אַגב, וויל איך דערציילן, אַז ער, דער דאָקטאָר האָט מיך געשטעלט אין אַ פאַרלעגנהייט מיט דעם, וואָס ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען וועלכעס איז געצאָלט פאַר זיינע וויזיטן און פאַר זיין באַהאַנדלונג. מיר איז דאָס געווען שטאַרק פריקרע, איך האָב ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס מיר קומט פרייע מעדי־צינישע באַהאַנדלונג. ער האָט אָבער גע׳טענה׳ט, אַז ער איז אָנגעשטעלט פון קופּת חולים, און אַז ער קריגט פון דאָרט באַצאָלט, דעריבער דאַרף ער

ביי מיר קיין געלט ניט נעמען. האָב איך אים פאָרגעשלאָגן עפּעס אַ מתנה אַלס אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט און אָנערקענונג פאַר זיין דינסט. אויך דאָס איז מיר אָנגעקומען שווער ביי אים צו פּועל׳ן.

נאָך דעם ווי איך האָב זיך מיט אים אַזוי געראַנגלט אַ שטיקל צייט, האָט ער אַ זאָג געטאָן: „נו, גוט, אויב דאָס וועט אייך באַרויקן און צופרידנ־שטעלן, קענט איר מיר קויפן אַ פּאָר שטיקלעך שאָקאָלאַד. דאָס קענט איר קויפן פאַר אַמעריקאַנער געלט. פאַר אונזער ישראל־געלט קענען מיר דאָס ניט קויפן".

האָבן מיר אַזוי געטאָן, מיר האָבן געקויפט עטלעכע שטיקלעך שאָקאָלאַד, טאַקע ישראל׳דיק פאַבריצירטע שאָקאָלאַד פון דער פירמע „עלית", וואָס ווערט פאַרקויפט פאַר אַמעריקאַנער געלט אין האָטעל.

פאַרוואָס אַ ישראל׳דיקער, וואָס האָט ניט קיין אויסלענדיש געלט, זאָל ניט קענען קויפן אַ פּראָדוקט, וואָס ווערט פאַבריצירט אין ישראל גופא, איז משמעות איינער פון יענע פּאַראַדאָקסן, וואָס האָט צו טאָן מיט דער איצטיקער עקאָנאָמישער לאַגע און מיט וואַלוטע. דער שכל דערפון איז: כדי צו פאַבריצירן שאָקאָלאַד דאַרף מען האָבן צוקער, און צוקער ווערט נאָך דערווייל ניט פאַבריצירט אין ישראל און מען מוז דאָס קויפן אין אויסלאַנד



חברה פאולא שאַפּיראָ גיט איבער אַ מתנה געשיקט פון ש. רעזניקאָף צו גאָלדע מאירסאָן בעת דער פייערלעכער אויפנאַמע פאַר דער דריטער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע אין אַרבעטס מיניסטעריום.

און צאָלן מיט אויסלענדישער וואַלוטע, דעריבער מוז די שאָקאָלאַד פאַר־קויפט ווערן פאַר אויסלענדיש געלט.

נאַטירלעך, איז די ישראל׳דיקע באַפעלקערונג ניט זייער שטאַרק צו־פרידן פון דעם — אַ שטיקל שאָקאָלאַד איז אַ זייער וויכטיקע שפּייז פאַר קינדערלעך, ספּעציעל, ווען צוקער אַליין איז אַזוי באַגרענעצט פאַרן געברויך.

אָבער, אַז דאָס ווערט ניט געטאָן פאַר תענוג, ווייסן דאָך מסתמא שוין איצט אַלע. עס בלייבט נאָר צו האָפן, אַז די שפּייז־לאַגע זאָל זיך אינגיכן ענדערן צום בעסערן.

די פאָר טעג, וואָס איך בין געלעגן אין בעט האָבן זיך די ירושלים׳ער חברים שטאַרק אינטערעסירט צו וויסן וואָס איך מאַך און האָבן טעלעפאָנירט צו מיר אין צימער אַ פּאָר מאָל אין טאָג. אָבער מער פון אַלעמען איז געווען באַזאָרגט דער סעקרעטאַר פייגענבוים. ער האָט טעלעפאָנירט פון עין חרוד און פון אַנדערע פונקטן וואו זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט.

אַגב, וויל איך דאָ, פאַרבייגייענדיק, באַמערקן אַז מיך האָט שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס איך האָב ניט געקענט זיין מיט דער דעלעגאַציע אין עין חרוד, וואו מיר האָבן אין 1949, ווען מיר זיינען דאָרט געווען מיט דער ער־שטער הסתדרות־דעלעגאַציע, און פאַרבראַכט זייער אָנגענעמע עטלעכע טעג.

אָבער מער פון אַלעם האָט מיר באַנג געטאָן, וואָס איך האָב ניט געקענט זיין אין תל יוסף, וואָס איז נעבן עין חרוד און זיך זען מיט דעם חבר שדי, דער מוזיק־לערער פון דער תל־יוסף׳ער אָרקעסטער.

לעצטן מאָל, ווען מיר זיינען דאָרט געווען, האָט מיר שדי דערציילט, אַז עס פעלט אויס נאָטן פאַר זיינע שילער און, אַז ער קען די נאָטן אין ערגעץ ניט קריגן. פריער, פאַר דעם קריג, פלעגן זיי קענען קויפן די נאָטן אין לאָנדאָן, אָבער זינט די טעג פון דעם אויפקום פון דער מדינה, איז די פאַר־בינדונג מיט לאָנדאָן אָפּגעהאַקט געוואָרן. דעריבער בעט ער מיך, אַז איך זאָל אים צושיקן אַביסל מוזיק נאָטן פאַר זיין יונגער גרופּע בחורים וועמען ער לערנט שפּילן אויף בלאָז־אינסטרומענטן.

וויסנדיק, אַז באָסטאָן איז אַ שטאָט, וואָס האָט אַ קאָנסערוואַטאָריע און אויך מוזיק־פּאָבלישערס, האָב איך געטראַכט, אַז עס וועט פאַר מיר ניט זיין שווער צו קריגן. איך האָב אים געפרעגט וועלכע נאָטן ער וויל, האָט ער מיר פריער געזאָגט, אַז ער וויל נאָר פּאָפּולערע נומערן און, אַז ער וועט מיר שפּעטער ברענגען אַ צעטל, וואָס ער וועט אויסקלייבן פון

אַ מוזיק־קאַטאַלאָג. ער האָט טאַקע שפּעטער אַזאַ צעטל געבראַכט, אָבער אָנשטאָט פּאָפּולערע נומערן, האָט ער אויסגעקליבן מערסטע קלאַסישע מוזיק.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך אומגעקערט פון דער ישראל־רייזע, האָב איך די נאָטן אַוועקגעשיקט קיין תל יוסף. עס איז געווען אַ היפּש פּעקעלע. די פרייד פון אים, און פון זיינע תלמידים, ווען זיי האָבן די נאָטן באַקומען, האָט ער, שדי, מיר געשריבן אין אַ בריוו. ער האָט מיר צוגעשיקט אַ בריוו פון זיין קאַפּעליע, און אַן אויסשניט פון



אָסקאַר סטערמאַן דאַנקט חברה גאָלדע מאירסאָן פאַר דער פיינער, האַרציקער אויפנאַמע

אַ בולעטין, וואָס זיי גיבן אַרויס אין תל יוסף, דערציילנדיק פון דער גרויסער מתנה וואָס זיי האָבן געקראָגן, און אַז זיי וועלן שוין האָבן גענוג קאָמפּאָזי־ציעס צו פּראַקטיצירן און שפּילן פאַר אַ לאַנגער צייט.

דער חבר שדי האָט מיר דערנאָך געשריבן, „אַז אויך ער האָט מיך געוואָלט זען. ערשטנס, מיר פּערזענלעך דאַנקען פאַר דער ערשטער מתנה און צווייטנס, ווייל ער האָט געוואָלט, אַז איך זאָל אים שיקן אַ געוויסן לערנבוך”. ער האָט אין זיין בריוו אָנגעגעבן דעם נאָמען פון לערנבוך. איצט, ווען איך שרייב די שורות, האָב איך שוין דעם מוזיק־בוך באַקומען און איך וועל דאָס אים די טעג אַוועקשיקן.

אָט אַזוי האָט מיין פּלוצים'דיקער קראַנק ווערן איבערגעפירט מיינע



אין אַרבעטס מיניסטעריום פון מדינת ישראל.

פּלענער, וואָס איינער פון זיי איז געווען מיין באַגעגעניש מיט דעם מוזיק־לערער שדי און זיינע תלמידים.

ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט, איז דער פּלאַן געווען, אַז אַזוי שנעל ווי איך וועל פילן בעסער, זאָל איך אַרויספאָרן פון ירושלים קיין טבריה און זיך דאָרט אָנשליסן אין דער דעלעגאַציע, וואָס האָט באַדאַרפט אַהין קומען אין פיר טעג אַרום, נאָכדעם ווי זיי האָבן פאַרלאָזן ירושלים.

דאָס פּראָבלעם איז געווען — טראַנספּאָרטאַציע. די חברים אין ירושלים און דער סעקרעטאַר פייגענבוים האָבן ניט געוואָלט, אַז איך, אין מיין אָפּ־געשוואַכטן צושטאַנד, זאָל פאָרן אין אַן אַלגעמיינעם באָס, וואו עס איז ענג און הייס. האָבן זיי פאַר אונז באַשטעלט אַן אָטאָמאָביל מיט אַ שאָופער אונז צו ברענגען קיין טבריה.

האָבן מיר פאַרלאָזן דעם מלך־דוד־האָטעל גאַנץ פרי, כדי אַריינצוכאַפּן די צייט פון פרימאָרגן, ווען עס איז נאָך ניט אַזוי הייס צו פאָרן.

אַלס מיטפּאַסאַזשיר האָבן מיר געהאַט אַ מיטגליד פון אונזער דעלעגאַציע, וועלכער האָט צוליב געוויסע אורזאַכן באַדאַרפט בלייבן אויף אַ פּאָר טעג אין ירושלים און ניט געקענט מיטפאָרן מיט דער דעלעגאַציע, ווען זי איז אָפּגעפאָרן.

די ערשטע שעה׳ן איז די רייזע געווען זייער אָנגענעם. די לופֿט איז געווען פֿריש און נאָך אָפּגעקילט פֿון דער נאַכט; די זון האָט געוואַרעמט, אָבער נאָך ניט געבריט און דער הימל איז געווען קרישטאָל לויטער־בלוי, אָן אַ וועלכע עס איז שפּרענקעלע פֿון כמאַרעס. איך, מיין פֿרוי, דער מיטפֿאָ־רער, וואָס איז אגב, אויפֿגעצויגן געוואָרן אין ירושלים און רעדט אידיש — הלוואַי אויף אַלע אַמעריקאַנער רבנים געזאָגט געוואָרן — האָבן זיך מיט גרויס אינטערעס איינגעהערט, וואָס דער שאָפֿער — אַ איד פֿון אַן אוקראַאיניש שטעטל, געקומען קיין ארץ ישראל אין די דרייסיקער יאָרן — האָט אונז צו דערציילן וועגן די אַלע פּונקטן, וואָס מיר פֿאָרן פֿאַרביי. קענטיק, אַז ער איז גוט באַקאַנט מיט ניט נאָר וואָס עס האָט פּאַסירט אין צייט פֿון קריג מיט די אַראַבער, נאָר אויך מיט יעדן פּלאַץ, וואָס איז דערמאָנט אין תנ״ך. און אַזוי ווי אונזער רב־פּאַסאַזשיר האָט אויך אַביסל געדענקט, וואָס עס איז פֿאַרצייכנט אין תנ״ך, איז דער שמועס געווען זייער אינטערעסאַנט.

און אַזוי פֿאָרנדיק און זיך איינהערנדיק צו די רייד פֿון אונזער גע־לערנטן שאָפֿער, זיינען מיר אַרונטערגעקומען פֿון די בערג און זיך דער־נענטערט צום שטעטל לוד, וואו עס געפֿינט זיך דער גרויסער לופֿט־פֿעלד פֿון ישראל.



דער אַריינפֿאָר אין נצרת

לוד ווערט גרעסער און מער באַפעלקערט. עס געפינט זיך דאָרט איצט אַ גרויסע באַפעלקערונג פון עולים און היפשע מעברות. אין לוד ווערן איצט אויפגעשטעלט אַ סך נייע הייזער און אַ באַדייטנדיקע צאָל פאַבריקן, וואָס וועלן געבן אַרבעט דער וואַקסנדיקער באַפעלקערונג.

מיר זיינען געפאָרן דירעקט, זיך ניט אָפּגעשטעלט אין ערגעץ אויסער אין אַ קאַפע אין חדרה צו טרינקען אַ גלאָז טיי. אַגב, דורך אַ צופאַל, האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט אייזיק העמלין און מיט דער טרעיד יוניאָן דעלעגאַציע, וועלכע זיינען מיט אונז צוזאַמען געפלויגן קיין ישראל, זיי האָבן זיך אָבער דערנאָך פון אונז אָפּגעזונדערט און זיינען באַזונדער אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד מיט העמלינען. זיי זיינען שוין געפאָרן צוריק פון זייער שפּאַציר איבער די קיבוצים קיין תל אָביב.



ביי דער אויפנאַמע וואָס דער אַרבעטער ראַט אין נצרת האָט געגעבן לכבוד דער דריטער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע.

חדרה, איינע פון די אַלטע קאָלאָניעס, איז איצט שטאַרק אויסגעברייטערט. גאַנץ שיינע, הויכע, ברייטע און שיין געפלאַסטערטע וועגן שניידן דורך די געגנט.

פלאַכע פעלדער פון עמק השרון ליגן אויסגעשפּרייט, אַרומגערינגלט פון אַ גאַנצער קייט פון בערג, וואָס ווערן דערמאָנט פון יעדן רייזנדן, וואָס באַזוכט די געגנט.

די פעלדער אין דער צייט פון יאָר זיינען ליידיק. עס וואַקסט אויף זיי כמעט גאָרניט. אין אייניקע פלעצער האָבן מיר באַמערקט אַ היפשע צאָל קאַווענעס (וואַסער־מעלאָנען) און אויך טאַבאַק צום רויכערן.



ביי דער אויפנאַמע אין דער סוכנות אין ירושלים אין דער אָנוועזנהייט פון די ח. ח. בערל לאָקער און חיים גרינבערג.

מיר האָבן פאַרגעזעצט אונזער רייזע אין דעם גליל התחתון. די זון האָט געשיקט אירע הייסע שטראַלן און האָט אָנגעגליט די אַטמאָספערע אַזוי, אַז עס איז געווען געשמאַק וואַרעם, אַפילו אין אונזער אויטאָמאָביל, וואָס האָט זיך געקאַטשעט אַרויף און אַראָפּ די בערג ביז מיר האָבן זיך דערנענטערט צו טבריה אַרום דעם ים כנרת.

פאַר דער אינפאָרמאַציע, וועגן דעם ווי די דעלעגאַציע האָט פאַרבראַכט דעם לעצטן טאָג אין ירושלים און זייער פאָרן ביז טבריה, מוז איך דאַנקבאַר זיין מיין פרוי. און אָט וואָס זי האָט מיר דערציילט:

מאָנטיק פרי, דעם 6טן אויגוסט, איז פאָרגעקומען אין דער „אידישער אַגענץ" אַ ספּעציעלע אויפנאַמע פאַר דער הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציע, מיט דעם אָנטייל פון חבר בערל לאָקער און חיים גרינבערג. נאָכדעם איז די גאַנצע גרופּע אַוועקגעפאָרן אין דער כנסת אין דער באַגלייטונג פון וויצע־קאָמוני־קאַציע מיניסטער, ראובן שרייבמאַן. — דעם טאָג האָט די כנסת ניט געהאַט קיין מיטינגען — האָט די דעלעגאַציע דעריבער געהאַט אַ מעגלעכקייט צו זיצן אין די פּלעצער פון די דעפּוטאַטן און חבר שרייבמאַן האָט געגעבן אויפ־קלערונגען, ווי אַזוי די כנסת אַרבעט. די חברים אָסקאַר סטערמאַן און פרענק קאַסטי האָבן געהאַט די זכיה צו דאַנקען פאַר דער אינפאָרמאַציע און האָבן

איבערגעגעבן צו חבר שרייבמאַן אַ ספּעציעלע מתנה — אין נאָמען פון דער פאָלקס־דעלעגאַציע.



אַ באַזוך אין כנסת — אין דעם אידישען פּאַרלאַמענט פון ישראל.

נאָכדעם ווי מיר האָבן גע־געסן לאָנטש אין „קינג־דייוויד־האָטעל", איז די דע־לעגאַציע געפאָרן דורך לוד און אָנוונט־צייט אָנגעקומען אינם קיבוץ עין־חרוד. עין־חרוד איז איינער פון ד עלט־סטע קיבוצים אין לאַנד און איינער פון די דריי גרעסטע. אין עין חרוד איז די דעלעגאַציע געבליבן פאַר אַ פּאָר טעג און האָט באַזוכט אַ צאָל קיבוצים און מושבים אין עמק ווי אויך דעם קונסט־מוזעאום אין בית שטורמאַן.

לעבן מעיין חרוד האָט די פאָלקס דעלעגאַציע געהאַט דאָס גליק צו זען דעם יוגנט קעמפּ „גדנה", די יוגנט פון מעברות וואָס שטייט אונטער דער אויפזיכט פון מיליטער. די מיליטערישע אָנפירונג האָט צונויפגעזאַמלט הונ־דערטער יוגנטלעכע פון די מעברות, בכדי זיי צו געבן אַ מעגלעכקייט אין די



י. בלום, סעקרעטאַר־טרעזשורער פון אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָירקערס אין באָסטאָן ענטפערט אויף דער באַגריסונג פון דעם אַראַבישן אַרבעטער ראַט אין נצרת.

זומער חדשים צו קריגן אַן אָפּרו און דערצו זיי לערנען די שפּראַך און מנהגים פון לאַנד.

די דעלעגאַציע האָט אויך באַזוכט כפר יחזקאל און גבע און אין אַ פייער־לעכן געזעגנונגס אָוונט וואָס דער קיבוץ אין עין חרוד האָט געגעבן דער דע־לעגאַציע, ביי וועלכן ס'האָבן אויסער אונזערע אייגענע חברים גערעדט י. לעווקאָוויץ־לביא און א. ציזלינג, איז די גאַנצע גרופּע מיטוואָך אַרויסגעפאָרן קיין טבריה. אויפן וועג איז מען געבליבן שטיין עטלעכע שעה אין נצרת, וואו ס'איז געגעבן געוואָרן אַן אויפנאַמע פון דעם אַראַבישן אַרבעטער ראַט. און נאָך אַ קורצן באַזוך אין שטאָט זיינען מיר אָנגעקומען קיין טבריה, וואָס געפינט זיך 530 פיס אונטער דעם ים פלאַך. מיר האָבן אָנגעהויבן דאָ דערפילן דער ישראל'דיקער זון גאַנץ שטאַרק, אָבער עס איז ניט געווען צייט צו טראַכטן און מען איז אָנגעגאַנגען ווייטער מיט דעם טור.



# עין חרוד — טבריה — דגניה

ווען מיר זיינען צוגעפאָרן צו דעם האָטעל פנה, אין טבריה, איז שוין די דעלעגאַציע געווען דאָרט — טאַקע נאָר וואָס געהאַט געקומען פון זייער באַזוך אין עין חרוד׳ער געגנט, וואו זיי האָבן באַזוכט דעם משק עין חרוד, כפר יחזקאל, דעם יוגנט־קעמפּ „גדנה״.

די חברים פון דער דעלעגאַציע האָבן זיך שטאַרק דערפרייט, ווען זיי האָבן אונז דערזען און אונז אָפּגעגעבן אַ האַרציקן ברוכים הבאים.

מיר זיינען געווען צופרידן זיך ווידער אָנצושליסן אין אונזער גרופּע פאָרצוזעצן דעם אינטערעסאַנטן שפּאַציר איבער דער מדינה. אָבער איין זאַך האָט אונז שטאַרק ידערקוטשעט — און דאָס איז די היץ. עס איז געווען אַזוי הייס, אַז עס האָט זיך מיר גערדאַכט, אַז אפילו אין גיהנום, דאָרט וואו מען ברענט און מען בראָט די רשעים, קען ניט זיין הייסער. טבריה איז באַוואוסט פאַר אַ הייסן פּלאַץ. אין הערבסט, און אַ פּאָר חדשים אין ווינטער, ווען אין אַנדערע פּלעצער אין ארץ ישראל איז גאַנץ קיל, איז אין טבריה וואַרעם. און ווייל עס איז אין ווינטער וואַרעם, פאָרן אַ סך אידן פון ישראל אַהין אויף וואַקאַציע אין די ווינטערדיקע חדשים. אין זומער, ווידער, ספּעציעל אין דעם מאָנאַט, ווען מיר זיינען דאָרט געווען, איז היפּשלעך הייס; אַ סך הייסער ווי ווען מיר זיינען ידאָ געווען מיט צוויי יאָר צוריק.

עס איז אין אַלגעמיין געווען זייער אַ הייסער זומער אין ישראל — דער הייסטער זומער אין 27 יאָר. און אין טבריה איז געווען נאָך הייסער ווי אין אַלע אַנדערע פּלעצער אין ישראל.

העלפן דערצו, אָדער פאַרמיידן די היץ, האָבן מיר, נאַטירלעך, ניט געקענט, האָבן מיר געשוויצט און געשוויגן. אונזער פּראָגראַם האָט געלויטעט, אַז מיר האָבן געדאַרפט זיין צוויי טעג אין טבריה, פונוואַנען מיר האָבן גע־דאַרפט אַרויספאָרן און באַזוכן דעם עמק הירדן, די חמי־טבריה, דעם קבר פון מאיר בעל הנס, דעם קבר פון בערל קאַצענעלסאָן און דגניה א׳. זיינען מיר, אַזוי ווי גוטע דיסציפּלינירטע סאָלדאַטן, דורכגעגאַנגען מיט דעם פּראָגראַם.

למען האמת מוז מען זאָגן, אַז די בעלי־הבתּים פון דעם האָטעל דפנה האָבן געטאָן אַלץ מעגלעכעס, אַז מיר זאָלן זיך פילן באַקוועם.

אין די אָוונטן, ווען מיר האָבן געקענט, פלעגן מיר זיצן אויף דער וועראַנדע פון דעם האָטעל און אויפכאַפּן יעדעס ווינטעלע, וואָס האָט נאָר צו אונז פאַרבלאָנדזשעט פון דעם ים כנרת. אָבער ווען מען האָט געדאַרפט גיין שלאָפן אין די ניט גרויסע צימערן פון האָטעל, איז געווען צרות. שווער געווען צו שלאָפן און רוען אין אַזאַ היץ.

אָבער ווי זאָגט דאָרט דער רוס: „דיעלאָ פאָ דיעלאַם, אַ סוד פאָ פּאָרמיע"; הייס, אָדער ניט הייס, מיר זיינען אין טבריה און אין טבריה געפינט זיך אַ „מועצת פּועלי הסתדרות", וועט מען אונז, אַ גרופּע אַמעריקאַנער הסתדרות עסקנים, עפּעס דורכלאָזן אָן אַן אָפיציעלער אויפנאַמע? האָט מען אונז טאַקע באַלד, ווי מיר האָבן אָפּגעגעסן מיטאָג, מודיע געווען, אַז אין אָוונט וועלן מיר פאָרן צו אַן אויפנאַמע פון דער מועצת פּועלי טבריה, נאָכדעם ווי מיר וועלן זיך אומקערן פון אַ באַזוך אין דגניה א'.

אָבער מיך האָט קודם כל אינטערעסירט, וואָס עס הערט זיך אין דעם גרויסן קיבוץ, עין חרוד, וועלכער האָט זיך אַלעמאָל גערעכנט פאַר אַ מוסטער פון די קאָאָפּעראַטיווע דערפער, וואָס דער חלוציזם האָט געשאַפן.

איך האָב געוואָלט וויסן ווי עס האַלט דאָרט מיט די חלוקי־דעות צווישן מפּ"ם און מפּא"י. שטערן ניט די רייסערייען דעם פּראָגרעס אין דער אַרבעט פון קיבוץ אַזאַ"ווי.

האָט מיר אַ חבר פון דער דעלעגאַציע דערציילט, אַז אויסערלעך איז פאַר אַ באַזוכער שווער צו באַמערקן, אַז עס איז ניטאָ קיין שלום. קענטיק, אַז מען היט זיך שטאַרק אַרויסצוטראָגן די רייסערייען פאַר פרעמדע. אָבער אַ געניט אויג קען באַמערקן די צוויי ליניעס פון געדאַנקען־גאַנג אפילו ביי אַן אָפיציעלע אויפנאַמע. אַזוי, צום ביישפּיל, האָט מען גלייך געקענט דערקענען פון די צוויי באַגריסער ווער עס געהערט צום מפּא"י און ווער צום מפּ"ם. אונזער דעלעגאַציע איז געווען העפלעך גענוג אין זייער ענטפער, צו געבן דאָס וואָרט צו איינעם, וואָס איז אַן אָנהענגער פון מפּא"י, און צו איינעם (אפשר דער איינציקער אין אונזער דעלעגאַציע), וואָס איז אַ סימפּאַטיקער פון מפּ"ם.

אָבער אויסער די צאַנקערייען, איז עין חרוד געווען און איז עד היום, אַן איינגעפונדעוועטער קיבוץ — איינער פון די דריי עלטסטע און גרעסטע קיבוצים פון לאַנד.

די גרינדונג און אַנטוויקלונג פון קיבוץ עין־חרוד איז אַ לייכטנדיקער באַוויז, וואָס מענטשן, וועלכע זיינען באַהויכט פון אַ גרויסן אידעאַל, קענען דערגרייכן.

מיט 30 יאָר צוריק איז אָט די מזרח־זייט פון עמק יזרעאל, וואו עס געפינט זיך איצט אָט די בליענדיקע קאָלאָניע עין־חרוד, געווען אַ דזשאָנגל פון פאַרפעסטעטע זומפּן, וואָס קיין מענטשלעכע באַשעפעניש האָט דאָרט ניט געקענט לעבן. אפילו די אַראַבער פלעגן וויכן פון דעם פּלאַץ און די גאַנצע געגנט אַרום האָבן זיי גערופן: „דער קוואַל פון טויט".

איצט, 30 יאָר שפּעטער, נאָכדעם ווי אַ גרופּע אידישע חלוצים, רוסישע אידן פון דער דריטער עליה, האָבן די זומפּן אויסגעטריקנט און דעם באָדן געזונט געמאַכט, איז דאָס ניט מער אַ קוואַל פון טויט, נאָר אַ געגנט, וואוהין קראַנקע מענטשן קומען זיך דערהאָלן.

עין חרוד איז איצט מער ניט קיין דאָרף, נאָר אַ שטאָט. אין עין חרוד וואוינען איצט איבער 1400 נפשות.

עין חרוד האָט אַ געמישטעווירטשאַפט: עס וואַקסן דאָרט אַלערליי גרינסן, תבואות, ציטרוס־פּרוכט און וויינטרויבן.



אין בית־שטורמאַן, עין חרוד.

זיי האָבן דאָרט אַ סך קי, שאָף, הינער־צוכט און באַסיינען וואו זיי האָדעווען פיש. זיי אַרבעטן דאָרט מיט די מאָדערנסטע אַגריקולטור מאַשי־נען, ווי טראַקטאָרס און קאָמביינען און אַזוי ווייטער. אַ חוץ דעם אַרבעטן זיי אויס גרויסע מעטאַלענע קעסלען, וואָס ווערן גענוצט אין גרויסע פֿאַ־בריקן. זיי האָבן אויך בשותפות מיט תל יוסף, אַ מילך־פֿאַרם, וואו זיי גרייטן צו מילך פֿאַר תנובה.

עין חרוד איז אויך ניט הינטערשטעליק אויף דעם קולטורעלן געביט. איך געדענק, פֿון מיין באַזוך אין 1949, דעם „בית שטורמאַן", וואָס איז



ביים דעראָבערטן אַראַב־שן טאַנק אין דגניה, מיט יוסף באַראַץ.

אַ מוזעאום, וואו עס זיינען אויסגעשטעלט אַלערליי געוויקסן, וואָס וואַקסן אין דעם עמק, און אויך מוסטערן פֿון באָדן און אַזו"וו.

דער חבר דערציילט מיר, אַז דער „בית שטורמאַן" איז איצט אַ סך אויסגעברייטערט און פֿאַרגרעסערט. איך קען ניט פֿאַרגעסן די שיינע פּאַ־נאָראַמע פֿון דער געגנט, אַרום וועלכער מען זעט, ווען מען גייט אַרויף אויפֿן אויבערשטן טייל פֿון דעם „בית שטורמאַן", דעם עמק אַרום דעם נאָענטן באַרג גלבוע. דאָס איז אַזאַ פֿאַרכאַפּנדיק בילד, אַז מען קען זיך זאַט אין דעם ניט אָנקוקן.

אין עין חרוד געפֿינט זיך אויך אַ געביידע, וואָס זיי רופֿן „קונסט־צענ־טער". אין דער געביידע געפֿינען זיך גרויסע קאָלעקציעס פֿון מאָלערייען

און סקולפּטורן, וואָס זיינען געזאַמלט געוואָרן פון אַ סך לענדער. אָט די צוויי געביידעס פון מוזעאום און קולטור־צענטער ווייזן אויף וואָס פאַר אַ קולטורעלן ניוואָ די מענטשן פון עין חרוד שטייען. אַנדערש, וואָלטן זיי ניט געהאַט קיין נוצן פון אָט די קונסט־זאַכן.

דער חבר האָט מיר אויך דערציילט, אַז די דעלעגאַציע האָט, פּונקט ווי די אַנדערע צוויי דעלעגאַציעס, געקראָגן אַ שיינע און וואַרעמע אויפנאַמע.

אָט ווי אַזוי די עין חרוד׳ער מאַכן דאָס: אין אָוונט, ווען אַלע זיינען פאַרטיק מיט זייער אַרבעט און אכילה, קלייבן זיי זיך צוזאַמען נעבן אַ גרויסער, אָפענער בינע, וואָס דינט פאַר אַ טעאַטער און פילמען. פאַר די דעלעגאַטן און דערוואַקסענע שטייען אויסגעשטעלט גרויסע טישן מיט בענק. אויף די טישן עפּעס צוטרינקען און ענבים (וויינטרויבן), פון דער גרויסער בינע ווערן די דעלעגאַטן באַגריסט פון פאַרשטייער פון קיבוץ, און אַ צוגעגרייטע פּראָגראַם פון מוזיק און טענץ ווערט דורכגעפירט פון אינגלעך און מיידלעך פון קיבוץ. אַזאַ ספּעקטאַקל געדויערט אַ פּאָר שעה, און דערנאָך צעגייט זיך דער עולם צוריק אין זייערע הייזער.

דאָס מאָל, פּונקט ווי פאַראַיאָרן און פאַר פאַר צוויי יאָרן, זיינען אַ טייל דעלעגאַטן איינגעשטאַנען אין דעם בית אורחים, וואָס איז מיט אייניקע יאָר צוריק אויפגעבויט געוואָרן פון דער פרוי קאָהען, פון לאָס אַנדזשעלעס, און דער אַנדערער טייל פון דער גרויסער דעלעגאַציע זיינען געשלאָפן אין די הייזער פון די מיטגלידער פון קיבוץ.

אַלע פון דער דעלעגאַציע, מיט וועמען איך האָב גערעדט, זיינען געוועזן באַגייסטערט פון דער אויפנאַמע פון די עין חרוד׳ער חברים און זיי דריקן אויס זייער האַרציקן דאַנק, וואָס עס איז זיי געגעבן געוואָרן די געלעגנהייט צו זיין אין עין חרוד און זיך באַקענען מיט דעם גרויסן קיבוץ. אָט דעם גרוס פון עין חרוד האָב איך אָפּגענומען, ווען מיר זיינען געזעסן אין אויטאָבוס, וואָס האָט אונזער דעלעגאַציע געפירט קיין דגניה א׳.

דגניה! ווער, וואָס אינטערעסירט זיך מיט מדינת ישראל אין אַלגעמיין און באַזונדערס מיט דעם חלוציזם, האָט ניט געהערט פון דגניה און פון איר חשוב׳ן מיטגליד און פירנדיקן חבר יוסף באַראַץ. דער געדאַנק אַליין, אַז מיר פאָרן באַזוכן דגניה און וועלן זיך טרעפן מיט באַראַצ׳ן, איז געוועזן גענוג פאַר אונז צו פאַרגעסן, אַז עס איז הייס און אין אַלע אַנדערע אומבאַ־



אין דגניה



אין דגניה מיט יוסף ב:ראַץ.

קוועמלעכקייטן, וואָס אַן אַמע־ריקאַנער טוריסט קען באַגע־גענען צווישן דעם גליל התח־תון און דעם עמק הירדן.

דגניה, אָט די שיינע בלום פון אַלע קיבוצים, וואָס ליגט ביי דעם אָנהויב פון ים כנרת, אַנטקעגן די בערג פון עבר הירדן, איז איצט אויפגעבויט געוואָרן נאָכן חורבן, וואָס די וואַנדאַלן פון עבר הירדן האָבן געמאַכט אין צייט פון קריג אין 1947־48. דער איינציקער סימן פון קריג וואָס איז פאַרבליבן איז אַ צעשטערטער טאַנק, וואָס ליגט איינגעגראָבן ביי די אַריינגאַנגס פון דעם משק און דינט איצט פאַר אַ זכר און אָנדענקונג פון דעם גרויסן העראָאישן קאַמף, וואָס די דגניה׳ער האָבן אָנגעפירט באַזיגנדיק דעם שונא. די איינצלהייטן פון דעם גלאָררייכן קאַפּיטל זיינען שוין אַ סך מאָל דערציילט געוואָרן און איז איצט געשיכטע, וואָס וועט בלייבן אַלס מוסטער פאַר די צוקונפטיקע אידישע דורות, ניט ווייניקער ווי די העלדנ־טאַטן פון די מאַקאַבייער. די דגניה׳ער האָבן זייער חוב בייגעטראָגן. זייערע קדושים, די, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן זייערע טייערע לעבנס, אַז דגניה זאָל



יוסף באַראַץ באַגריסט די מיטגלידער פון דער דריטער פאָלקס דעלעגאַציע אין דגניה

לעבן, רוען איצט אויף אַ בית עולם ניט ווייט פֿון משק, וואוהין מיר זיינען שפּעטער, נאָכדעם ווי מיר זיינען פֿאַרטיק געוואָרן מיט אונזער וויזיט, צוגעפֿאָרן.

ביים אָנקומען קיין דגניה האָט אונז באַגעגנט אַ גרופּע חברים מיט יוסף באַראַץ בראש. ער, באַראַץ, אַ מיטגליד פֿון כנסת, דער טאַטע און פֿאַרזאָרגער פֿון דער אַרמיי, און זייער אַ פֿאַרנומענער מענטש, האָט פֿונדעסטוועגן אָפּ־געשפּאָרט צייט אונז צו באַגעגענען און זיך מיט אונז מתעסק זיין אַ פּאָר שעה.

ער, פּערזענלעך, האָט אונז אַרומגעפֿירט איבער די שיינע, פּראַכטפֿולע אַלייען מיט בוימער; צווישן הייזער מיט קאָלירפֿולע בלומען און אונז אַהינ־געפֿירט אין „בית גאָרדאָן״, וואָס איז איצט, בלי ספק, איינע פֿון די אינטע־רעסאַנטסטע נאַטור־מוזעאומס אין ישראל.

איך דערמאָן זיך איצט אין מיין באַזוך אין דגניה אין 1937. דאַן איז דער „בית גאָרדאָן״ נאָר וואָס אויפֿגעשטעלט געוואָרן. דאָס הויז האָבן אויפֿגעבויט די מיטגלידער פֿון דעם קיבוץ אַליין, כדי עס זאָל ניט קאָסטן קיין אַרבעטס־געלט. אַלץ, וואָס זיי האָבן דאַן געהאַט צונויפֿגעבראַכט פֿאַר דעם מוזעאום איז נאָך געווען צונויפֿגעוואָרפֿן און ניט אויסגעשטעלט. אָבער היינט איז אַלץ אויסגעשטעלט און אַראַנזשירט אין אַ גו־טער אָרדענונג. דער מוזעאום האָט איצט אַ קאָלעקציע פֿון יעדן פֿויגל און פֿייגעלע, וואָס פֿליט אונטער די הימלען פֿון ישראל, און פֿון יעדער חיה׳לע, וואָס לעבט אויף דער ישראל־ערד.



די מצבה פֿון דעם באַליבטן
ציוניסטישן אַרבעטער פֿירער
בערל קאַצענעלסאָן ע״ה.

עס איז ווירקלעך צו שטוינען, ווען מען קוקט זיך צו וויפֿיל פֿאַרשידנאַרטיקע באַ־שעפֿענישן עס געפֿינען זיך אין אַזאַ קליין לאַנד, ווי ישראל, און נאָך אַ גרעסערער וואונדער איז, ווי אַזוי אַזאַ פֿאַרהעלטניס־מעסיק קליינער ישוב ווי דגניה קען אויסהאַלטן און זאָרגן פֿאַר אַזאַ אינסטי־טוציע, וואָס וואָלט געווען אַ שטאָלץ פֿאַר גאַר גרויסע שטעט.

דאָס ווייזט וויפֿיל ליבע און איבערגעגעבנקייט די מיטגלידער פֿון דגניה גיבן אָפּ צו זייערע קולטורעלע אינסטיטוציעס.

נאָכדעם ווי מיר זיינען פּאַרטיק געוואָרן צו באַטראַכטן דעם „בית גאָר־דאָן” און זיך איינגעהערט צו די האַרציקע רייד פון יוסף באַראַץ, האָבן מיר אַלע צוגעשפּאַצירט צו דעם פּלאַץ, וואו עס ליגט דער צעשמעטערטער טאַנק, וואָס איך האָב שוין פריער דערמאָנט. דאָרטן האָט באַראַץ איבערגעגעבן די געשיכטע פון דעם קאַמף, וואו גרויסער אידעאַליזם און מסירת נפש האָט באַזיגט גרעסערע מחנות פון ברוטאַלער קראַפט און מאָדערנע וואָפן.

עס איז געוואָרן טונקל. דער ווינקל פון כנרת, וואָס מען זעט פון דגניה האָט אָנגענומען אַ טונקל־בלויען קאָליר. פונדערווייטנס האָבן מיר באַמערקט אַ שרענגע ישראל־סאָלדאַטן, וואָס האָבן מאַרשירט, אויפן וועג, משמעות צו היטן די עבר הירדן גרענעץ. מיר האָבן זיך אַריינגעזעצט אין די באָסעס און זיך אומגעקערט קיין טבריה.



# אָפּיציעלע אויפנאַמע פון דער עיריה אין טבריה — מיט א שיף ביינאַכט אויפן ים כנרת — עין־גב

ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט פון דעם באַזוך אין דגניה איז שוין געווען גאַנץ טונקל. מיר האָבן קוים צייט געהאַט אָפּצוועסן און מיר האָבן שוין באַדאַרפט פאָרן צו אַן אָפּיציעלער אויפנאַמע אין דער מועצת פועלי טבריה.

דאָס איז פאָרגעקומען אין טבריה׳ער שטאָט־פּאַרק, אונטער דעם פרייען הימל, וואו מיר האָבן אַלע זיך אויסגעזעצט אַרום לאַנגע טישן, וואָס זיינען געווען צוגעגרייט פאַר אונז אַלע און פאַר די הסתדרות־חברים פון טבריה, וועלכע זיינען אונז געקומען באַגריסן.

עס איז אויך געקומען צו אונז זאָגן ברוכים הבאים, דער מעיאָר פון שטאָט, חבר ש. ווייס, איינער פון די פירנדיקע חברים פון טבריה׳ער הסתדרות און איצט ראש העיר פון טבריה.

שוין ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס עס קומט אויס דעם חבר ווייס צו באַגריסן אַמעריקאַנער הסתדרות־עסקנים. איך געדענק אים פון דער ער־שטער דעלעגאַציע מיט צוויי יאָר צוריק, ווען ער, אַלס פאָרשטייער פון טבריה׳ער הסתדרות, האָט אונז באַגריסט.

אָבער דאָס מאָל האָט ווייס צו אונז גערעדט ניט נאָר אַלס פאָרשטייער פון מועצת פועלי טבריה, נאָר אַלס מעיאָר פון דער שטאָט טבריה.

נאָך דעמאָלט, אין 1949, מיט צוויי יאָר צוריק, האָט חבר ווייס צו אונז גערעדט וועגן די פּראָבלעמען פון דער שטאָט. ער האָט אונז דעמאָלט דערציילט וועגן דעם קאַמף, וואָס דאָס הייפּעלע אידן, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אין טבריה, האָט געפירט קעגן די אַראַבער, וועלכע זיינען געווען אין אַ גרעסערער צאָל און געהאַט מער וואָפן פון זיי.

די אידן אָבער, טאַקע אונטער דער פירערשאַפט פון חבר ווייס און זיינע חברים, האָבן דעם קאַמף געפירט אַזוי בראַוו און מיט אַזאַ מסירת נפש, אַז דער בריטישער קאָמאַנדיר פון טבריה׳ער אומגעגנט האָט באַשלאָסן איבערצוגעבן די ציווילע שטאָט־רעגירונג אין די אידישע הענט, איידער זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן פון טבריה.

חבר ווייס האָט אונז נאָך דעמאָלט געזאָגט, אַז עס איז זייער אויפגאַבע און



ביים כנרת מיט דער צווייטער הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציע אין 1950

אַמביציע צו מאַכן פֿון טבריה אַ מאָדערנע און אינדוסטריעלע שטאָט מיט אַ גרויסער אידישער באַפעלקערונג.

איצט האָט מעיאָר ווייס דערציילט, אַז טבריה האָט שוין טאַקע אַ גרע־סערע באַפעלקערונג, אָבער דער צופלוס איז מערסטנס פֿון עולים, וואָס דאַרפֿן באַזאָרגט ווערן מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַרבעט צו פֿאַרדינען אויף ברויט און שולן פֿאַר די קינדער צו לערנען.

דאָס איז, נאַטירלעך, גאָרניט קיין קליינע אויפֿגאַבע, און דערפֿאַר זיינען טאַקע די פּראָבלעמען אַזעלכע שווערע און די זאָרג אַזוי גרויס.

ניט אַלע עולים, פֿאַרשטייט זיך, האָבן שוין הייזער וואו צו וואוינען, די מערסטע פֿון די ניי אָנגעקומענע מוזן דעריבער זיך געפֿינען אין די מעברות. אַזאַ מעברה געפֿינט זיך איצט אויף אַ באַרגיקער געגנט, גלייך ווי מען קומט אָן אין טבריה.

די הכנסה פֿון דער שטאָט איז אַ באַגרענעצטע, ווייל עס איז נאָך דערווייל ניטאָ אין טבריה קיין גרעסערע אינדוסטריעלע אונטערנעמונג און גרויסע געשעפֿטן וואָס זאָלן צאָלן שטייערן.

אָבער אַפילו מיט די באַשרענקטע מיטלען, וואָס די שטאָט האָט, ווערט



מיט דעם מעיאָר פֿון טבריה, ש. ווייס, ביים אַריינגאַנג צום האָטעל גובערמאַן

טבריה אויסגעברייטערט און פאַרשענערט; הייזער ווערן געבויט, גאַסן געפלאַסטערט אאַז״וו.

אַביסל הכנסה קריגט טבריה פון די מינעראַל־וואַסערן און וואַרעמע בעדער־קוואַלן, וואָס ווערן אָנגערופן חמי טבריה. אָט די בעדער ווערן איצט איבערגעבויט און פאַרשענערט, אַז עס זאָל צוציען וואָס מער טוריסטן.

אין די חדשים וואָס עס איז קיל אין ישראל׳דיקע שטעט און דערפער קריגט טבריה אַריין אַ סך טוריסטן, טאַקע פון ישראל גופא, ווייל אין טבריה איז וואַרעם ווי אין פלאָרידע. די האָטעלן, וואָס געפינען זיך אין טבריה אין אַ היפּשער צאָל, ווערן פאַרנומען פון געסט. אַפילו דער פּרעמיער, דוד בן גוריון, אַליין קומט אַהער קיין טבריה זיך אָפּרוען.

אָבער דאָס אַליין איז ניט גענוג צו באַפרידיקן דעם באַגער און אַספּיראַ־ציעס פון דעם ענערגישן און דינאַמישן מעיאָר ווייס פון טבריה. עס איז זיין אַמביציע, אַז אָט די אַלטע שטאָט טבריה, וואָס איז ביז איצט געווען באַוואוסט היסטאָריש אַלס הייליקע שטאָט און פון די קברים פון יוחנן בן זכאַי און רמב״ם, זאָל באַנייט און פאַרגרעסערט ווערן און זאָל זיין איינע פון די וויכטיקסטע שטעט פון ישראל ביי דעם ים כנרת.

נאָכדעם ווי עס האָבן גערעדט נאָך אַ פּאָר חברים פון טבריה און אַ פּאָר פון אונזער דעלעגאַציע, האָט מען אונז מכבד געווען מיט אַ קאַלטן טרונק און צובייסן און די פאַרזאַמלונג איז געווען צו ענדע.

יאָ, די פאַרזאַמלונג האָט זיך געענדיקט, אָבער מיר זיינען נאָך ניט געגאַנגען אין האָטעל רוען, נאָר האָבן געהאַט אַ גאַנץ אָנגענעמע רייזע אויף אַ דאַמף־שיפל פון טבריה צו עין גב, אויף דעם כנרת.

פּאַסירט האָט דאָס פאָלגנדיקע: אייניקע פון אונז האָבן אין אָנפאַנג אויסגעדריקט אַ פאַרלאַנג צו באַזוכן עין גב, וואָס ליגט אין מזרח־זייט איבערן ים כנרת. צוליב דעם, וואָס דער קיבוץ עין גב געפינט זיך אויף אַ באַרג נעבן דער סירישער גרענעץ, אַריבער דער ברייט פון כנרת, ווערט ער ניט אַזוי אָפט באַזוכט פון טוריסטן ווי אַנדערע קבוצות און קיבוצים. ווייל כדי צוצוקומען צו עין גב מוז מען איבערשניידן די ברייט פון כנרת אויף אַ שיף, און דאָס איז שוין ניט אַזוי גרינג. דאָס איז, משמעות, געווען די סיבה, וואָס מיר האָבן דעם קיבוץ ניט באַזוכט אין 1949, מיט דער ערשטער הסתדרות־דעלעגאַציע, און אַפילו דאָס מאָל איז אַזאַ באַזוך ניט געווען אין אונזער פּראָגראַם.

אָבער אייניקע פון אונז, וואָס האָבן געלייענט און געהערט וועגן דער באַזעצונג פון דעם סטראַטעגישן פונקט גראָד ביי דער סירישער גרענעץ, האָט זיך שטאַרק געוואָלט אָט דעם קיבוץ באַזוכן. מיר האָבן אָבער ניט געקלערט, אַז אונז וועט אויסקומען אַהין צו פאָרן שפּעט אין דער נאַכט און אונטער די אומשטענדן.

אָבער צוערשט, אַ פּאָר ווערטער וועגן דער גרינדונג פון עין־גב: דער קיבוץ עין־גב איז געגרינדעט געוואָרן אין 1937, אויף דער ערד פון נאַציאָנאַל־פאָנד, אין מיטן פון די אַראַבישע געשעענישן.

די גרופּע איז באַשטאַנען פון דייטשישע, עסטרייכישע און טשעכאָ־סלאָוואַקישע אידישע יונגעלייט, אַ סך, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון היטלער׳ן און זיינע נאַציס. זיי זיינען אַרויפגעגאַנגען אויף דעם באָדן און האָבן די ערשטע צייט ניט נאָר געליטן פון ניט גינסטיקע קלימאַטישע באַדינגונגען, נאָר האָבן אויך פון צייט צו צייט באַדאַרפט אָפּשלאָגן אַטאַקעס פון די סיריער, וואָס האָבן זיי פון דאָרט געוואָלט פאַרטרייבן.

נאָר זייער אַנטשלאָסנקייט צו בויען אַ היים פאַר זיך און זיין די פאַר־טיידיקער פון אַזאַ וויכטיקן סטראַטעגישן פונקט, האָט גובר געווען אַלע שוועריקייטן.

זיי האָבן דורך דער צייט אַנטוויקלט און קולטיווירט פאַרשידענע פאַרם־פּראָדוקטן. ספּעציעל האָבן זיי זיך אָפּגעגעבן צו פלאַנצן באַנאַנען־בוימער, וואָס וואַקסן זייער גוט אין דעם קלימאַט. זיי באַשעפטיקן זיך אויך מיט פיש־פאַנג אין דעם כנרת.

אין 1947 האָבן זיי געציילט 450 נפשות. וויפיל זיי האָבן איצט ווייסן מיר ניט: זייער באַפעלקערונג איז איצט געוויס אַ סך אַ גרעסערע, כן ירבו.

עין־גב איז אויך איצט דער פלאַץ, וואו עס ווערן אָפּגעהאַלטן מוזיק־פעסטיוואַלס. דער פאַרשטאָרבענער גרויסער דיריגענט סערגעי קוסעוויצקי, פון דעם באָסטאָנער סימפאָנישן אָרקעסטער, לענאַרד בערנשטיין און אַנדערע האָבן דאָרט דיריגירט סימפאָניעס אויף אַן אָפענעם פלאַץ, וואָס איז ספּע־ציעל פאַר דעם צוועק אויפגעבויט געוואָרן.

וועט אייך איצט דעריבער ניט זיין קיין גרויס וואונדער, פאַרוואָס מיר האָבן אַזוי שטאַרק געוואָלט באַזוכן עין־גב. אָבער צו אונזער באַדויערן איז עין־גב ניט געווען אויף אונזער פּראָגראַם, און צו ענדערן דעם פּראָגראַם, אַז מיר זאָלן קענען אַהין צופאָרן בייטאָג, איז געווען אוממעגלעך.

און ווען אונזער חבר ווייס, דער מעיאָר פון טבריה, האָט דערהערט, אַז מיר ווילן אַזוי שטאַרק זיין אין עין־גב, האָט ער באַלד געזען, אַז מיר זאָלן מאַכן דעם שפּאַציר, כאָטש עס איז שוין געווען נאָך צען אין אָוונט.

און אַזוי זיינען מיר פון שטאָט־פּאַרק, וואו מיר זיינען געווען ביי דער אָפיציעלער אויפנאַמע, געגומען געוואָרן צום ברעג פון כנרת, וואו מיר זיינען אַלע, די גאַנצע דעלעגאַציע און איניקע געסט, אַרויפגעגאַנגען אויף אַ דאַמף־שיפל, וואָס קורסירט איצט צווישן טבריה און עין־גב, איבער דעם ים כנרת.

דאָס שיפל איז ניט קיין גרויס, אַזוי אַז ניט אַלע האָבן געהאַט פּלאַץ צו זיצן אין דרויסן אויפן דעק און זיך אָנזאַפּן מיט דער פרישער און קילער לופט פון כנרת, וואָס איז באמת אַ דערפרישונג נאָך דער גרויסער היץ פון בייטאָג.

די נסיעה איבער דעם וואַסער האָט ניט גענומען לאַנג, סך הכל איין האַלבע שעה. אָבער די פרייד און איבערלעבונג פון דער האַלבער שעה וועט לאַנג, לאַנג ליגן אין זכרון ביי אַלע וואָס האָבן דורכגעמאַכט די נסיעה.

איך ווייס ניט, וואָס אַלע אַנדערע האָבן בשעת מעשה געטראַכט — צו מיר האָט דאָס ווירקלעך אויסגעזען פאַנטאַסטיש, ווען איך האָב אַרויפגעקוקט צום אויסגעשטערנטן הימל און צום גלאַטן, טונקעלן וואַסער פון אונטן, וואָס דאָס שיפל האָט געשניטן און זיך דערנענטערט צום ברעג פון דער סירישער גרענעץ. ווען דאָס וואָלט ניט געווען די ריינע ווירקלעכקייט, וואָלט מען צומאָל דאָס ניט געקענט פאַרשטיין. אַן עדה אידן — אַ קיבוץ פון אַסך שטעט און לענדער, וואָס וואוינען אין אַמעריקע — שיפט זיך שפּעט ביינאַכט איבער דער ברייט פון כנרת, דעם באַרימטן וואַסער, וואָס איז טייער צו אידן און פאַרהייליקט ביי קריסטן, צו אַ פּונקט, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן פון אידישע מענער און פרויען, וואָס זיינען פאַרטריבן און אויסגעשפּיגן געוואָרן פון זייערע געבורט־פּלעצער. אויב דאָס איז ניט קיין נס, ווייס איך באמת ניט ווי מען קען דאָס אָנרופן.

דאָס שיפל איז צוגעשוואומען צום ברעג און האָט געאַנקערט. דער ברעג איז געווען ווייניק באַלויכטן. די איינוואוינער פון עין־גב זיינען שוין מן הסתם געשלאָפן, אָבער אַ פּאָר בחורים האָבן אונז באַגעגנט, ווען מיר זיינען פון שיפל אויסגעשטיגן.

אין דעם שיין פון טונקעלן ליכט פון די פּאָר עלעקטרישע לעמפּלעך, האָט אונזער אויסשטייגן פאָרגעשטעלט אַ זאָנדערבאַרע סצענע. אויב עמיצער

פון דער סירישער זייט האָט באַמערקט אונזער באַוועגונג, וואָלט זיך געקענט לייגן אויפן שכל, אַז ער האָט געמיינט, אַז עפּעס אַן אינוואַזיע פון אַן אַרמיי ווערט געמאַכט אויף זייער זייט.

די פּאָר עין־גבער חברים האָבן אונז מיט דעם טבריה׳ער מעיאָר ווייס, וועלכער איז אויך מיט אונז געפאָרן, צוגעפירט צו אַ פּלאַץ, וואו מען האָט אונז געגעבן עפּעס צו טרינקען. מיר האָבן אויסגעדריקט אונזער באַדויערן, וואָס מיר האָבן ניט געקענט קומען צו זיי בייטאָג, אין אַ צייט, ווען מיר וואָלטן געהאַט די מעגלעכקייט צו באַטראַכטן דעם משק און זיך באַקענען מיט זייער אַרבעט. מיר האָבן זיי צוגעזאָגט, אַז די פּערטע דעלעגאַציע פון הסתדרות־עסקנים וועט שוין זיכער די געלעגנהייט ניט דורכלאָזן.

מיר האָבן זיך אומגעקערט צוריק פון עין־גב שוין שפּעט אין דער נאַכט, מיד פון גאַנצן טאָג אַרומפאָרן און אָנשטרענגונג, אָבער צופרידן פון דער דערפאַרונג און דעם וויזיט קיין עין־גב און דער רייזע אויף דעם ים כנרת.



אַ גרופּע פון דער דריטער הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציע ביים דפנה האָטעל אין טבריה

# די הייליקע שטאָט צפת — די פּאָליציי איז אויף דער וואַך

ווי איך האָב שוין דערציילט פריער, האָבן מיר זיך אומגעקערט פון עין־גב גאַנץ שפּעט אין דער נאַכט און מיר זיינען געווען היפּשלעך אויס־געמאַטערט פון דעם טאָג און נאַכט אָנשטרענגונג.

אָבער לענגער רוען האָבן מיר ניט געקענט, ווייל אונזער פּראָגראַם האָט גערופן פאַר אַ באַזוך אין אַ ריי פלעצער, וואָס מיר האָבן באַדאַרפט דורכפירן איידער מיר פאָרן אַוועק פון דער געגנט. האָבן מיר דעריבער אַלע געמוזט פרישטיקן פרי, כדי אויסצופילן דעם אָנגעצייכנטן מאַרשרוט.

צוערשט האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט ביי די חמי טבריה, די הייסע וואַסער קוואַלן, וואָס ווערן באַנוצט פון חולאים, וועלכע ליידן פון אַרטראַיטיס און רומאַטיזם. די טבריה׳ער זאָגן, אַז די בעדער זיינען אַזוי גוט, און אפשר בעסער, ווי די מינעראַל־בעדער אין האָט ספּרינגס אָדער סאַראַטאָגאַ ספּרינגס אין אַמעריקע.



שפּאַצירנדיק איבער די שמאָלע גאַסן אין צפת

כּדי צוצוציִען מער געסט פֿאַר דער קוראַציע, בויט מען דאָרט איצט אַ גרויסן האָטעל, און מען פֿאַרגרעסערט און מען מאַכט שענער די באָד־הײַזער. דאָס װערט געטאָן פֿון אַ געזעלשאַפֿט פּריװאַטע אונטערנעמער, װאָס זײַנען איבערצײַגט, אַז דאָס קען מיט דער צײַט װערן אַ גוט באַצאָלטער געשעפֿט. די טבריה׳ער גלויבן אויך, אַז אין דער נאָענטער צוקונפֿט װעט טבריה זײַן איינע פֿון די בעסטע קור־ערטער אין מיטל־מזרח, װאָרום דער קלימאַט פֿון טבריה װינטער־צײַט איז שטאַרק צוגעפּאַסט פֿאַר אַזאַ װאַקאַציע און קור־אָרט.

עס איז ניט אויסגעשלאָסן, זאָגן זיי, אַז מיט דער צײַט, װען אַלץ װאָס װערט געבויט װעט פֿאַרטיק װערן, װעלן אַ סך אַמעריקאַנער אידן קענען קומען קיין טבריה װינטער־צײַט פֿאַר װאַקאַציע און קור, פּונקט װי זיי פֿאָרן איצט קיין פֿלאָרידע אָדער אריזאָנאַ.

פֿאַרטיק געװאָרן צו באַטראַכטן די הייסע קװאַלן, זײַנען מיר צוגעפֿאָרן צום קבר פֿון ר׳ מאיר בעל הנס, װאָס געפֿינט זיך טאַקע ניט װײַט פֿון די חמי־טבריה. איך גלויב קוים צי אימיצער פֿון די טוריסטן, װעלכע באַזוכן טבריה, לאָזט דורך די געלעגנהייט צו באַזוכן אָט דעם היסטאָרישן קבר. אונזער דעלעגאַציע איז, נאַטירלעך, ניט געװען קיין אויסנאַם. זי האָט געװאָלט באַטראַכטן און טרעטן אויף דער ערד, װאָס האָט אין זיך די פּערזאָן, װאָס איז הייליק ביי אַזוי פֿיל אידן.

מיר זײַנען איצט געװען פֿאַרטיק אָנצוהויבן אונזער לענגערע רייזע פֿון טבריה קיין צפֿת. אָבער אײדער מיר האָבן פֿאַרלאָזן די אַלטע היסטאָרישע שטאָט, האָבן מיר זיך געװאָלט געזעגענען מיט איר מעיאָר, חבר װייס. װעלכער איז געװען אַזוי פֿריינטלעך צו אונז און אונז אַזוי שיין אויפֿגע־נומען. ער האָט געדאַרפֿט צוקומען צו אונז, האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין גאַס װאַרטן אויף אים.

אַזוי װאַרטנדיק, האָבן מיר געהאַט אַ גוטע געלעגנהייט צו באַטראַכטן דעם טבריה׳ער מאַרק, זײַנע קראָמען און קלייטלעך און דעם האַנדל, װאָס גייט דאָרט אָן.

פֿאַר אונזער גרופּע, װאָס די מערסטע פֿון זיי זײַנען שוין צענדליקער יאָרן אין אַמעריקע און אייניקע אַפֿילו געבוירענע אַמעריקאַנער, איז אַזאַ מאַרק און אַזעלכע סצענעס פֿרעמד און עקזאָטיש. די קרעמלעך און בודקעס, װאו עס ליגן אויסגעלייגט די סחורות, מאַכן אַ פֿײַנלעכן אײַנדרוק,



ביים קבר פון רמב״ם אין טבריה

עס איז אַ מסחר פון עטלעכע פלעשלעך סאָדע־וואַסער, פון אַ מעסטעלע יאָדערן (סעמיטשקעס) און עפּעס פאַרדאַרטע פלעצלעך אַאַז״וו. אַפילו די, וואָס האָבן שוין קראָמען, איז ווען איר קוקט אין זיי אַריין, זעט איר ליידיקע פּאָליצעס און עס מאַכט בדרך כלל ניט קיין בעסערן איינדרוק.

דער דלות און אָרעמקייט ליגט אויסגעשפּרייט אויף דעם גאַנצן מאַרק און אויף די מענטשן, וואָס פירן דאָ דעם האַנדל.

אָבער אָט איז שוין אָנגעקומען דער חבר ווייס, אויף וועמען מיר האָבן דאָ געוואַרט. ער פאָרט מיט אונז מיט אַ שטיק וועג און מיר שטעלן זיך אָפּ ביי די קברים פון רמב״ם, יוסי הכוהן און ר׳ יוחנן בן זכאי.

דערזעענדיק קברים פון אַזעלכע הייליקע באַרימטקייטן, איז געקומען אויפן רעיון, וועגן די קאָלאָסאַלע אויפטוען פון די דאָזיקע פּערזענלעכקייטן פאַר די גייסטיקע ווערטן פון אידישן פאָלק, און אַ טייל פון אונזערע דעלעגאַטן האָבן אָנגעהויבן צו אַרבעטן מיט זייערע פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן, כדי צו ברענגען אַהיים בילדער פון די הייליקע קברים. ווען מיר זיינען פאַרטיק געוואָרן זיינען מיר געפאָרן ווייטער.

חבר ווייס האָט זיך מיט אונז געזעגנט, האַלטנדיק אַ קורצע רעדע און האָט אונז געוואונטשן אַ גליקלעכע רייזע מיט אָפטע וויזיטן אין מדינת ישראל.

מיר האָבן דעמאָלט פאַרלאָזן טבריה אויפן וועג קיין צפת.

די זון איז שוין געווען גאַנץ הויך אין הימל און האָט אַראָפּגעשיקט אירע הייסע שטראַלן אויף דער ערד. עס איז געווען געשמאַק וואַרעם, אָבער מיר, וואָס זיינען געפאָרן אין די אָפענע באָסעס, האָבן גענאָסן פון דעם ווינט, וואָס שאַפט זיך, ווען די באָסעס באַוועגן זיך און מיר האָבן דערווייל פון דער היץ ניט שטאַרק געליטן.

אַזוי פאָרנדיק, האָבן מיר אָנגעהויבן צו קלעטערן אויף די בערג פון גליל־העליון, דורך די שמאָלע און געדרייטע וועגן, וואָס דרייען זיך און שלענגלען זיך אַרום די אור־אַלטע בערג — בערג, וואָס שטייען נאַקעט און פאַרטריקנט, אָן גראָז און אָן בוימער. ווען מען באַטראַכט אָט די בערג וואונדערט מען זיך צי זייער נאַקעטקייט און פאַרטריקנטקייט איז טאַקע אַזוי פון בראשית, אָדער זיי זיינען ווען עס איז געווען באַלעבט מיט פלאַנצונגען.

אַז אויף אַזעלכע בערג קען אויך וואַקסן, זאָגן עדות אַנדערע אַזעלכע בערג, וואָס מיר האָבן באַגעגנט. אויף זיי געפינען זיך שוין, ערטערווייז, אייניקע ישובים און היפשע וועלדלעך.

אַ סימן, אַז דאָס וועט דאָ, אויף די גליל'ער בערג, אויך געטאָן ווערן, האָבן מיר באַמערקט, ווען אַזוי פאַרנדיק האָבן מיר באַגעגנט גרופּן פון פאַרברוינטע, ביז דעם גאַרטל נאַקעטע אידן, וואָס האָבן געקליבן און גע־רייניקט די פלאַכערע טיילן פון די בערג פון שטיינער, וואָס זיינען מיט אַזאַ ברייטער האַנט צעזייט און צעשאָטן געוואָרן אויף די בערג.

דאָס איז, נאַטירלעך, ניט קיין גרינגע אַרבעט און וועט מן הסתם נעמען אַ לאַנגע צייט ביז דער באָדן וועט צוגעגרייט ווערן, אַז עס זאָל אויף אים עפּעס קענען וואַקסן.

די רייזע אין די גליל'ער בערג האָט גענומען אַ שטיקל צייט, ביז מיר זיינען געקומען אויפן שפּיץ, פון הר כנען. דאָ זיינען מיר אַראָפּ פון די באָסעס און פאַר אונז האָט זיך אַנטפּלעקט אַ פּאַנאָראַמע פון אויסערגעוויינלעכער פּראַכט און גראַנדיעזקייט — בילדער, וואָס פאַרכאַפּן פּשוט דעם אָטעם פון זייער צויבער און דערהויבנקייט.

דאָ, אויף דעם הויכן באַרג, קען מען זען די לאַנדשאַפט פון ארום מיט אַלע אירע בערג און טאָלן. דאָ שפּילן אַלערליי פאַרבן און קאָלירן, צוגעדעקט מיט דעם טיף פון בלויען הימל, אַ בילד, וואָס קען זיך ניט פאַרגלייכן מיט קיין בערגיקע לאַנדשאַפטן, וואָס מיר, טוריסטן, האָבן ווען עס איז געזען.

פון דעם באַרג כנען קען מען דייטלעך זען די הייליקע שטאָט צפת. די שטאָט, וואו עס איז געווען דער צענטער פון קבלה און מיסטיציזם, וואָס האָט זיך צעשפּרייט איבער פּוילן, רוסלאַנד און גאַליציע.

אונזער גרופּע האָט זיך אָנגעזעטיקט מיט דעם דערהויבענעם נאַטור־בילד פון אַרום, גענומען אַ סך פאָטאָגראַפישע בילדער און מיר זיינען געוועזן פאַרטיק אַרונטערצופאָרן אין דער שטאָט צפת. האָט אָבער בשעת מעשה פּאַסירט אַן עפּיזאָד, וואָס איז געווען זייער טשעקאַווע צו זען און נעמען בילדער דערפון. ווען אונזערע באָסעס האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויפן באַרג, אַז מיר זאָלן קענען אַראָפּגיין, האָבן זיי זיך אַוועקגעשטעלט ביי אַ זייט־וועג פון באַרג, וואָס אויסער דעם, וואָס דער וועג איז אין דעם פּלאַץ אויסגעבויגן, קרום, האָבן די באָסעס פאַרנומען צופיל פּלאַץ, אַזוי, אַז עס איז ניט געבליבן גענוג פּלאַץ פאַר אַנדערע דורכצוגיין.

משמעות, אַז די טרעפיק רעגולאַציעס פאַרווערן מאָטאָר־וועגענער זיך אָפּצושטעלן אויף אַזאַ פּלאַץ. איז טאַקע באַלד אָנגעקומען אַ פּאָליציי־מאַן אויף אַ מאָטאָציקל און באַפוילן דעם שאָופער פון באָס אָפּצוציען פון דעם

פלאַץ. איך בין זיך משער, אַז ווען דער שאָופער וואָלט באַלד געווען גע־פאָלגט דעם שומר, וואָלט ער קיין פּראָטאָקאָל ניט געווען געמאַכט. אָבער אונזער שאָופער האָט זיך עפּעס געפילט ווי אַ שטיקל מיוחס: עפּעס אַ קליי־ניקייט, פירט אַמעריקאַנער טוריסטן, אַ דעלעגאַציע פון הסתדרות־עסקנים, האָט ער גענומען אַרגומענטירן מיט דעם פּאָליציי־מאַן. דאָס האָט שוין דעם ישראל „טרעפיק קאָפּ” אַריינגעבראַכט אין כעס און ער האָט פאַרשריבן אַ פּראָטאָקאָל און געמאַכט אונזער שאָופער בכבודו זיך צו התמנ׳ען, ווען ער טוט דאָס ניט, וואָלט ער אים געווען אָוועקגעפירט אין דער פּאָליציי־סטאַנציע.

פאַר אונז, אַמעריקאַנער, ספּעציעל די, וואָס טרייבן אַליין אויטאָמאָבילן, איז דאָס געווען אַ באַקאַנטע סצענע. עס איז געווען טשעקאַווע צו זען, ווי אַזוי דער ישראל טראַפיק־פּאָליציסקע וועט זיך דאָ ספּראַווען מיט דער פאַרלעצונג פון די טראַפיק־רעגולציעס.

די מערסטע פון אונזער גרופּע האָבן זיך מחיה געווען, וואָס גאָט האָט זיי צוגעשיקט אַזאַ אינטערעסאַנטע סצענע, צו קענען פאָטאָגראַפירן, כדי צו ווייזן אין דער היים, אַז אַ „קאָפּ איז אַ קאָפּ” וואו ער זאָל ניט זיין — אין אַמעריקע אָדער אין מדינת ישראל...

פאַרטיק געוואָרן מיט דעם טראַפיק־שומר, זיינען מיר צוגעקומען צו דער אַלטער שטאָט צפת, וואָס ליגט אין אַ טאָל, אַזוי אַז מיט קיין באָסעס קען מען דאָרט ניט צוקומען, נאָר מען דאַרף אַראָפּגיין דורך טרעפּ, וואָס פירן צו די שמאָלע געסלעך פון דער שטאָט.

---

אין דעם קאַמף פאַר באַפרייאונג, אין דעם קריג מיט די אַראַבער, איז צפת געווען כמעט איינע פון די שטעט, וואָס זיינען באמת באַפרייט גע־וואָרן אָן גרויסע קרבנות, נאָר טאַקע ווי דורך אַ נס. ווייל אַנדערש, מיט דעם געוויינלעכן שכל און לויט דעם גאַנג פון נאָרמאַלער קריגס־פירונג, קען מען דאָס בכלל ניט דערקלערן.

די פּאָזיציעס, וואָס די אַראַבער האָבן געהאַט אין די בערג אַרום צפת, זיינען פאַר קריגס־צוועקן געווען זייער גינסטיקע און בדרך הטבע באַדאַרפט געווען אויסהאַלטן אַ לענגערע צייט. די אידן דאַקעגן האָבן זיך געפונען אין טאָל אין דער אַלטער שטאָט. קיין סך אַמוניציע האָבן די אידן אויך ניט געהאַט, נאָר איין קאַנאָנדל — אַ „דוד׳ל”, האָט מען דאָס גערופן, אַ תוצרת

הארץ (היימישע פּראָדוקציע), וואָס האָט אָנגעמאַכט אַ גרעסערן טומל ווי אמת׳ן שאָדן.

האָבן זיך די עטלעכע טויזנט אַראַבער דערשראָקן פאַר דעם טומל פון דעם „דוד׳ל״ און האָבן איבערגעלאָזן אַלץ אויף הפקר און זיינען אַנטלאָפן אַזוי ווייט, אַזש די צפת׳ער אידן ווייסן אפילו ניט וואו זייער געביין איז אַהינגעקומען.

נו, פרעג איך אייך, איז דאָס ניט קיין נס? קען אימיצער איינרעדן אַ צפת׳ער איד, אַז דאָס איז געשען גלאַט אַזוי זיך אָן דער הילף פון דער השגחה...

אַזוי גייט די מעשה פון דער צפת׳ער באַפרייאונג. קאַווירן פאַר דער אויטענטישקייט פון דער מעשה קען איך, נאַטירלעך, ניט; און איך וואָלט ניט געוועזן אַזוי שטאַרק איבערראַשט צו הערן, אַז אויך אַנדערע פאַקטאָרן, ווי למשל, די צבא ההגנה לישראל, האָבן עפּעס געהאַט אַ חלק אין דעם אַנטלויפן פון די אַראַבער פון צפת אאַ״וו.

אָבער ווי די זאַך זאָל ניט האָבן געוועזן, צפת איז איצט דורך און דורך אַ אידישע שטאָט. ניטאָ קיין גוי, קיין אַראַבער אין דער הייליקער שטאָט צו שטערן די פרומע אידן מיט זייערע לאַנגע בערד און פאות, וועלכע מען באַגעגנט אין די שמאָלע געסלעך, וואָס זיינען אַזוי שמאָל, אַז עס קען קוים דורכקריכן אַן אייזעלע, ווער רעדט שוין פון אַ באָס אָדער אויטאָמאָביל.

האָבן מיר אַזוי שפּאַצירט אין די געסלעך און באַטראַכט די גרויסע געשעפטן, וואָס געפינען זיך דאָרט — קראָמען און „דעפּאַרטמענט סטאָרס״, וואו עס געפינט זיך אפשר פאַר דריי גראָשן סחורה פון פאַרשידענע סאָרטן פון „גראָסעריס״, בעקעריי, אַ שניידער־מייסטערסקייע, אַ סנדלריה (שו־סטעריי) און אַפילו אַ באַנק־געשעפט.

די אידן אין דער אַלטער שטאָט זיינען גוטע אָביעקטן פאַר בילדער, זייער הלבשה, די בערד און פאות — זיינען אַזעלכע, וואָס אַמעריקאַנער טוריסטן האָבן ליב צו פאָטאָגראַפירן. אָבער ניט אַלעמאָל איז דאָס מעגלעך, ווייל די פרומע אידן האָבן אַ טבע, אַז ווען זיי באַמערקן, אַז מען וויל זיי פאָטאָגראַפירן, פאַרשטעלן זיי זייערע פנים׳ער.

אַזוי זיינען מיר אַרומגעגאַנגען אין די גאַסן און געסלעך פון דער שטאָט און געענדיקט מיט אַ באַזוך אין דער אַלטער שול פון „אר״י הקדוש״.

# אין דעם בית־בוסל קאָנוואַלעסן הויז פון קופּת־חולים אין צפת — כפר גלעדי — תל־חי — בײַם מאָנומענט פון יוסף טרומפּעלדאָר — כפר־בלום

ווען מיר זײַנען פּאַרטיק געוואָרן מיט דעם באַזוך אין די היסטאָרישע פּלעצער אין צפת, זײַנען מיר צוגעפאָרן צו דער קופּת חולים דערהאָלונגס־הויז, וואָס רופט זיך „בית־בוסל".

„בית־בוסל" געפינט זיך אין אַ זייער שיינער און באַרגיקער געגנט אַרום צפת און מאַכט אַ זייער אָנגענעמען אײַנדרוק. דער פּלאַץ, די געביידעס און גערטנער זײַנען אָריגינעל געבויט געוואָרן פון אַ סקאָטיש־רעליגיעזער גרופּע, אַלס קאָלעדזש פאַר דער דערציאונג פון גייסטלעכע. איצט ווערט דער פּלאַץ באַנוצט פון קופּת־חולים אַלס דערהאָלונגס־פּלאַץ פאַר קראַנקע מיט־גלידער, וועלכע ווערן געשיקט אַהער פאַר אַן אָפּרו און דערהאָלונג נאָך אַ שווערער קראַנקהייט אָדער אָפּעראַציע.

„בית־בוסל" איז איינע פון אַ היפּשער צאָל דערהאָלונגס־הייזער, וואָס קופּת חולים פאַרמאָגט איבערן לאַנד, וואָס ווערן באַנוצט אַלס קאָנוואַלעסן־היימען פאַר קראַנקע מיטגלידער.



י. באַנקאָווער באַגריסט די מיטגלידער פון דער דריטער הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציע בעת זייער באַזוך אין קופּת חולים קאָנוואַלעסענט האָום אין צפת.

יוסף בוסל, אויף וועמענס נאָמען די קופּת חולים אינסטיטוציע ווערט אָנגערופן, איז געווען איינער פון די גרינדער פון דגניה. ער האָט דאָרט געלעבט און איז געשטאָרבן אין יאָר 1919. זיין פרוי, איר צו לאַנגע יאָר, חיותה בוסל, איז נאָך ביז היינט אין דגניה אַ פירנדער מיטגליד פון דער קבוצה.

בוסל איז געווען איינער פון די ערשטע, וועלכע האָבן געלערנט און פּראַקטיצירט דאָס קאָמונאַלע לעבן פון די קבוצות און קיבוצים. ניט נאָר האָט ער פאַרלאַנגט, אַז אַזעלכע גרופּעס זאָלן זיך אָפּגעבן מיט דער ווירט־שאַפט און זאָלן לעבן אויף די יסודות פון גלייכער אַרבעט און פאַרטיילונג, נאָר ער האָט אויך געוואָלט, אַז די דערפער זאָלן שטיין גייסטיק און קולטורעל אויף אַ הויכן ניווא. ער איז געווען פון די ערשטע גרויסע אידעאַליסטן, וואָס אַ דאַנק זיי איז געשאַפן געוואָרן די פאָרמע פון צוזאַמענלעבן אין די דערפער אויף דעם מאַסשטאַב פון די היינטיקע קבוצות און קיבוצים.

בוסל איז באַערדיקט געוואָרן אויף דעם דגניה׳ער בית עולם, נעבן א. ד. גאָרדאָן.

אַ פאָרשטייער פון „בית־בוסל״ האָט אונז אַרומגעפירט און געוויזן די געביידעס, ווערענדעס און גערטנער; אונז דערקלערט ווי אַזוי זיי פירן דאָ די אַרבעט צו רעסטאַווירן דאָס געזונט פון זייערע מיטגלידער. די ריינ־קייט, רואיקייט און די פיינע לאַנדשאַפט אַרום דאַרף זייער גוט ווירקן אויף די פּאַציענטן, וועלכע קומען אַהער צוליב זייער געזונט.

אויך מיר האָבן זיך אַביסל אָפּגערוט אין דער קורצער צייט, וואָס מיר זיינען געווען אין „בית־בוסל״. מיר האָבן זיך דערפרישט מיט עפּעס צובייסן און זיינען אָפּגעפאָרן אויף דעם וועג צו כפר גלעדי און כפר בלום.

מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן ראש פינה — איינע פון די עלטסטע קאָלאָניעס אין דעם אויבערשטן גליל, וואָס געפינט זיך ביים עק פון הר כנען.

אונזער „מדריך״ האָט אונז דערציילט, אַז ראש פינה איז עטאַבלירט געוואָרן פון פּיאָנערן פון דער ערשטער עליה אין 1882 און איז אין די ערשטע צייטן דורכגעגאַנגען עטלעכע טראַנספאָרמאַציעס. ראש פינה איז אַ צייט אויך געווען אונטער דער אַדמיניסטראַציע פון דער באַראָן ראָטשילד־געזעלשאַפט, אָבער די אַנטוויקלונג איז געווען אַ שווערע און לאַנגזאַמע.

אַ פאַרזוך צו אַנטוויקלען טאַבאַק־פּלאַנטאַציעס און זייד האָט זיך ניט איינגעגעבן. אַ חוץ די אַלע שוועריקייטן האָבן זיי געליטן פון אָפטע אַטאַקעס פון די סיריער, אַזוי אַז אַ סך פון די ערשטע קאָלאָניסטן האָבן ראש פּינה פאַרלאָזן.

דורך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט די „פּיקא"־געזעלשאַפט אָפּגעגעבן דאָס לאַנד צו די קאָלאָניסטן און פאַרהאַנדלונגען זיינען אָנגעגאַנגען מיטן נאַציאָנאַל־פאָנד, אַז ער זאָל איבערנעמען אַ טייל פון דעם לאַנד, כדי די קאָלאָניע זאָל זיך קענען אויסברייטערן.

אין דעם אידיש־אַראַבישן קריג איז ראש פּינה באָמבאַרדירט געוואָרן פון די סיריער, אָבער די סירישע אַטאַקעס זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרן ביי משמר הירדן.

אונזער „מדריך" האָט אונז אויך דערציילט, אַז דאָ אין דער חולה־געגענט געפינט זיך אויך די קאָלאָניע יסוד־המעלה, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1883 פון פּוילישע אידן פון שטעטל מעזריטש. אָט די קאָלאָניסטן האָבן שטאַרק געליטן פון מאַלאַריע און אָפטע אַטאַקעס פון בעדואינער. אויך די קאָלאָניע איז אין די ערשטע יאָרן איבערגענומען געוואָרן פון דער ראָטשילד־געזעלשאַפט, אָבער זייער מצב האָט זיך ניט פאַרבעסערט ביז מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען מען האָט אָנגעהויבן באַקעמפן מאַלאַריע מיט מאָדערנע מעטאָדן. דורך דעם קריג איז דער מושב געווען אין דער פראָנט־ליניע פון די סירישע אַטאַקעס, ווען די סיריער האָבן פאַרכאַפּט דעם משמר הירדן.

און אַזוי דערציילנדיק אונז די באַדייטונג פון יעדן פלאַץ, פון יעדן קלענערן און גרעסערן ישוב, וואָס מיר זיינען דורכגעפאָרן, זיינען מיר אָנגעקומען אין כפר־גלעדי.

כפר־גלעדי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1916 פון מיטגלידער פון דער „השומר"־גרופּע. אין 1919 זיינען דאָ געווען דריי באַזונדערע ישובים — כפר גלעדי, תל חי און אילת־השחר. אין דעם זעלבן יאָר האָבן די אַראַבער פון דער חולה־געגנט אַטאַקירט תל־חי און דער־הרג'עט יוסף טרומפּעלדאָר, דעם גרינדער פון דער חלוצ'ישער באַוועגונג, און פינף פון זיינע חברים. זיי זיינען געפאַלן פאַרטיידיקנדיק די דריי ישובים.

אין דעם אַראַבישן קריג האָבן אַ סך מיטגלידער פון כפר־גלעדי געקעמפט קעגן דער אריינדרינגונג פון סיריע און לבנון, וואָס איז אַזוי נאָענט פון כפר גלעדי, אין דער צייט וואָס אַנדערע האָבן געדאַרפט אָנפירן מיט דער ווירטשאַפט.

כפר־גלעדי רעכנט זיך איצט פאַר איינער פון די גרויסע און שיינע קיבוצים פון גליל העליון. זיי באַשעפטיקן זיך מיט אַגריקולטור, האָבן אַ סך בוימער מיט אָליוון און באַסיינען פאַר פיש.

אָבער דאָס שענסטע, וואָס זיי פאַרמאָגן איז, לויט מיין מיינונג, דאָס רו־הויז און דער קולטורעלער צענטער. מיר אַלע האָבן פשוט ניט געקענט זיך אָפּוואונדערן פון דער שיינער לאַנדשאַפט אַרום דעם צענטער.

די צייט פון יאָר, וואָס מיר זיינען געווען אין ישראל, איז ניט די צייט פון בליען און גרינען. אויגוסט איז אַ הייסער און טרוקענער חודש. דאָס איז אַ צייט, ווען די בוימער, גרינסן און די ערד חלש׳ן ממש פאַר אַביסל רעגן און פייכטקייט. דערפאַר איז טאַקע פאַר אונז געווען אַ גרויס וואונדער, ווען מיר זיינען צוגעפאָרן צום רו־פּלאַץ פון כפר־גלעדי און דערזען אַזאַ פּראַכטפולע, קאָלירפולע לאַנדשאַפט — בלומען און בליענדע בוימער פון אַלערליי קאָלירן און וואַריאַציעס. אַזעלכעס, וואָס האָט פשוט פאַרכאַפּט דאָס אויג.

דאָ, אין דער שיינער, באַרגיקער געגנט, האָט געבלאָזן אַ קיל ווינטל, וואָס האָט אונז אָפּגעפרישט און געמאַכט הנאה האָבן פון דעם געשמאַקן מיטאָג־מאָלצייט, וואָס איז אונז סערווירט געוואָרן.

אַלע אונזערע האָבן שטאַרק באַדויערט, וואָס עס איז אונז ניט געבליבן גענוג צייט צו באַטראַכטן דעם גאַנצן משק און זיך באַקענען מיט מער חברים, מיטגלידער פון דעם פיינעם קיבוץ. עס איז שוין געווען שפּעט אין טאָג און מיר האָבן נאָך געדאַרפט אָנציען צו כפר בלום און זיך אומקערן צוריק.

האָבן מיר זיך געזעגנט מיט די חברים און זיי געדאַנקט, וואָס זיי האָבן אונז אַזוי פיין אויפגענומען. מיר אַלע זיינען געווען שטאַרק צופרידן, וואָס מיר האָבן געהאַט די געלעגנהייט צו זיין אין כפר־גלעדי און באַטראַכטן די שיינע לאַנדשאַפט. און מיר זיינען אָפּגעפאָרן צו כפר־בלום.

אונזער צייט איז טאַקע געווען קורץ און באַשרענקט, פונדעסטוועגן האָט קיינער ניט געוואָלט אָפּפאָרן פון דער געגנט, ביז מיר וועלן ניט אָפּגעבן

אונזער רעספּעקט און כבוד צו דעם מאַרטירער און חלוץ, דעם גרויסן העלד, וואָס האָט באַצאָלט מיט זיין לעבן אַז תל חי און כפר גלעדי זאָלן קענען עקזיסטירן — יוסף טרומפּעלדאָר.



די מצבה אויפן בית־עולם אין תל־חי פֿאַר יוסף טרומפּלדור און די אַנדערע געפאַלענע העלדן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אונזערע באָסעס האָבן אונז גענומען קיין תל חי, וואָס איז ניט ווייט פון דעם רו־הויז פון כפר גלעדי. דאָרטן איז אויף אַ בערגל אויפגעשטעלט אַ גרויסער מאָנומענט פאַר יוסף טרומפּעלדאָר, וואָס איז געפאַלן פון אַראַבישע קוילן אין יאָר 1920.

אַלע אונזערע דעלעגאַטן זיינען אויסגעשטיגן פון די באָסעס און זיינען געשטאַנען מיט געבויגענע קעפּ ביי דעם קבר און מאָנומענט פון יוסף טרומפּעלדאָר. ראַבאַי אברהם באַראַס, פון אַטלאַנטיק סיטי, אַ מיטגליד פון דער דעלעגאַציע, האָט געמאַכט אַן אל מלא רחמים.

* *

כפר־בלום איז גאָר אַ יונגער קיבוץ — ערשט אַכט יאָר אַלט. ער טראָגט דעם נאָמען פון דעם פאַרשטאָרבענעם באַרימטן אידיש־פראַנצויזישן סאָציאַליסט און גע׳וועזענעם פּרעמיער — לעאָן בלום.

דאָס האָבן די יונגע, מערסטע ענגליש־רעדנדיקע, חלוצים פּאַראייביקט זיין נאָמען, ווען זיי האָבן זייער קיבוץ אַ נאָמען געגעבן „כפר בלום".

כפר־בלום געפינט זיך אין דער צפון־זייט פון דער חולה, אין דעם אויבערשטן גליל. קיין וואַסער האָט אין דער געגנט ניט געפעלט, אָבער דערפאַר איז דער באָדן געווען זומפּיק, און עס האָט זיך געפאָדערט מען זאָל אים אויסטריקענען.

איז טאַקע דעריבער אַזאַ גרויס וואונדער, וואָס יונגע בחורים מיט מיידלעך, וועלכע קומען פון אַמעריקע און וועלכע זיינען געוואוינט צו אַ גאַנץ אַנדער סטאַנדאַרד פון לעבן, האָבן זיך אונטערגענומען צו טאָן אַזאַ שווערע אַרבעט, וואָס עס פאָדערט זיך, כדי צו אַנטוויקלען פאַרמעריי אין אַזאַ געגנט. זיינען זיי, ווי מען קען זיך שוין פאָרשטעלן, דורכגעגאַנגען



אין כּפר בלום

אומגעהויערע שוועריקייטן און דאַרפן נאָך פאַר א לענגערער צייט שווער אַרבעטן, ביז זיי וועלן דערגרייכן דעם מצב פון עקאָנאָמישער פאַרבעסערונג.

אָבער עס איז ווערט צו באַמערקן, אַז כּפר־בלום זעט איצט אויס אַ סך בעסער ווי אין יאָר 1949, ווען מיר זיינען דאָ געווען מיט דער ערשטער הסתדרות־דעלעגאַציע. דעמאָלט זיינען נאָך מערסטע געשלאָפן אין ביידלעך, ווייל עס איז ניט געווען גענוג הייזער פאַר אַלעמען.

דורך די צוויי יאָר זיינען אַ סך הייזער צוגעבויט געוואָרן און דער קיבוץ איז אַ סך גרעסער געוואָרן מיט דעם, וואָס מען האָט אַריינגענומען נייע מיטגלידער פון די ניי אָנגעקומענע.

אָבער צום באַדויערן האָבן זיי היינטיקס יאָר געליטן פון דער גרויסער טריקעניש, וואָס איז געווען אין ישראל, און האָבן ניט געקאָנט האָבן אַזאַ גערעטעניש ווי זיי האָבן דערוואַרט.

אַ חוץ אַגריקולטור פּראָדוקטן און פיש־באַסיינען, האָבן זיי אויך אַ פאַבּריק, וואו זיי פּראָדוצירן הילצערנע שפּילקעס, „קלאָוזפּינס", וואָס זיי פאַרקויפן איבערן לאַנד. זייער אַמביציע איז אָבער צו אַנטוויקלען וועלכע עס איז אַנדערע פּראָדוקטן, וואָס זאָל זיי געבן אַ גרעסערן איינקונפט.

פאַר אונז, באָסטאָנער, איז אַ באַזוך אין כּפר־בלום אַ ספּעציעלער פאַרגעניגן און יום־טוב, ווייל דאָ, אין כּפר־בלום, געפינען זיך אַ סך חברים פון באָסטאָן — חברים ווי: עדי פּאַרסאנס, ה. סענדערסאָן, בעראַן, האַלפּערין

און אַנדערע. זיי זיינען אין כפר־בלום שוין עטלעכע יאָר מיט זייערע פרויען און דאָרט געבוירענע קינדער.

און ניט נאָר מיר באָסטאָנער, נאָר אַלע פון דער דעלעגאַציע, האָבן זיך געפילט היימיש און חבר׳יש אין דער אַטמאָספער פון אַזוי פיל אַמעריקאַנער יונגעלייט און יונגע פרויען.



עקיבא סקידעל גיט איבער אינפאָרמאַציע וועגן כפר בלום.

עס איז פאַר אונז געווען אַ נחת־רוח אַרומצושפּאַצירן און באַטראַכטן דעם משק מיט די צוגעקומענע געביידעס, וויסנדיק, אַז מיר, באָסטאָנער, האָבן אַ שטיקל חלק אין דער אַנטוויקלונג און פּראָגרעס פון דעם קיבוץ, דורך הלוואות, וואָס אייניקע באָסטאָנער חברים האָבן געמאַכט. די הלוואות האָבן, בין איך זיכער, אַ סך געהאָלפן די חברים, אַז זיי זאָלן קענען זיך גיכער שטעלן אויף די פיס און אַנטוויקלען די עקאָנאָמיע פון קיבוץ אויף אַ גרעסערן מאַסשטאַב.

מיר האָבן זיך געזעגנט מיט די חברים פון כפר־בלום מיט האָפענונג און בטחון, אַז זייער קיבוץ וועט וואַקסן און פּראָגרעסירן און ווערן אַ מוסטער פון עקאָנאָמישן וואוילזיין און הויכן קולטורעלן מצב אין דער אידישער מדינה.

עס איז אינצווישן געוואָרן שפּעט. מיר האָבן זיך געדאַרפט אומקערן קיין טבריה איבערצונעכטיקן, כדי אַרויסצופאָרן פרי אויפן וועג קיין חיפה.

ווען מיר האָבן זיך אַריינגעזעצט אין די באָסעס, האָט אָנגעהויבן ווערן טונקל. די זון האָט געהאַלטן אין פאַרגיין און האָט מיט אירע רויטע און פייערדיקע שטראַלן באַפאַרבט דעם האָריזאָנט אַרום די בערג.

מיר זיינען געפאָרן און אונזער „מדריך" האָט פון צייט צו צייט אָנגעוויזן אויף פלעצער פון היסטאָרישער באַדייטונג. ער האָט געצויגן אונזער אויפמערקזאַמקייט אויף אַ זייט פון אַ באַרג (רידזש), וואו עס האָבן זיך אין דער צייט פון קריג באַפעסטיקט אַ באַטאַליאָן אַראַבער, ווענען עס איז געווען

אוממעגלעך פון דאָרט אַרויסצוטרייבן. די פעסטונג האָבן זיי גערופן „נעבי יושאַ״. ענדלעך איז די פעסטונג גענומען געוואָרן, אָבער דערביי זיינען 28 אידישע יונגעלייט אומגעקומען.



ביים קבר פון רבי מאיר בעל־הנס.

מיר זיינען געקומען אין האָטעל ווען עס איז שוין געווען גאַנץ פינצטער. אונזער לעצטע נאַכט אין האָטעל דפנה, האָבן מיר געדאַרפט צו פאַרפּאַקן אונזערע וואַליזעס פאַר דער רייזע קיין חיפה.



# עכו — נהריה — גשר־הזיוו

אונזער פּראָגראַם צו באַזוכן טבריה, צפת, דגניה און אומגעגנט איז פּאַר־פולט געוואָרן און מיר זיינען שוין געווען אויף דעם וועג קיין חיפה. מיר זיינען געפאָרן דורך דעם מערב גליל, פאַרביי דעם עמק און די ישובים, וואָס ליגן אין דער געגנט. אונזער „מדריך" האָט אָנגעוויזן אויף דער קאָלאָניע סעדזשעראַ, וואו פאַוז על קאַודזשי און זיין אַרמיי האָבן זיך בשעת דעם קריג באַפעסטיקט אין דער געגנט און אַטאַקירט די ישובים אַרום. מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן די אַגריקולטור־שולע כפר־כדורי, וואָס ליגט צופוסנס פון באַרג תבור. אויך דעם יער באַלפור, רמת־דוד, אַ ישוב, געגרינדעט אויף דעם נאָמען פון ליבעראַלן פרעמיער־מיניסטער פון ענגלאַנד דעיוויד לאָיד דזשאָרדזש און אַנדערע.

אַרויסגעפאָרן פון טבריה זיינען מיר אינדערפרי און אויף דער פּראָגראַם פון טאָג איז געווען אַ באַזוך אין עכו, נהריה, וואו מיר האָבן באַדאַרפט עסן מיטאָג, און אַ וויזיט אין דעם אַמעריקאַנער קיבוץ גשר־הזיוו און צוריק קיין חיפה אין אָוונט.



דער אַריינגאַנג אין אַלט־שטאָט פון עכו

האָבן מיר זיך צוערשט נאָך אַ לענגערער רייזע אָפּגעשטעלט אין דער היסטאָרישער עכו, וואו ביז דעם אַראַבישן קריג זיינען דאָרטן כמעט קיין אידן ניט געווען. איצט געפינען זיך דאָ אַ היפּשע צאָל אידן. מערסטנס נייע אָנגעקומענע, וואָס פּרובירן זיך דאָ איינאָרדענען און מאַכן עכו פאַר זייער היים.

די אַראַבער, וועלכע זיינען דאָרט געבליבן, זיינען קאָנצענטרירט אין אַ פּאָר קוואַרטאַלן, וואו זיי האָבן זייערע היימען, זייער מאַרק און קראָמען.

האָבן מיר שפּאַצירט אין די ענגע און שמאָלע געסלעך פאַרביי זייערע געשעפטן און בשעת מעשה זיך געוואונדערט פונוואַנען זיי ציען זייער פּרנסה. וואָרום קיין קונים האָבן מיר אין די קראָמען ניט געזען. די געשעפטן זייערע זיינען געווען ליידיק און די קרעמער זיינען געזעסן אינדרויסן, פויל, פאַרלייגט די הענט, און אַמאָל אויך די פיס, און מיר האָבן געהאַט דעם איינדרוק, אַז זיי קימערן זיך גאָרניט, וואָס עס טוט זיך אַרום זיי. אַפילו דאָס, וואָס אַזאַ גרויסע גרופּע אַמעריקאַנער טוריסטן גייען פאַרביי זייערע קראָמען, האָט אויף זיי קיין שום איינדרוק ניט געמאַכט און זיי זיינען דערפון ניט נתפּעל געוואָרן. משמעות, אַז אויך דאָס איז ביי זיי קיין נאָווינע ניט.

און אַזוי שפּאַצירנדיק זיינען מיר צוגעקומען צו די רואינען פון דער אַלטער עכו'ער פעסטונג און באַטראַכט די איבערגעבליבענע טרעפּ, וואָס



די קינדערלעך אין גשר הזיוו

זיינען אַ זכר פֿון אַמאָליקער שטאַרקייט און פֿאַרבראַכט אייניקע מינוטן ביי דעם באַפּעסטיקטן ברעג פֿון מיטללענדישן ים. פֿון דעם ים האָט געבלאָזן אַ דערפֿרישנדיקער, קילער ווינט, וואָס איז געווען זייער שטאַרק ווילקאָמען אין דעם הייסן, ברענענדיקן טאָג. אונזער צייט האָט אונז ניט דערלויבט לענגער צו בלייבן, זיינען מיר אָפּגעפֿאָרן און זיך אָפּגעשטעלט אין נהריה.

נהריה איז ניט ווייט פֿון חיפֿה. דאָס איז אַ שטעטעלע, וואָס האָט הינטער זיך אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע: אין 1936, ווען די דייטשע אידן האָבן זיך געוואָלט ראַטעווען פֿון די נאַציס און זיינען געלאָפֿן וואו נאָר זיי האָבן געקענט, האָט אַ באַדייטנדיקע צאָל פֿון זיי זיך אָנגעשלאָסן אין דעם פּלאַן, וואָס דער אַגריקולטור עקספּערט סאָרין האָט פֿאַר זיי אויסגעאַרבעט. זיין פּלאַן איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט פֿאַר אַ גרעסערער גרופּע דייטשע אידן צוגעטיילט אַ געוויסע צאָל דונאַם פֿאַר אינטענסיווער פֿאַרמעריי, כדי זיי זאָלן דערפֿון ציען חיונה.

אָבער דערפֿון אַליין האָבן די נייע פֿאַרמערס, וואָס מערסטע פֿון זיי זיינען געווען געוועזענע פּראָפֿעסיאָנאַלן און געשעפֿטס־לייט, זיך ניט געקענט דערנערן, האָבן זיי דאָס שיינע שטעטעלע וואָס ליגט נעבן ים פֿאַרוואַנדלט אין אַ רעזאָרט־פּלאַץ. מען קומט קיין נהריה פֿון אַרום דער געגנט פֿאַר רו און וואַקאַציע.

זיי האָבן אויך אין נהריה עטאַבלירט אַ פּאָר פֿאַבריקן פֿון פּרוכט־פּרעזערוון. אין אַלגעמיין איז דאָס שטעטעלע אַ מוסטער פֿון ציכטיקייט און שיינקייט.

אין 1948 אין אַראַבישן קריג, איז נהריה, צוגלייך מיט אַנדערע מערב־דיקע ישובים פֿון גליל, אָפּגעשניטן געוואָרן פֿון די אַנדערע גרעסערע אידישע ישובים און האָבן שטאַרק געליטן פֿון די אַראַבישע אַטאַקעס. זיי האָבן אָבער אויף איין מינוט ניט אויפֿגעהערט צו קעמפֿן מיט דעם שונא. זיי האָבן באַוויזן די העלדישקייט פֿון אָנבינדן פֿאַרבינדונגען מיט חיפֿה דורך דעם ים, ווען אַלע וועגן פֿון דער יבשה זיינען געווען אָפּגעשניטן, און האָבן אַפֿילו אָרגאַניזירט אַ צייטווייליקע פּאָסט־קאָמוניקאַציע. נהריה איז אַזוי אַרום געווען דער צענטער פֿון פֿאַרטיידיקונג, ביז די אידישע קעמפֿער האָבן איינגענומען עכו, אין מאַי, 1948.

עס איז פֿאַר אונז, אַמעריקאַנער טוריסטן, געווען זייער אָנגענעם צו

שפּאַצירן אין נהריה, צו באַטראַכטן די שיינע הייזער, קראָמען, בוימער און בלומען. מען האָט באמת דאָס געפיל, אַז מען איז אין אַ פּלאַץ פון מערב׳דיקער ציוויליזאַציע, און ניט אין אַ שטעטל אין דעם מיטעלן־מזרח.

מיטאָג האָבן מיר געגעסן אין אַ רעסטאָראַן אונטערן פרייען הימל, באַדינט פון אַ קעלנערין, וואָס האָט געקענט ווייניק העברעאיש און אַוודאַי ניט קיין אידיש, נאָר האָט גערעדט דייטש, אַזוי אַז מיר האָבן אויף אונזער קאַלוואַריער דייטשמעריש זיך מיט איר ווי עס איז צוזאַמענגערעדט.

פּאַרטיק געוואָרן מיט מיטאָג, איז שוין געווען שפּעטלעך אין טאָג. האָבן מיר זיך דעריבער צוגעאיילט, ווייל מיר האָבן זיך געדאַרפט אָפּשטעלן אין דעם קיבוץ גשר־הזיוו און דערנאָך קומען אין חיפה פאַר ליכט־בענטשן.

גשר־הזיוו איז נאָך זייער אַ יונגער קיבוץ, קוים דריי יאָר אַלט. ער איז ביז איצט באַשטאַנען פון יונגע אַמעריקאַנער חלוצים און פון אַ גרופּע יונגע מענער און פרויען, וואָס אין צייט פון קריג זיינען זיי עוואַקואירט געוואָרן פון אַ קיבוץ, וואָס האָט זיך געפונען אין דער געגנט פון ים המלח. איצט געפינען זיך אין גשר־הזיוו אויך אייניקע פון די ספרד׳ישע עולים.

מיר, באָסטאָנער, האָבן געהאַט אַ ספּעציעלן אינטערעס צו באַזוכן דעם קיבוץ, ניט נאָר ווייל דאָרט געפינען זיך אַ סך אַמעריקאַנער און אויך יונגעלייט פון באָסטאָן, ווען מיר האָבן געוואָלט שטאַרק זען, נאָר הויפּטזעכלעך, ווייל ביי אונז, אין באָסטאָן, איז דאָ אַ גרופּע יונגע מענער און פרויען, וואָס האָבן זיך געמאַכט פאַר זייער אויפגאַבע צו העלפן גשר־הזיוו מיט וואָס זיי קענען. מיר האָבן דעריבער געוואָלט זיך נענטער באַקענען מיט גשר־הזיוו און ברענגען אונזערע באָסטאָנער חברים אַ לעבעדיקן גרוס פון גשר־הזיוו, וועמען זיי האָבן געמאַכט פאַר זייער ציל צו העלפן.

עס איז, אַגב, ווערט צו באַמערקן, אַז אונזערע יונגע באָסטאָנער פריינט וואָס רופן זיך „פרענדס אָוו הסתדרות" האָבן שוין דורכגעפירט אַ צאָל דערפאָלגרייכע אונטערנעמונגען, וואָס האָט זיי אַריינגעבראַכט אַ היפּשע סומע געלט און דאָס אָפּגעשיקט צום קיבוץ גשר־הזיוו.

די גרופּע „פרענדס אָוו הסתדרות" באַשטייט פון זייער אינטעליגענטע יונגע מענער און פרויען, אַמעריקאַנער געבוירענע, מערסטנס קאַלעדזש־גראַדואירטע, וועלכע האָבן ביז איצט שוין געטאָן זייער ווערטפולע אַרבעט פאַר דער הסתדרות־באַוועגונג אין באָסטאָן.

זיי זיינען אויסערגעוויינלעך טעטיק אין דעם הסתדרות־קאַמפּעין. זיי האָבן שוין אָרגאַניזירט אַ „פּראָפעשאָנעל דיוויזשאָן" און זיי העלפן אַ סך אַרויס אין דער געשעפטס־דיוויזיע.

די דאָזיקע יונגעלייט און יונגע פרויען האָבן זיך פאַראינטערעסירט צו העלפן גשר־הזיוו צו ווערן עקאָנאָמיש שטאַרק, פּונקט ווי אַנדערע קיבוצים אין לאַנד. האָבן מיר דעריבער געוואָלט זען ווי דער דאָזיקער קיבוץ זעט אויס.

דער מזכיר און די חברים, וואָס זיינען פּונקט דעמאָלט ניט געווען באַשעפטיקט ביי זייער אַרבעט, זיינען געווען צופרידן אונז צו באַגעגענען. זיי האָבן אונז אַרומגעפירט צו באַטראַכטן זייער משק און אונז געוויזן די ווירטשאַפט, וואָס זיי פאַרמאָגן שוין. זיי האָבן אונז אָבער אויך דערציילט פון זייערע שוועריקייטן צו בויען ביי דער איצטיקער צייט. דער יקרות און



אין גשר הזיו

דער מאַנגל אין בוי־מאַטעריאַלן שטערט זיי אין זייערע פּלענער צו בויען די הייזער, וואָס זיי דאַרפן אַזוי נויטיק האָבן — הייזער פאַר די קינדער און הייזער פאַר די דערוואַקסענע מיטגלידער — אַז זיי זאָלן ניט דאַרפן וואוי־נען אינדרויסן, אָדער אין ביידלעך.

אין אַלגעמיין, אָבער, זיינען די אויסזיכטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון

זייער ווירטשאַפט ניט קיין שלעכטע. זיי האָבן גענוג לאַנד און אויסער די געווינלעכע פּראָדוקטן, וואָס דערפער פּראָדוצירן, האָבן זיי שוין געשאַפן אַ גרויסע סטאָלעריי, וואו זיי פאַבריצירן הילצערנע טירן און פענצטער פאַר הייזער, וואָס איז ביי דער איצטיקער אינטענסיווער בוי־טעטיקייט אין ישראל זייער אַ גאַנגבאַר אַרטיקל.

מיר וואָלטן אפשר לענגער פאַרבראַכט אין דעם זייער אינטערעסאַנטן קיבוץ, אָבער,ליידער, האָבן מיר זיך געמוזט צעיילן, ווייל איינער פון אונזערע באָסטאָנער חברים, חבר אָסקאַר סטערמאַן איז אויפן וועג קראַנק געוואָרן און מיר האָבן געוואָלט וואָס גיכער אָנציען קיין חיפה, אַז ער זאָל קריגן די נויטיקע מעדיצינישע באַהאַנדלונג.

נאָך איידער מיר זיינען געקומען קיין גשר־הזיוו האָבן מיר צוגערעדט חבר סטערמאַן, אַז ער זאָל באַזונדער אין אַן אויטאָמאָביל אָפּגעפירט ווערן קיין חיפה, אָבער ער איז געווען אַזוי נייגעריק צו באַזוכן דעם קיבוץ און אַליין רעדן מיט די דאָרטיקע חברים, אַז ער האָט פאַרגעצויגן אַביסל צו ליידן און פאָרן מיט אונז צוזאַמען.

האָבן מיר פאַרלאָזן גשר־הזיוו אויף דעם וועג קיין חיפה און געפאָרן דורך גוטע געפלאַסטערטע וועגן, דורך פלאַכן לאַנד, פונוואַנען מען זאָל זען די לאַנדשאַפט אַרום.

ווען מיר האָבן אָנגעהויבן זיך דער׳נענטערן צו דער גרויסער אינדוס־טריעלער שטאָט פון מדינת ישראל, האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן סימנים פון גרעסערע אינדוסטריעלע געביידעס, פאַרטיקע, און נאָך מער אין פּראָצעס פון בויען. מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן דעם חיפה׳ער בעי און די גרויסע אויל־ראַפינעריס, וואָס האָבן פאַר דעם אַראַבישן קריג באַשעפטיקט אַרום 3,000 אַרבעטער און ראַפינירט טויזנטער טאָן אויל. בלויז אַ קליינער טייל פון די ראַפינעריס זיינען איצט באַשעפטיקט צוליב דעם, וואָס די אַראַבער, ספּעציעל איראַק, פירן אָן אַן עקאָנאָמישן באָיקאָט קעגן מדינת ישראל און זיי זאָגן זיך אָפּ צו שיקן אויל צו די ראַפינעריס אין חיפה.

מיר זיינען צוגעקומען צו דער געגנט, וואָס רופט זיך „קרית חיים" — אַ געגנט פון הונדערטער קלענערע הייזער, ספּעציעל געבויט פאַר אַרבעטער, וואָס האָבן זיי געקענט קויפן פאַר מינימאַלע סומעס, וואָס איז צוגענגלעך פאַר זיי.

די קוואַרטאַלן פון „קרית חיים", מיט די הייזקעס, גערטנדלעך און בלו־

מען, מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק. דאָ געפינען זיך אַרבעטער מיט זייערע פאַמיליעס — אַרבעטער, וואָס אַרבעטן אין פאַרשיידענע געגנטן פון חיפה און פאָרן צו און פון דער אַרבעט.

פאָרנדיק ווייטער אַרום דעם פּאָרט, באַמערקט מען באַלעבעטע גאַסן — אַ באַוועגונג פון מענטשן, טראָקס און אויטאָמאָבילן, וואָס קען זיך פאַרגלייכן מיט אַזעלכע שטעט פון אַמעריקע. פאַר די, וואָס זיינען געווען אין חיפה מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, איז עס באמת אַן איבעראַשונג צו זען ווי חיפה האָט זיך אויסגעברייטערט. נייע הייזער, גרעסערע און קלענערע אַפּאַרטמענט הייזער, זיינען אויפגעבויט געוואָרן אַזוי, אַז מען האָט דעם איינדרוק, אַז מען געפינט זיך אין אַ שטאָט, וואָס איז שטאַרק אויסגעוואַקסן אין די פּאָר יאָר און האָט די מעגלעכקייט צו ווערן איינע פון די גרעסטע פּאָרט־שטעט אין מיטל־מזרח.

און אַזוי האָבן אונזערע באָסעס אָנגעהויבן צו קלעטערן אויף די בערג צום הדר הכרמל, צום האָטעל מלון כרמליה.

אונזער ערשטע זאָרג, נאַטירלעך, איז געווען צו זען, אַז חבר סטערמאַן זאָל קריגן זיין צימער און די באַהאַנדלונג פון אַ דאָקטאָר. עס האָט גענומען ווייניק צייט און אַ דאָקטאָר פון „קופּת חולים" איז געווען ביי אים אין צימער, אים אונטערזוכט און רעקאָמענדירט, אַז ער זאָל באַלד גענומען ווערן אין אַ שפּיטאָל, וואו ער וועט קריגן בעסערע מעדיצינישע באַהאַנדלונג, ווי עס איז מעגלעך צו געבן אין אַ האָטעל.

דער פּראָבלעם איז געווען צו קריגן אַ צימער אין איינעם פון די בעסערע שפּיטאָלן, אָבער דאָס האָט שוין איבערגענומען אַבאָ חושי, דער מעיאָר פון חיפה אַליין, אַזוי גיך ווי ער האָט זיך דערוואוסט, אַז חבר סטערמאַן איז קראַנק און ער נויטיקט זיך אין אַ שפּיטאָל־צימער.

עס האָט לאַנג נישט גענומען און חבר סטערמאַן איז איבערגעפירט געוואָרן אין אַ פּריוואַטן שפּיטאָל אויפן הדר הכרמל.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלן ווי חברה סטערמאַן האָט געפילט נאָכדעם ווי ער איז צוגענומען געוואָרן אין שפּיטאָל. אונזער האָפענונג איז נאָר געווען, אַז ער וועט לאַנג ניט דאַרפן בלייבן אין שפּיטאָל און אַז אײַנגיכן וועט ער ווידער זיין מיט אונז.

אָבער אויף נסים האָבן מיר זיך ניט געוואָלט פאַרלאָזן. מיר האָבן



אַ בליק אויף חיפה פון הר הכרמל

געוואָלט קריגן דעם בעסטן האַרץ־ספּעציאַליסט אין חיפה, אַז ער זאָל אים באַהאַנדלען און פעסטשטעלן די ערנסטקייט פון זיין קראַנקהייט.

ווער עס זאָל דאָס טאָן איז ניט געווען קיין פּראָבלעם, ווייל אַבאַ חושי און זיין סעקרעטאַר, יוסף אלמוגי, זיינען געווען ביז גאָר פאַראינטערעסירט, אַז חבר סטערמאַן זאָל קריגן די בעסטע מעדיצינישע באַהאַנדלונג.

און אַזוי האָבן מיר שוין גאַנץ שפּעט פאַרנאַכט געקראָגן צו וויסן, אַז פּראָפעסאָר פישער, אַ האַרץ־ספּעציאַליסט, וועט קומען אין האָספּיטאַל אים באַטראַכטן. חבר פייגענבוים און איך, צוזאַמען מיט אַבאַ חושי׳ס סעקרעטאַר, יוסף, האָבן אין שפּיטאָל געוואַרט צו הערן ד״ר פישערס מיינונג, נאָכדעם ווי ער וועט אים אונטערזוכן.

צו אונזער פרייד, האָט אונז ד״ר פישער באַרואיקט און פאַרזיכערט, אַז זיין לאַגע איז ניט קיין ערנסטע; אַז נאָכדעם ווי ער וועט רוען עטלעכע טעג אין שפּיטאָל, וועט ער זיין אומשטאַנד מיט אונז צו פאַרענדיקן די רייזע. ערשט דעמאָלט האָבן מיר זיך אַביסל באַרואיקט און זיך צוריק־געקערט אין האָטעל פאַר אַביסל רו.



אין קיבוץ לוחמי הגיטאות מיט אַנטעק צוקערמאַן, דער אָנפירער פון דעם וואַרשעווער געטאָ אויפשטאַנד, ביי דער געביידע אויפן נאָמען פון אומגעקומענעם אידיש־העברעאישן דיכטער י. קאַצענעלסאָן, פאָטאָגראַפירט בעת דעם באַזוך פון דער צווייטער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע אין ישראל אין 1950.

# חיפה — אַ באַזוך ביי די דרוזן מיט אבא חושי

מיר האָבן געדאַרפט אויספילן דעם פּראָגראַם פאַר חיפה, וואָס איז פריער פאַר אונז אָנגעצייכנט געוואָרן. וואָרים — ווי זאָגט מען אין ענגליש: „דהיי שאָו מאָסט גאָ אָן". כאָטש מיר זיינען געווען שטאַרק באַזאָרגט וועגן חבר סטערמאַנ׳ס געזונט־צושטאַנד, וועלכער איז פּלוצלונג קראַנק געוואָרן, ווי מיר האָבן אינם פריערדיקן קאַפּיטל דערציילט, האָבן מיר זיך אַלע טאַקע נאָך אין דעם זעלבן טאָג פאַרזאַמלט אין דעם ווינדזאָר האָטעל פאַר אַ קבלת פנים, אַראַנזשירט פון דער מועצת פועלי חיפה.


אבא חושי

ניט נאָר די פירנדיקע חברים אליין פון דער הסתדרות זיינען געקומען אונז זאָגן ברוכים הבאים, נאָר טאַקע דער ראש העיר, אבא חושי אליין, און זיין געהילף, יוסף אלמוגי. זיי ביידע, און די פאַרטרעטער פון חיפה׳ער הסתדרות זיינען געזעסן ביי דעם הויפּט־טיש, צוזאַמען מיט די באַאמטע פון אונזער דעלעגאַציע, אין דער אָפענער קאַפע פון ווינדזאָר האָטעל.

עס איז קיין עין הרע געווען אַ היפּשער עולם, ווייל אויסער אונזער גרויסער דעלעגאַציע און די חיפה׳ער הסתדרות־פאַרטרעטער, זיינען אויך געקומען אַ סך אַנדערע מיטגלידער פון פאַרשידענע צווייגן פון דער הסתדרות צו הערן ווי מען נעמט אויף און מען באַגריסט אַמעריקאַנער חברים און פריינט פון דער הסתדרות.

אין די באַגריסונגען, פּונקט ווי אין די רעדעס, פון אַלע אַנדערע שטעט פון ישראל, וואו מיר זיינען אויפגענומען געוואָרן, האָבן מיר געהערט אויס־

דרוקן פֿון דאַנקבאַרקייט פֿאַר דער חבר׳ישער הילף, וואָס די אַמעריקאַנער האָבן דער הסתדרות געגעבן פֿון דער ערשטער צייט אָן, זינט דער געווערק־שאַפֿטן קאַמפּעין איז געגרינדעט געוואָרן, ביזן היינטיקן טאָג.

די חברים זיינען געווען דרייסט צו דערציילן, אַז די הסתדרות, ווייל זי איז געוואָרן שטאַרק און איינפלוסרייך, האָט, פֿאַרשטענדלעך, אויך געקראָגן אַ סך שונאים — שונאים פֿון רעכטס און שונאים פֿון עקסטרעם־לינקס. יעדער פֿון זיי וואָלט וועלן, אַז די הסתדרות זאָל זיך פֿירן ווי זיי געפֿעלט און ניט אַנדערש. אָבער אין די רייד האָט געקלונגען בטחון און זיכערקייט, אַז עס וועט קיינעם פֿון די שונאים ניט געלונגען אַראָפּצופֿירן די גרויסע אָרגאַניזאַציע פֿון ריכטיקן וועג.

נאָכדעם ווי אַ פּאָר מיטגלידער פֿון אונזער דעלעגאַציע האָבן געענטפֿערט אויף די באַגריסונגען, האָט אַבאַ חושי געהאַלטן אַ קורצע רעדע.

ער האָט אויסגעדריקט זיין טיפֿע צופֿרידנקייט צו באַגעגענען יעדן יאָר אַמעריקאַנער הסתדרות־עסקנים אין ישראל, און ער גלויבט, אַז די שותּפֿות, וואָס איז אָנגעקניפּט געוואָרן צווישן די ישראל הסתדרות חברים און די אַמעריקאַנער, דאַרף ניט נאָר אָנגעהאַלטן ווערן, נאָר זי דאַרף נאָך ענגער פֿאַרבונדן ווערן.

„מיר, — האָט ער געזאָגט, — דאַרפֿן נויטיק האָבן אייער הילף; ניט נאָר געלט אַליין, נאָר מיר דאַרפֿן אויך אייער דערפֿאַרונג אין אָרגאַניזאַציע, אין אינדוסטריע, אין טעכניק אאַז״וו.

„איר וועט פֿאַרברענגען אַ פּאָר טעג אין חיפה, — האָט ער געזאָגט, — „און איר וועט געוויס זען אונזער פּראָגרעס און וואָס מיר האָבן שוין דער־גרייכט. אָבער איר דאַרפֿט זיך אויך צוקוקן און זען וואָס אונז פֿעלט.

„פֿאַר אונז שטייט נאָך פֿאַר אַ ריזיקע אַרבעט — האָט ער פֿאַרגעזעצט — מיר מוזן בויען און אָרגאַניזירן און פֿאַרטיידיקן. מיר דאַרפֿן אַבסאָרבירן און מאַכן פֿאַר נוצלעכע בירגער אָט די טויזנטער עולים, וואָס שטראָמען אַריין אין ישראל. און מיט אייער הילף און מיט דער הילף פֿון אַלע אַמערי־קאַנער אידן, וועלן מיר אונזער ציל דערגרייכן״.

נאָכדעם ווי חבר סווערדלאָף, געוועזענער מיטגליד פֿון מאָריס שוואַרצ׳ס קונסט־טעאַטער און אַ מיטגליד פֿון אונזער דריטער הסתדרות־דעלעגאַציע, האָט פֿאַרגעטראָגן אייניקע רעציטאַציעס, האָט זיך די פֿאַרזאַמלונג געשלאָסן.

מיר אַלע האָבן געדאַרפֿט גיין אין האָטעל זיך אָפּרוען נאָך אַזאַ שווערן

טאָג פון אָנשטרענגונג. מיר האָבן אָבער שטאַרק געוואָלט וויסן וואָס חבר סטערמאַן מאַכט. און ווייסנדיק, אַז ד״ר פישער, איינער פון די בעסטע האַרץ־ספּעציאַליסטן, וועט אין דער שפּעטער שעה פון דער נאַכט אים באַזוכן, האָבן מיר — פייגענבוים, חבר אלמוגי און איך — באַשלאָסן אַהינצוגיין אין הערץ, וואָס ד״ר פישער האָט וועגן אים צו זאָגן.

מיר האָבן זיך באַנוצט מיט דעם אויטאָמאָביל, וואָס יוסף אלמוגי האָט צו זיין דינסט, און מיר זיינען צוגעפאָרן צום שפּיטאָל.

ד״ר פישער׳ס דערקלערונג, אַז חבר סטערמאַנ׳ס צושטאַנד איז ניט זייער ערנסט און אַז נאָך אייניקע טעג רו וועט ער קענען פאָרזעצן די רייזע, האָט אונז שטאַרק דערפרייט און באַרואיקט, און מיר זיינען געפאָרן צו דעם כרמליה האָטעל פאַר אַ נאַכט רו.



מיט די פירער פון חיפה׳ער פּאָרט אויף אַ שיפל פאָרנדיק צו דער „הגלילה״

עס איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט, זיינען מיר מידע פון טאָג אָנשטרענגונג איינגעשלאָפן. כאָטש דאָ, אין דעם האָטעל, איז דאָס ניט אַזוי גרינג.

די, וואָס זיינען געווען אין חיפה און איינגעשטאַנען אין דעם האָטעל, ווייסן, אַז פאַר שטילקייט און רו איז דער כרמליה האָטעל ניט דער געווינטש־טער פּלאַץ. וואָרים דער האָטעל געפינט זיך אויף דעם הדר הכרמל און שטייט אויף אַ ראָג (קאָרנער), וואו עס קומען אַרויף אַ סך אויטאָמאָבילן, טראָקס און אויטאָבוסן. אַרויפקריכנדיק אויפן באַרג, מוזן זיי גיין אין אַ — ווי

זאָגט מען דאָס אויף אידיש — אין אַ נידעריקער טעמפּאָ (לאָ ספּיד), דאָס מאַכט אַ געוואַלדיקן טומל.

די, וואָס זיינען ניט געוואוינט צו אַזאַ טומל, איז טאַקע פֿאַר זיי זייער שווער געווען איינצושלאָפֿן. אָבער, משמעות, מיר זיינען געווען אַזוי מיד פֿון דעם טאָג אָנשטרענגונג, אַז טראָץ די רוישערייען פֿון די מאָטאָרן זיינען מיר איינגעשלאָפֿן.

געדענק איך ניט גענוי ווי לאַנג מיר זיינען געשלאָפֿן. עס האָט געמוזט זיין אַן ערך אַרום דריי שעה, ווי עס האָט מיך אויפֿגעוועקט עפּעס אַ טומל פֿון מענטשן אין גאַס.

איך בין אַרויסגעלאָפֿן אויף דעם גאַניקל און דערזען אין טונקעלן שיין אַ מענגע מענטשן, מענער און פֿרויען. אייניקע זיינען געזעסן אויף די טרעפּ פֿון דעם הויז, אַנדערע — אויף דעם טראָטואַר; אַסך זיינען געשטאַנען אין אַ רעדל, און אַלע צוזאַמען האָבן גערעדט און געמאַכט אַזעלכע קולות, וואָס האָבן געקענט אויפֿוועקן אַ טויטן.

פֿון וואָס זיי האָבן גערעדט, האָב איך פֿון זייער שפּראַך ניט געקענט דערגיין. איך האָב איבערהויפּט ניט געקענט פֿאַרשטיין, וואָס עס טוען דאָ אַזוי פֿיל מענטשן 4 אַזייגער פֿאַרטאָג. זאָל איך זאָגן, אַז זיי וואַרטן אויף אַן אויטאָבוס, צו גיין צו דער אַרבעט? וואָס־זשע אַזוי פֿרי? דערצו האָב איך זיך דערמאָנט, אַז עס איז גאָר פֿרייטאָג צונאַכטס — און אום שבת אַרבעט מען ניט אין ישראל.

איך האָב פּרובירט פֿרעגן ביי מיין פֿרוי, וועלכע איז שוין אויך אויפֿגעוועקט געוואָרן פֿון דעם טומל, אָבער זי האָט ניט געוואוסט מער פֿון מיר. זיינען מירביידע געשטאַנען אויף דעם גאַניקל פֿון מלון כרמליה און זיך איינגעהערט צו דער רעדעריי און טומל, אין דעם מאַטן שיין פֿון טאָג ווערן און בשום אופֿן ניט געקענט אויפֿקלערן דאָס רעטעניש. בין איך, אַן אַנטוישטער, צוריק אַריין אין בעט און זיך שטאַרק אָנגעשטרענגט איינצושלאָפֿן.

אָבער באַלד האָט מיך מיין פֿרוי גערופֿן און מיך געהייסן אַרויסקומען, וועל איך זען צוליב וואָס אָט די אַלע מענטשן האָבן דאָ אַזוי לאַנג געוואַרט.

אַ גאַנץ קליינער וואָגן, איינגעשפּאַנט מיט אַ קליין אייזעלע, איז גע־שטאַנען אַרומגערינגלט פֿון דער מענגע מענטשן. אייניקע זיינען געהאָנגען



ביים פייערלעכן לאַנטשעאַן אויף דער „גלילה" שיף אין חיפה׳ער פּאָרט, מיט די אָנפירער פון דער „שוהם"־געזעלשאַפט, חיפה׳ער אַרבעטער־ראַט און דעם קאַפּיטאַן פון דער שיף.

אויפן וואָגן, אויף דעם אייזעלע. אַלע האָבן געשריען און געפּילדערט, בשעת דער מאַן פון דעם וועגעלע האָט אַרויסגעשלעפּט דינע פּרענטעלעך אייז און זיי פאַרטיילט צו דעם כאַפּנדיקן עולם. פון דער אויסערגעוויינלעכער סצע־נע האָט מען געקענט לאַכן, ווען עס וואָלט ניט געווען אַזוי ביטער טראַגיש.

קען יעדער בר־דעת פאַרשטיין ווי נויטיק עס איז אַ שטיקל אייז אין אַזאַ הייסן קלימאַט. אָן אייז איז טאַקע זייער ביטער. פון די שפּייז, וואָס די באַלעבאָסטעס דאַרפן אָנגרייטן, ווערט אַ תל, עס ווערט איבערגעפּירט און מען דאַרף דאָס אַרויסוואַרפן. ספּעציעל די פאַמיליעס, וואָס האָבן קליינע קינדער, איז אַ שטיקל אייז ממש אַ נויטווענדיקייט.

עס איז אויך צו באַגרייפן, ווארום עס איז איצט אַזאַ גרויסער מאַנגל אין אייז. ערשטנס, צוליב אַזוי פיל צוגעקומענע, וואָס די פּאָר אייז־פאַבריקן קענען נאָך ניט פּראָדוצירן גענוג און נייע פאַבריקן ווערן ניט אויפגעשטעלט אַזוי גיך. צו דעם דאַרף מען האָבן מאַשינען, און מאַשינען דאַרף מען אַריינ־פירן פון אויסלאַנד אאַז"וו.

אָבער צי קען מען טאַקע ניט צוטראַכטן עפּעס אַ בעסערע מעטאָדע צו פאַרטיילן דאָס ביסל אייז, וואָס ווערט שוין פּראָדוצירט — אין דעם בין איך שטאַרק אין ספק.

עס איז אמת, אַז עס איז שווער פאַר אַ פרעמדן צו געבן עצות, ווען

מען איז ניט גוט באַקאַנט מיט די עקזיסטירנדיקע אומשטענדן. אָבער מיר דוכט זיך, אַז עס דאַרף זיין עפּעס אַ מיטל, אַז די מענטשן זאָלן קריגן אָט דאָס שטיקל אייז דורך אַן אַנדער וועג, ווי שטיין און וואַרטן אַ האַלבע נאַכט ביז דאָס וועגעלע מיט אייז וועט צוקומען, און ערשט זאָל דאָרט ווערן אַזאַ רייסעריי צווישן די וואַרטנדיקע.

רעדנדיק מיט ישראל־חברים וועגן אָט דעם מאַנגל אין אייז, האָט מען אונז דערציילט, אַז אַ פּאָר נייע אייז־פאַבריקן בויען זיך איצט. אַ חוץ דעם ווערט פאַרגרעסערט די פּראָדוקציע פון רעפרידזשערעיטאָרס, וואָס איז דער גרויסער וואונטש פון יעדער פאַמיליע פון ישראל אַזעלכעס צו באַזיצן.

איך האָב געזאָגט: „די פּאָדוקציע פון רעפרידזשערעיטאָרס" — איז דאָס ניט אינגאַנצן אמת, ווייל דערווייל מאַכט מען דאָ נאָר די אויסנווייניקסטע קאָסטנס. די מאָטאָרן און די אַנדערע מכשירים פון די רעפרידזשערעיטאָרס ווערן געקויפט גרייטע פון אַמעריקע, און דאָ ווערן זיי צוזאַמענגעשטעלט (אַסעמבעלד). מיר האָבן באַזוכט אַזאַ פאַבריק, ווען מיר האָבן זיך אומגע־קערט קיין תל אביב, און איך וועל נאָך וועגן דעם דערציילן שפּעטער.

דערווייל אָבער, ביז מער אייז־פאַבריקן וועלן אויפגעשטעלט ווערן און ביזוואַנען מען וועט יעדן איינעם קענען געבן אַ פרידזשידעיר, ליידן די מענטשן זייער שטאַרק.

איך האָב פּרובירט פרעגן די פאַרוואַלטערס פון האָטעל, צי עס איז עפּעס ניטאָ קיין מיטל, אַז מען זאָל ניט מאַכן אַזאַ טומל, וואָס לאָזט די געסט פון האָטעל ניט רוען ביינאַכט, איז זיין ענטפער געווען: „וואָס קענען מיר טאָן?" די צווייטע נאַכט האָט זיך די מעשה איבערגע׳חזר׳ט נאָך מיט אַ צוגאָב. דאָס אייזעלע האָט זיך פלוצלונג צעשריען, און ווער עס האָט אַמאָל געהערט אָט דאָס חיה׳לע שרייען, קען פאַרשטיין וואָס דאָס מיינט. חוץ דעם, איז איינער צוגעקומען מיט אַ מאָטאָציקל און געלאָזט דעם מאָטאָר לויפן די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט געוואַרט אויף דעם אייז. דער מאָטאָר האָט געאַרבעט און געקנאַקט ווי פון אַ קאַנאָן. אַזוי זיינען געווען די דריי נעכט, וואָס מיר זיינען געשטאַנען אין דעם האָטעל „כרמליה".

דעם ערשטן האַלבן טאָג, שבת, זיינען מיר געווען פריי פון וויזיטן, און דער עולם פון דער דעלעגאַציע האָט געקענט טאָן וואָס זיי האָבן געוואָלט. אָבער באַלד נאָכמיטאָג האָט אונז אַבאָ חושי גענומען אויף אַן אינטערעסאַנטן שפּאַציר אויף דעם הר הכרמל. אבא חושי האָט אונז, ערשטנס, געוואָלט

ווייזן ווי דער כרמל־באַרג זעט אויס, און צווייטנס, האָט ער אונז געוואָלט באַקענען מיט אַ דאָרף פון דרוזן, וואָס וואוינען אויף דעם העכסטן פּונקט פון הר הכרמל.

די דרוזן זיינען געווען און זיינען פאַרבליבן פריינטלעך צו אידן. זיי האָבן זיך ניט באַטייליקט בשעת דעם קריג און זיי זיינען איצט לאָיאַלע בירגער פון מדינת ישראל. זיי האָבן גרויס רעספּעקט און פאַרערן באמת אבא חושי'ן און וועלן טאָן אַלץ מעגלעכע אים צופרידנצושטעלן.

זיינען מיר אין טעקסיס אַרויפגעפאָרן צום כרמל־באַרג. מיר האָבן באַטראַכט די פיינע גאַסן און די שיינע הייזער און אַפּאַרטמענט־הייזער — ביז מיר האָבן דער־גרייכט דעם שפּיץ פון באַרג, וואָס פון אים קען מען זען גאַנץ חיפה, די אַרומיקע בערג, דעם גרויסן פּאָרט און דעם מיטללענדישן ים.



אבא חושי, דער מעיאָר פון חיפה, באַגריסט ביי אַ ספּעציעלער פייערלעכער אויפנאַמע אין מלון ציון.

דאָס איז באמת אַ זעלטן בילד — אַ נחת פאַר דעם אויג און אַ פרייד פאַר יעדן אידן צו וויסן, אַז דאָס אַלץ, אָט די רחבות, איז אַ טייל פון דער אידישער מדינה.

אָבער, ווי שוין געזאָגט, איז אָנקוקן דעם כרמל ניט געווען די איינציקע אַבזיכט אונז צו נעמען אויף דעם שפּיץ באַרג. אַבא חושי האָט אונז געוואָלט באַקענען מיט דעם אינטערעסאַנטן אַראַבער־שבט, די דרוזן, און זיי באַקענען מיט אונז.

זיינען אונזערע אויטאָמאָבילן געפאָרן צו דעם דרוזישן דאָרף און האָבן אויפן וועג אַהין באַגעגנט עטלעכע אויסגעפּוצטע אַראַבער, וואָס האָבן אונז באַגריסט און אַ פּאָר מאָל אָפּגעשטעלט די קאַר, אין וועלכער אבא חושי איז געפאָרן, מיט אים עפּעס גערעדט אין אַראַביש.

אבא חושי האָט אונז דערציילט, אַז דאָס קאָנקורירן די צוויי שעיכן וואָס יעדער פון זיי וויל, אַז ער זאָל זיין דער מכניס אורח פון דער דעלעגאַציע.

וועמען פון די צוויי אבא חושי האָט אויסגעקליבן, ווייסן מיר ניט, מער ווי צו איינעם זיינען מיר ניט געפֿאָרן. אונזערע קאַרס האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ גרויס הויז, נאָכדעם ווי מיר זיינען דורכגעפאָרן שמאָלע, געדרייטע געסלעך, וואָס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ טיפּישן אַראַבישן דאָרף.

אין אַ גרויסן צימער פון דעם שעיכ׳ס הויז האָבן מיר זיך אַלע אויס־געזעצט — מיר און די היפּשע צאָל אַראַבער, וואָס האָבן זיך פֿאַרזאַמלט. אַלע אויסגעפּוצט אין זייערע בעסטע יום־טוב׳דיקע מלבושים, וואָס לויט אונזער סטאַנדאַרד און מאָדע, זעען זיי אויס מער ווי פרויען־קליידער, ווי מלבושים פאַר מענער. זיי טראָגן קליידלעך אַנשטאָט הויזן, און די דזשאַ־קעטן האָבן אויך דעם שניט פון פרויען־דזשעקעטס, איידער מענער־רעק. אַזוי אויך די שטאָפן, פון וואָס זיי זיינען געמאַכט, איז ניט זייער איבער־קלייבעריש, מענער אָדער פרויען וואַרע...

דער פֿאַרזאַמלטער עולם — מיר און די אַראַבער — זיינען פאַר אַ שטיקל צייט געזעסן שווייגנדיק, און ניט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. קענטיק, אַז אַזוי איז עס דער אַראַבישער מנהג. דערנאָך האָט אַ יונגער אַראַבער, דער זון פון שעיך, פריער אין אַראַביש דערציילט זיינע לאַנדסלייט ווער מיר זיינען, דערנאָך האָט ער צו אונז גערעדט און געזאָגט, אַז זיין דאָרף פון דרוזן, זיינען אַלעמאָל געווען פריינט פון אידן. זיי גלויבן, אַז מיר קערן זיך אָן מיט זיי, ווייל זיי שטאַמען אָפּ פון יתרו׳ן, און יתרו איז דאָך עפּעס געווען משה׳ס שווער — זיינען מיר דעריבער זייער נאָנטע מחותנים.

נאָכדעם ווי מיר האָבן געענטפערט אויף זייערע באַגריסונגען, האָט אויך גערעדט דער שעיך אַליין. ער האָט גערעדט אַראַביש און זיין זון האָט דאָס איבערזעצט אין ענגליש. דער תמצית פון זיין רעדע איז געווען, אַז זיי שטרעבן צו לעבן אין שלום מיט די אידן, און אַז זיי ווילן זיין גוטע און געטרייע בירגער פון מדינת ישראל.

זיי האָבן די גאַנצע צייט ניט פאַרפעלט צו דערמאָנען זייער רעספּעקט און פאַרערונג צו אבא חושי׳ן, וועמענס בילד אין גרויסן פאָרמאַט באַצירט די וואַנט פונ׳ם שעיכ׳ס הויז. עס הענגט דאָרט אויך די פאָן פון מדינת ישראל. ווען די רעדעס זיינען געווען פאַראיבער, האָבן זיי אונז מכבד געווען מיט געטראַנקען און פרוכט.

אונזערע פאָטאָגראַפיסטן און פילמערס האָבן אַראָפּגענומען אַזוי פיל

בילדער, וויפיל זיי האָבן נאָר געקענט פון די דרוזן און פון אבא חושי׳ן און די אינטערעסאַנטע לאַנדשאַפט אַרום.

פאַר אונז איז דאָסווירקלעך געווען זייער אַן אינטערעסאַנטע באַגעגעניש.



ביי דער פייערלעכער אויפנאַמע פון דער עיריה אין חיפה. — חבר אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ ענטפערט אויף די באַגריסונגען. — עס זיצן פון רעכטס צו לינקס: יצחק קאגאן, מאַקס אַפּעל, חברה חנה חושי, מעיאָר אבא חושי, פּאולא שאַפּיראָ און י. פייגענבוים.

# פייערלעכער מיטאָג אויף דער אידישער שיף „הגלילה״; אָפיציעלע אויפנאַמע פון דער חיפה׳ער עיריה אין מלון ציון

מיר האָבן זיך צוריקגעקערט פון דעם זייער אינטערעסאַנטן באַזוך אין דעם דרוזישן דאָרף אויפן הר הכרמל אין צייט פון עסן סאָפּער און באַלד זיינען מיר פאַרבעטן געוואָרן צו די חושיס אין הויז צו פאַרברענגען דעם אָוונט.

די חושיס וואוינען אין אַ באַשיידענעם אַפּאַרטמענט אויף דעם הדר הכרמל. די צימערן זיינען זיכער ניט געווען גרויס גענוג צו קענען אויפנעמען קיין עין־הרע אַזוי פיל מענטשן. אָבער זיי האָבן אין דעם אַפּאַרטמענט אַן אָפענע וועראַנדע, וואָס האָט אַ סך געהאָלפן, אַז עס זאָל זיין פּלאַץ פאַר די פון אונז, וואָס זיינען געקומען צו די חושיס.

עס נעמט ניט לאַנג, נאָכדעם ווי מען באַקענט זיך מיט אבא חושי און זיין פרוי, אויסצוגעפינען, אַז מען האָט פאַר זיך צוויי זייער אינטערעסאַנטע מענטשן — מענטשן פון הויכער אינטעליגענץ און נאָך העכערן אידעאַליזם.

זיי זיינען ביידע זייער באַשיידן. אין דעם שמועס מיט זיי, פילט מען קיינמאָל ניט, אַז זיי לאָזן אייך וויסן וועגן דער גרויסער ראָלע, וואָס זיי האָבן אַליין געשפּילט אין בויען דעם ישוב און אין קריג צו באַפרייען די מדינה.

אבא חושי אַליין רעדט אַלעמאָל וועגן דער שטאָט חיפה. ער וואָלט וועלן, אַז די וויכטיקע פּאָרט־שטאָט פון דער מדינה זאָל זיך אַנטוויקלען און ווערן גרעסער און שענער. ער האָט דערמאָנט מיט גרויס פרייד און הנאָה, אַז חיפה האָט שוין איצט אַ באַפעלקערונג פון גענוי 200 טויזנט. ער וואָלט וועלן, אַז אויסער דער היפשער צאָל פאַבריקן, וואָס געפינען זיך שוין איצט אין חיפה, זאָל די אינדוסטריע וואַקסן אין פּראָפּאָרציע מיט דער צוגעקו־מענער באַפעלקערונג. איז טאַקע דערפאַר, ווען ער רעדט צו מענטשן פון געשעפט, איז זיין הויפּט־טעמע אינדוסטריע און אינוועסטמענטס.

אַזוי, למשל, וואָלט ער וועלן מאַכן אַ הענגנדיקן עלעקטרישן טראַמוויי, וואָס זאָל העלפן דער טראַנספּאָרטאַציע און דעם הדר און הר הכרמל. אָזעלכע



אויפן דעק פון דער „הגלילה"-שיף אין חיפה

הענגנדע טראַמווייען אויף „קעיבלס" געפֿינען זיך אין דער שווייץ און אין אויסטראַליע.

ער האָט אפֿילו געהאַט אַ פּלאַן אויסגעאַרבעט פֿון אַ שווייצאַרישן אינזשעניר מיט אַלע איינצלהייטן. אַלץ וואָס ער דאַרף האָבן דערצו איז, אַ קאַפּיטאַל פֿון אומגעפֿער אַ מיליאָן דאָלאַר וואָלט ער דעם עסק געקאָנט מאַכן. זיין חשבון איז, אַז ווען צען אידן זאָלן אַריינלייגן צו הונדערט טויזנט דאָלער יעדער, וואָלט מען עס געקענט אויפבויען און דאָס וואָלט אַריינגעטראָגן גוטע דיווידענדן.

אבא חושי איז איבערהויפּט אַ מענטש פֿון טאַט, פֿון מערער מעשים און ווייניקער רייד. ער האָט פֿיינט דאָס פֿאַרשלעפּעניש אין „רעד טעיפּ" ווי מען רופֿט דאָס ביי אונז אין אַמעריקע.

האָט ער צו אונז גערעדט, ווען מיר זיינען געפֿאָרן צום דרוזישן דאָרף, וועגן די פֿאַרשידענע אינדוסטריעלע אונטערנעמינגען, וואָס עקזיסטירן שוין אין חיפה און וועגן אַ סך, וואָס בויען זיך און האַלטן אין ווערן. אייניקע גרויסע אונטערנעמונגען אַזעלכע, האָבן מיר אויף דעם צווייטן טאָג באַזוכט און איך וועל וועגן זיי דערציילן שפּעטער.

דאָ, ביי אים אין הויז, האָט ער בלויז דערציילט פֿון אַ פּאָר פֿאַלן פֿון דעם קריג מיט די אַראַבער — דעם פֿאַל, ווען ער איז פֿאַרוואונדעט געוואָרן אין אַ פֿוס און ווי ער איז אין אַ קריטישער צייט אויסבאַהאַלטן געוואָרן פֿון פֿיינטלעכע אַראַבער.

דערפֿאַר אָבער האָט פֿרוי חושי דערציילט וועגן די ערשטע פֿאַזן פֿון קריג, וואָס זי און אַנדערע העלדישע פֿרויען האָבן געטאָן אום צו שפּייזן די, וואָס זיינען געשטאַנען אין די ערשטע קאַמפּס־ליניעס, אַז זיי זאָלן ניט דאַרפֿן הונגערן.

מען דאַרף האָבן אין זינען, אַז ווען דער קריג איז אויסגעבראָכן, איז נאָך די אידישע אַרמיי ניט געווען אָרגאַניזירט מיט אַלע נויטיקע זאַפּאַסן צו קענען צושטעלן אַמוניציע, שפּייז אאַז"וו.

זי האָט איבערגעגעבן ווי אַזוי די פֿרויען האָבן זיך אָרגאַניזירט אין דיסטריקטן צו באַקן ברויט און קאָכן שפּייז, און די שפּייזן צוצושטעלן צו די קעמפֿער אין די שלאַכטן מיט די אַראַבער.

מיר זיינען אַלע געזעסן געשפּאַנט און זיך צוגעהערט און ערשט דע־מאָלט באַגריפֿן די ראָלע, וואָס די אידישע פֿרויען אין חיפה און אפֿשר

אויך אין אַלע אַנדערע פלעצער, וואו שלאַכטן זיינען אָנגעגאַנגען, האָבן געשפּילט אין דער מלחמה און אין דעם ענדגילטיקן זיג.

עס איז באמת געווען אַ וואונדערבאַרער אָוונט. וואָס אַ סך פון אונז וועלן אים לאַנג, לאַנג געדענקען.

און אַזוי האָט זיך געענדיקט אונזער שבת — דער ערשטער טאָג אין חיפה.

דעם צווייטן טאָג, זונטאָג, האָבן מיר געהאַט אַ גאַנץ גרויסן פּראָגראַם. אינדערפרי זיינען מיר אַרויפגעפאָרן אויף דעם כרמל־באַרג צו באַזוכן אַ קינדערהיים, וואָס ווערט אויסגעהאַלטן פון די פּיאָנערן פרויען פון קאַנאַדע און פון אַמעריקע.

דאָס איז איינער פון די שענסטע קינדערהיימען, וואָס די גרויסע פּיאָ־נערן פרויען אָרגאַניזאַציע האַלט אויס.

די שיינע און גאַנץ גרויסע געביידע איז אויפגעבויט געוואָרן מיט די פאָנדן, וואָס זיינען צוזאַמענגעקליבן געוואָרן פון קאַנאַדער פרויען. אין דער היים געפינען זיך איצט 140 קינדער אין עלטער פון נאָר וואָס געבוירענע ביז זעקס יאָר.

די קינדער קומען פון דריי קוואַלן: קינדער־יתומים, קינדער, וואָס מען קען ניט טרויען די עלטערן זיי צו דערציען און קינדער פון היימען, וואָס די עלטערן אַרבעטן שווער צו פאַרדינען אויף ברויט און האָבן ניט קיין צייט זיך אָפּצוגעבן מיט זייער דערציאונג.

אונזערע דעלעגאַטן און ספּעציעל די פרויען, וואָס זיינען שטאַרק פאַר־אינטערעסירט אין דער פרויען פּיאָנערן אָרגאַניזאַציע, האָבן באַזוכט אַלע צימערן, וואו די קינדער געפינען זיך איינגעאָרדנט אין גרופּן, לויט זייער עלטער, גאָר יונגינקע ברעקעלעך ביז זעקס יאָר.

די ריינקייט פון די צימערן און ווי אַזוי די קינדער ווערן געהאַלטן און אָפּגעהיטן, איז אַזאַ, וואָס אימפּאָנירט און דאַרף זיין דער שטאָלץ און סאַטיספאַקציע פאַר די פרויען, וואָס גיבן אַוועק אַזוי פיל צייט, געלט און אַרבעט, אַז דאָס זאָל מעגלעך ווערן.

**
*

מיר האָבן פאַרלאָזן דאָס הויז מיט דעם געפיל, אַז די גרויסע פרויען פּיאָנערן אָרגאַניזאַציע פאַרדינט די הילף און שטיצע פון יעדן איינעם.

צום חיפה׳ער פּאָרט זיינען מיר צוגעפֿאָרן מיטאָג־צייט און דאָרט פֿאַרבראַכט כמעט דעם גאַנצן האַלבן טאָג.

אַזוי גיך ווי די באָסעס, וואָס האָבן אונז געפֿירט דורך אַ ספּעציעלער דערלויבעניש, זיינען אַריינגעפֿאָרן אין די טויערן פֿון פּאָרט, זיינען מיר באַגעגנט געוואָרן דורך אַ פּאָרט־באַאַמטן, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אונז אַרומצופֿירן, ווייזן און דערקלערן אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו דעם האַפֿן.

צוערשט האָט ער אונז דערציילט, אַז עס קומען איצט אַריין אין חיפה׳ער פּאָרט שיפֿן פֿון אַלע פֿריינטלעכע לענדער — לענדער, מיט וועלכע מדינת ישראל האָט אָנגעקניפּט האַנדלס־באַציאונגען.

די גרויסע צאָל שיפֿן, וואָס קומען צו דעם פּאָרט, מאַכן אים שוין אַביסל ענג, און פּלענער ווערן אויסגעאַרבעט דעם פּאָרט אין צייט צו פֿאַרגרעסערן.

אין פּאָרט האָבן זיך אויך געפֿונען אַ פּאָר ישראל־שיפֿן. איינע פֿון זיי, די „הגלילה״, אויף וועלכער מיר זיינען אַלע אַרויפֿגעגאַנגען און געגעסן מיטאָג און אויף איר פֿאַרבראַכט אַ שטיקל צייט.

אָבער איידער מיר זיינען צוגעקומען צו דער „הגלילה״, וועלכע איז געווען געאַנקערט ווייט פֿון ברעג, האָט מען אונז אין אַ קליין שיפֿל אַרומגעפֿירט אַרום פּאָרט און אַרום די גרויסע שיפֿן, וואָס זיינען געווען געאַנקערט — שיפֿן, וואָס אויף זיי האָבן געפֿלאַטערט די פֿאָנען פֿון פֿאַרשיידענע לענדער.

מיר זיינען אויך דורכגעפֿאָרן דורך דער פֿלאָטילע פֿון צעבראָכענע שיפֿלעך, וואָס אויף זיי פֿלעגט מען פֿירן „אומלעגאַלע״ אימיגראַנטן און וואָס די בריטישע מאַנדאַטן־מאַכט פֿלעגט זיי דערנאָך קאָנפֿיסקירן. צווישן זיי געפֿינט זיך די טרויעריק באַרימטע שיף „עקזאָדוס״, וואָס איז וואָכנלאַנג אַרומגעשוואומען מיט 4,000 אידן און מען האָט זיי אינערגעץ ניט אַריינגעלאָזן.

אָט די פֿלאָטילע איז אין אַ צרה׳דיקן צושטאַנד. זיך באַנוצן מיט איר, קען מען, וואַרשיינלעך, ניט. שטייט זי אַלס זכר פֿון דעם קאַמף, וואָס די אידן האָבן אָנגעפֿירט פֿאַר פֿרייער אימיגראַציע קיין ארץ ישראל.

עס איז ווירקלעך געווען אַ פֿריידיקע איבערלעבונג אַרומצופֿאָרן אין דעם גרויסן האַפֿן פֿון מדינת ישראל און זען די ווייס־בלויע פֿאָן מיט דעם מגן־דוד פֿלאַטערן אויף די מאַסטן פֿון די שיפֿן. ספּעציעל אימפּאָנירט,

ווען מען זעט צום ערשטן מאָל די גרויסע פּירעקיקע אידישע אותיות אויףביידע עקן פון די שיפן.

פאַר די, אָבער, וואָס זעען דאָס טאָג טעגלעך, איז דאָס אַוודאַי ניט קיין נייעס און ספּעציעל די, וואָס זיינען באַשעפטיקט ביי דעם האַפן, איז דאָס אַ טעגלעכע רוטין.

מען דאַרף אָבער ניט זיין קיין גרויסער סטראַטעג אָדער פּאָליטיקער צו פאַרשטיין, ווי וויכטיק דער פּאָרט איז פאַר דער מדינה. דאָס איז די טיר צו דער אויסערלעכער וועלט דורך וועלכער עס קומען אַריין אַלע פּראָדוקטן, וואָס די מדינה דאַרף האָבן צום לעבן. אויסערדעם איז דער האַפן אַ קוואַל פון איינקונפט און גיט איצט שוין באַשעפטיקונג צו אַרום 5,000 אָנגעשטעלטע און אַרבעטער.

מען קען דעריבער לייכט פאַרשטיין וואָרום די חיפה׳ער אידן זיינען אַזוי שטאָלץ מיט דעם טייערן פאַרמעגן און ווי אַזוי זיי ווילן דאָס פאַרמעגן אָפּהיטן, אַז עס זאָל, חלילה, קיין בייז ניט געשען.

איז עס שוין איצט ניט קיין סוד פאַר קיינעם, אַז מדינת ישראל פאַרמאָגט אויך אַ קריגס-פלאָט, וואָס איז גרייט צו יעדער צייט צו פאַרטיידיקן דעם האַפן און די ברעגן פון דער מדינה. אָבער וועגן דעם רעדן די פּאָרט-באַאַמטע ווייניק. וואָס עס איז אָפן פאַר דעם אויג פאַר די, וואָס באַזוכן דעם פּאָרט, איז דער האַנדלס-פלאָט, וואָס קורסירט קיין איראָפּע און אויך איבער דעם אַטלאַנטיק.

נאָכדעם ווי מיר האָבן פון קליינעם שיפל באַטראַכט דעם האַפן און זיינע שיפן, זיינען מיר דורך אַ שמאָלן לייטער (טרעפּ, וואָס ווערן אויפגעהאָנגען אויף אַ שיף, ווען מען דאַרף אויף איר אַרויפגיין, ווען זי שטייט ווייט פון ברעג) אַרויף צו דער ישראל-שיף „הגלילה“, וועלכע איז געווען צוגעגרייט אָפּצופאָרן, דאַכט זיך, קיין פראַנקרייך, אַרויפצונעמען און ברענגען עטלעכע הונדערט נייע אימיגראַנטן קיין ישראל.

די שיף ווערט איצט אויסשליסלעך באַנוצט פאַר דעם צוועק. זי האָט שוין ביז איצט, פון דער צייט אָן, ווען זי איז געקויפט געוואָרן דורך דער אידישער אַגענטור, געמאַכט 64 אַזעלכע רייזעס און געבראַכט איבער 55 טויזנט עולים קיין ישראל.

די שיף, פּונקט ווי אַ פּאָר אַנדערע אַזעלכע שיפן, האָבן היגטער זיך אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע, ווי אַזוי מען האָט זיי געקויפט און איינגעשפּאַנט

אין דער אַרבעט צו פירן אידן קיין ארץ ישראל. איצט באַלאַנגען די שיפן צו אַ שיף־געזעלשאַפט, אין וועלכער די הסתדרות האָט אַ חלק און וועט מן הסתם מיט דער צייט אויסוואַקסן צו אַ באַדייטנדיקן האַנדלס־פלאָט.

אַ פאָרשטייער פון דער שיפס־געזעלשאַפט, מיט דעם קאַפּיטאַן און ערשטע אָפיצירן פון דער שיף, האָבן אונז געזאָגט ברוכים הבאים, און אונז מכבד געווען טאַקע מיט אַ גאָר געשמאַקן מאָלצייט.

אַ סך פון אונז האָבן זיך געריבן די אויגן און ניט געקענט גלויבן, אַז דאָס איז אַ ווירקלעכקייט און ניט קיין פאַנטאַזיע. אַ גרויסע שיף, וואָס אויף איר פלאַטערט די אידישע פאָן און רופט זיך „הגלילה", אַ אידישע שיפס־געזעלשאַפט מיט אַ אידישן קאַפּיטאַן און אָפיצירן, קורסירט פראַנק און פריי אויף די ימים צו ברענגען אידן אין דער פרייער אידישער מדינה. ווער פון אונז וואָלט עס געגלויבט, אַז דאָס וועט מעגלעך זיין?

זיינען מיר טאַקע געזעסן אַרום די טישן, זיך צוגעהערט צו די רייד פון דעם קאַפּיטאַן און פון דעם פאָרשטייער פון דער שיפס־געזעלשאַפט און האָבן ביי זיך געטראַכט, אַז מיר אַליין, און אונזער דור, זיינען עפּעס די אויסדערוויילטע, וואָס אויף אונזער גורל איז אויסגעפאַלן דאָס צו דער־לעבן און מיט עפּעס העלפן דאָס צו פאַרווירקלעכן.

מיר האָבן פאַרלאָזן די שיף מיט אַ געפיל פון דאַנקבאַרקייט צו דער שיפס־געזעלשאַפט, צו דעם קאַפּיטאַן און מאַנשאַפט, און ועל כולם — צו דער הסתדרות, וואָס האָט דעם טור מעגלעך געמאַכט.

מיר זיינען צוריקגעפאָרן צו אונזער האָטעל פאַר אַביסל רו, ווייל אויף אונז האָט נאָך געוואַרט אַן אָפּשידס־אָוונט, וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרן פון די חיפה'ער חברים מיט אבא חושי, דעם ראש העיריה, אַלס הויפּט־רעדנער.

דער צאתכם־לשלום־אָוונט איז פאָרגעקומען אין אַ האָטעל. אונזער דעלעגאַציע איז געזעסן צווישן וויכטיקע געסט און חברים, וועלכע האָבן געקענט אָפּשפּאָרן צייט צו אונז צו קומען. מען דאַרף אויך געדענקען, אַז דורך דער צייט, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אין ישראל, ספּעציעל די לעצטע צען טעג, זיינען אָנגעגאַנגען די זיצונגען פון ציוניסטישן קאָנגרעס אין ירושלים, און גאָר אַ סך פירנדיקע חברים פון דער הסתדרות און פון דער רעגירונג, וואָס וואָלטן אַוודאי געווען געקומען צו אונזערע אויפנאַמעס און אָפּשידס־אָוונטן, זיינען געווען פאַרנומען און אונז ניט געקענט זען.

די חושיס אָבער, אבא און זיין פרוי און זייער זון, וועלכער שטודירט אין אַ „נעיוועל אַקאַדעמיע״, זיינען געקומען צום אָוונט אונז ווינטשן אַ פּאָר־געזונט.

נאָכדעם ווי עס איז סערווירט געוואָרן אַ גאָר נישקשה׳דיקער מאָלצייט, האָבן פאָרשטייער פון אונזער דעלעגאַציע האַרציק באַדאַנקט די חיפה׳ער חברים פאַר זייער גאַסטפריינטלעכקייט און פאַר דעם, וואָס זיי האָבן אונז געגעבן די מעגלעכקייט צו זען חיפה, דעם פּאָרט, דעם וויזיט ביי די דרוזן און אַלע אַנדערע אינסטיטוציעס, אויף וועלכע אַ סך גרעסערע און פון לאַנג איינגעפונדעוועטע שטעט וואָלטן געקענט שטאָלץ זיין.

אבא חושי, דער מעיאָר פון שטאָט, האָט פאַרענדיקט דעם אָוונט מיט אַ גרוס, וואָס ער האָט דורך אונזער דעלעגאַציע געשיקט צו אַלע פריינט און הסתדרות־עסקנים אין אַמעריקע. „פאַר אייער הילף ביז איצט — האָט ער




ישראל מרום, הויפּט דירעקטאָר פון די הסתדרות פּאַך־שולן, באַגריסט דער טרעיד יוניאָן דעלעגאַציע וואָס איז געווען אַ טייל פון דער דריטער הסתדרות פאָלקס דעלע־גאַציע, ביי דער דערעפענונג פון אַ ביבליאָטעק אין דער אינטערנעשאָנאַל טרעיד סקול אין חיפה אויפן נאָמען פון דוד דובינסקי. עס זיצן פון לינקס צו רעכטס: דוד סיגאַל, איזידאָר לעדערמאַן, לואיס היימאַן, אייזיק העמלין, מאָו פאַליקמאַן און יוסף ברעסלאָו. דער צווייטער פון רעכטס איז מעיאָר אבא חושי.

געזאָגט — דאַנקען מיר אייך. מיר האָבן מיט אייער שותפות אַ סך דערגרייכט און וועלן אויף ווייטער אייך ניט אַנטוישן, אין דעם בין איך זיכער".

פּאַרטיק געוואָרן מיט דער אויפנאַמע, זיינען מיר אַלע אַרויפגעפאָרן אויף דעם הר הכרמל, אויף אַ געוויסן פּלאַץ, וואָס ווערט אָנגערופן פּאַנאָ־ראַמע. דאָס איז אַ זייט פון באַרג, וואָס אין אָוונט, ווען אַלע עלעקטרישע ליכטער זיינען אָנגעצונדן, שטעלט דאָס פאָר אַ פּראַכטפול און גראַנדיעז בילד. פון דעם פּלאַץ קען מען זען די גאַנצע שטאָט, דעם האַפן, די שיפן, וואָס זיינען געאַנקערט אין פּאָרט אאַז"וו.

אָט אויף דעם פּלאַץ האָט די שטאָט חיפה ניט לאַנג געעפנט אַ פּאַרק, וואו יונגע, פאַרליבטע פּאָרלעך פאַרברענגען די אָוונטן.

זיינען מיר אַלע געשטאַנען און זיך ניט געקענט זאַט אָנקוקן פון דעם פאַנטאַסטישן בילד. אבא חושי איז געווען צווישן אונז און אָנגעדייטעט אויף יעדן פּונקט און פּלאַץ און געזאָגט וואָס דאָס איז. ווייט אין ים, וואו עס האָבן געפינטלט אַ פּאָר פייערלעך, האָט ער אונז געזאָגט, אַז דאָרט געפינען זיך אידישע פישער־שיפלעך, וואָס כאַפּן פיש דורך דער גאַנצער נאַכט.

ווען מיר זיינען אַראָפּגעפאָרן פון באַרג און געקומען צו די האָטעלן, איז שוין געווען גאַנץ שפּעט, אָבער מיר האָבן זיך באַדאַרפט צוגרייטן פאַר־אינדערפרי צו פאַרלאָזן חיפה און זיך אומקערן קיין תל־אָביב.



# אין די פאַבריקן פון חיפה — נתניה — דאָס קאָנוואַלעסן הויז אין נתניה — „בית בערל״ אין כפר־סבא

אײדער מיר האָבן פאַרלאָזן חיפה, וואו מיר האָבן פאַרבראַכט זייער אינטערעסאַנטע דריי טעג, האָבן מיר באַזוכט די גרויסע גלאָז־פאַבריק „פעניציע״, וועלכע רעכנט זיך איצט פאַר איינע פון די גאָר גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין ישראל.

דאָס איז אַן אונטערנעמונג פון „סולל־בונה״, וואו עס ווערט אויסגעאַרבעט גלאָז פאַר פענצטער־שויבן, וואָס ווערט איצט אַזוי פיל גענוצט פאַר געביידעס און הייזער אין ישראל. אויך גלעזער צום טרינקען און איבערהויפּט פלעשער פאַר זאַפטן און סאָדע־וואַסער, וואָס דאָס איז אַ וויכטיקער טרונק אין דעם הייסן קלימאַט.

עס וואָלט, נאַטירלעך, געווען ביז גאָר אינטערעסאַנט פון עקאָנאָמישן און געזעלשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט צו וויסן איינצלהייטן ווי אַזוי די גרויסע אונטערנעמונג אָפּערירט; וואָסערע זיינען די „אָבאָראָטן״ און פּראָפיטן אאַז״וו. אָבער וועגן דעם האָט דער, וואָס האָט אונז אַרומגעפירט, גאָרניט דערציילט. משמעות, אַז עס איז ניט מעגלעך אַריינצוגיין אין אַזעלכע איינצלהייטן, ווען מען פירט אַרום אַזאַ גרויסע גרופּע מענטשן. ניט אַלעמען אינטערעסירן אַזעלכע פראַגן. מערסטע פון אונזערע דעלעגאַטן האָבן געוואָלט זען די גרויסע קעסלען, וואו עס קאָכט זיך די לויזע מאַסע, וואָס ווערט דערנאָך אָפּגעקילט און פאַרוואַנדלט אין גלאָז.

איז, ווייסן מיר ניט די פינאַנציעלע ציפערן פון „פעניציע״: צי די אונטערנעמונג ברענגט אַריין פּראָפיטן צי ניט, אָבער פון דעם וואָס מיר האָבן געזען אין דער אויסברייטערונג און פאַרגרעסערונג פון דער פאַבריק, זיינען מיר זיך משער, אַז דאָס דאַרף זיין אַ גאַנץ דערפאָלגרייך געשעפט.

גאָר גרויסע נייע געביידעס ווערן איצט פאַרענדיקט. די געביידעס, וואָס מען בויט איצט צו, זיינען גרעסערע און דאַרפן געבן מער פּלאַץ ווי די אַלטע.

איניקע פון אונז האָבן געפרעגט פונוואַנען „פעניציע״ קריגט די מאַטעריאַלן פאַר דעם גלאָז, ספּעציעל די גאָר גרויסע הורבעס מיט זאַמד, וואָס מיר האָבן געזען, און וואָס ווערט געמישט מיט עפּעס אַנדערע כעמישע

מאַטעריאַלן צו מאַכן דאָס גלאָז. האָט מען אונז געענטפערט, אַז דאָס זאַמד קומט פון בעלגיע. האָט עס אונז געוואונדערט, אַז זאַמד, וואָס עס איז, דאַכט זיך, דאָ אין אַזעלכע גרויסע מאַסן אין מדינת ישראל, זאָל מען דאַרפן פירן פון בעלגיע. איז דער תירוץ אָבער, אַז די ישראל׳דיקע זאַמד איז ניט דין און פיין גענוג, אַז מען זאָל זי קענען נוצן צו מאַכן דערפון גלאָז. אָבער, האָט אונז דער פאַרשטייער, וואָס האָט אונז אַרומגעפירט געזאָגט, אַז אין נגב האָט מען שוין איצט געפונען פּונקט אַזאַ דינעם זאַמד, וואָס מען וועט קענען נוצן פאַר דעם צוועק. און ווי מיר האָבן שפּעטער געהערט, וועט „סולל־בונה" טאַקע בויען אַ גלאָז־פאַבריק, ווי „פעניציע", אין נגב, און נוצן די דאָרטיקע זאַמד, אַז מען זאָל עס ניט דאַרפן שלעפּן קיין חיפה.

עס פאַרשטייט זיך, אַז די מערסטע פון אונז, וואָס זיינען קיינמאָל אין קיין גלאָז־פאַבריק ניט געווען, קענען ניט וויסן ווי „עפּישענט" די פאַבריק ווערט פאַרוואַלטעט און איר פּראָדוקטיוויטעט, אין פאַרגלייך מיט פאַבריקן פון דעם סאָרט אין אַנדערע לענדער. עס וואָלט אויך געווען ביז גאָר אינ־טערעסאַנט צו וויסן איינצלהייטן פון די פאַרדינסטן פון די אַרבעטער און די בענעפיטן, וואָס זיי קריגן, אַרבעטנדיק פאַר „סולל־בונה", וואָס איז אַן אונטערנעמונג פון דער הסתדרות. אָבער, ווי שוין געזאָגט, זיינען אַזעלכע איינצלהייטן שווער צו קריגן, ווען מען געפינט זיך צווישן אַזאַ גרויסער גרופּע מענטשן און ווען דערצו נאָך איז גאָר די צייט שטאַרק באַגרענעצט.

האָבן מיר זיך געמוזט צופרידנשטעלן מיט באַטראַכטן די גרויסע געביי־דעס, די מאַשינעריע און די אַקטיוויטעט פון דער גרויסער אינדוסטריעלער אונטערנעמונג פון „סולל־בונה" — דער בוי־קאָאָפּעראַטיוו פון הסתדרות —און שפּאַצירן ווייטער.

עס איז אויך געווען אין אונזער פּראָגראַם צו באַזוכן די „פאַונדרי" וואולקאַן, די טעקסטיל־פאַבריקן, דעם קאַיזער־פרעיזער אויטאָ־אַסעמבלי פּלענט, אָבער די צייט איז שוין געווען קורץ, ווייל מיר האָבן פאַרווײלט אַביסל לענגער אין „פעניציע".

האָבן מיר פאַרלאָזן חיפה אויפן וועג קיין תל אָביב, אָפּשטעלנדיק זיך אין נתניה פאַר מיטאָג, און דערנאָך אַ באַזוך אין „בית בערל", וואָס געפינט זיך אין כפר־סבא, איידער מיר זיינען אָנגעקומען קיין תל אָביב.

איך מיין, אַז גאָר אַ סך, וואָס אינטערעסירן זיך מיט ארץ ישראל, האָבן פון צייט צו צייט געהערט דעם נאָמען נתניה. דאָס איז אַ שטעטעלע, וואָס

געפינט זיך ביים ים, געגרינדעט אויפן נאָמען פון דעם אַמעריקאַנישן פּראָ־מינענטן איד און פילאַנטראָפּ נייטען שטראַוס.

אַ צייט לאַנג איז נתניה געווען באַוואוסט מיט דעם, וואָס דאָרט האָט זיך געפונען אַ גרויסע דימענטן־אינדוסטריע. אין דער צייט פון דער נאַצישער אָקופּאַציע פון בעלגיע, איז אַ טייל פון דער דימענטן־אינדוסטריע, וואָס איז געווען אין אידישע הענט, אַריבערגעפירט געוואָרן אַהער, אין נתניה. עס איז אפילו געווען אַ צייט, ווען די דימענטן־שלייפעריי אינדוסטריע האָט געהאַט באַשעפטיקט גאָר אַ גרויס צאָל אַרבעטער.

ווי גרויס די אינדוסטריע איז איצט, איז פאַר אונז שווער צו דערגיין. אָבער אַפילו איצט איז דאָס די הויפּט־אינדוסטריע פון נתניה.

נתניה מאַכט ווירקלעך זייער אַ שיינעם איינדרוק. די הייזער, די גאַסן און דער ברעג ים זעען אויס ווי אַ שטעטעלע אין פלאָרידע. אונזער דעלע־גאַציע האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ קליינעם האָטעל, וואו מיר האָבן געגעסן מיטאָג. אייניקע פון אונז האָבן זיך געבאָדן אין ים, און מיר זיינען דערנאָך צוגעפאָרן צו אַ רו־פּלאַץ פון קופּת חולים, וואו מיר האָבן פאַרבראַכט אַ קורצע צייט און זיך צוגעהערט צו אַ פאָרשטייער, דערציילנדיק אונז ווי אַזוי דער רו־פּלאַץ איז געגרינדעט געוואָרן און ווי אַזוי ער ווערט פאַרוואַלטעט.

נתניה, האָט ער געזאָגט, איז פון אָנהויב געווען שטאַרק קעגן אָרגאַני־זירטע אַרבעטער. איצט געפינען זיך דאָ 10 טויזנט מיטגלידער פון דער הסתדרות. עס זיינען פאַראַן אַרבעטער־קוואַרטאַלן, הסתדרות־שולן און די באַפעלקערונג איז פאַרדרייפאַכט געוואָרן. נייע עולים קומען אַריין און דערוויייל איז ניטאָ קיין אַרבעטסלאָזיקייט.

וואָס אָנבאַלאַנגט אָט דעם שיינעם רו־פּלאַץ פון קופּת־חולים, האָט אונז דער חבר דערציילט, אַז יעדער מיטגליד צאָלט אַ געוויסע סומע געלט און איז באַרעכטיקט צו אַ געוויסער צייט פון יאָר פאַר אַזאַ וואַקאַציע.

עס איז געווען זייער אָנגענעם פאַר אונז אַלע דאָ צו פאַרברענגען. מיר זיינען געזעסן באַקוועם אין אַן אָפענעם פּלאַץ, ניט ווייט פון ים, פונוואַנען עס האָט געבלאָזן אַ קיל ווינטעלע, אַרומגערינגלט מיט שיינע ביימער, גראָז און בלומען. אַ סך פון די וואַקאַציעניקעס — מיטגלידער פון דער הסתדרות, וואָס האָבן זיך דאָ געפונען, זיינען געזעסן מיט אונז און שטאַרק הנאה געהאַט פון רעציטאַציעס, פאָרגעטראָגן פון דעם געוועזענעם מיטגליד פון אידישן קונסט־טעאַטער, סווערדלאָוו. דער פּלאַץ און די אַטמאָספער

איז געווען אַזאַ אָנגענעמע, אַז סוורדלאָוו האָט וואָלונטירט צו רעציטירן אַפילו מער ווי מען האָט פון אים פאַרלאַנגט.

און אַזוי האָט זיך געענדיקט אונזער באַזוך אין נתניה און מיר זיינען מיט אונזערע באָסעס אַריינגעפאָרן אין כפר סבא, אין דער לערן־אינסטיטוציע, וואָס הייסט „בית בערל״.

„בית בערל״ איז אַ קאָלעדזש אָדער סעמינאַר, געגרינדעט אין יאָר 1947, אויפן נאָמען פון דעם פאַרשטאָרבענעם לערער פון חלוציזם און אַרבעטער־ציוניזם — בערל קאַצענעלסאָן. דער דאָזיקער אינסטיטוט פונקציאָנירט שוין אַרום דריי יאָר און האָט פאַר זיין אויפגאַבע צו לערנען און שטודירן סאָציאַלע וויסנשאַפטן.

עס איז דער געדאַנק פון פילאָזאָפיע פון חלוציזם און אַרבעטער־ציוניזם, וואָס די גרינדער פון „בית בערל״ האָבן איין זינען צו פאַרשפּרייטן און איינפלאַנצן אין ישראל, אַלס שטייגער פון לעבן — אַ לעבן פון אַרבעט, אויף גערעכטע יסודות; ניט צו ווערן עקספּלואַטירט און ניט צו עקספּלואַטירן יענעם. אויף אַזאַ שטייגער זיינען געגרינדעט די דאָרפישע קבוצות און קיבוצים, און אַזאַ לעבן ווילן די אידעאָלאָגן פון דעם געדאַנק, אויך



בעת דעם באַזוך אין „בית־ברל״ אין כפר סבא. חבר אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ דערציילט צו די מיטגלידער פון דער דריטער פאָלקס דעלעגאַציע וועגן די גרויסע אויפטוען פון דעם בערל קאַצענעלסאָן סעמינאַר.

איינפירן אין אַלע קאָאָפּעראַטיוון, סיי אַגריקולטורעלע דאָרפישע, און סיי אינדוסטריעלע אין די שטעט און דערפער. צו דערציען לערער צו שטודירן די ספּעציפישע לעבנס־באַדינגונגען פון ישראל, האָבן זיי אין „בית בערל" קורסן, וואו יונגעלייט, וואָס אינטערעסירן זיך אין אַזאַ שטודיום, קומען אַהער לערנען.

דורך די זומער־מאָנאַטן, ווען די קאַלעדזשעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען געשלאָסן, האָט מען אין „בית בערל" איינגעפירט ספּעציעלע זומערדיקע קורסן פאַר סטודענטן, וואָס קומען אַהער שטודירן.

אַזוי, צום ביישפּיל, איז שוין דעם צווייטן זומער, אַז עס קומען אין „בית בערל" סטודענטן פון ניו־יאָרק אוניווערזיטעט און ווען מיר זיינען געווען אין ישראל האָבן אַרום 120 סטודענטן מיטן פּראָפעסאָר קאַטש בראש, געלערנט אין „בית בערל" און זיינען צוריקגעפאָרן איין טאָג פריער, איידער מיר זיינען געקומען קיין כפר סבא.

אונז האָט ווירקלעך לייד געטאָן, וואָס מיר האָבן זיך אַביסל פאַרשפּע־טיקט מיט אונזער באַזוך און ניט געקענט באַגעגענען די סטודענטן, וואָס זיינען אַהער ספּעציעל געקומען צו לערנען די מאָדערנע סאָציאַלע איינריכ־טונגען פון ישראל.

אָבער צו באַטראַכטן די אינסטיטוציע, די שיינע געביידעס, די קאָליר־פולע לאַנדשאַפט אַרום, איז באמת ווערט די אָנשטרענגונג. עס מאַכט לגמרי ניט דעם איינדרוק פון אַ קאַלעדזש „קעמפּוס", וואָס מיר זיינען געוואוינט צו זען אין אַמעריקאַנער קאַלעדזשעס. די נידעריקע, איין שטאָקיקע געביי־דעס, געבויט פון צעמענט און מאַרמאָר, די גלאַטע סטעזשקעס, וואָס פירן צו די געביידעס און די פאַרשידנפאַרביקע בלומען, פאַרכאַפּן דאָס אויג אַזוי, אַז איר דענקט, אַז דאָס איז עפּעס פּריוואַטע ווילעס פון רייכע גוט־באַזי־צער אָדער אינדוסטריעלע מיליאָנערן. בלויז איין הויכע געביידע פון עטלעכע עטאַזשן, וואָס שטייט אין אַ זייט דייטעט אָן, אַז דאָס מוז זיין אַן עפנטלעכע אינסטיטוציע.

דאָס איז די געביידע פון דער נייער ביבליאָטעק, אויפגעבויט פון די שייוועס פון דעטראָיט, און איבערגעגעבן אַלס מתנה צו „בית בערל".

די דאָזיקע אימפּאָזאַנטע געביידע, וועלכע פאַרמאָגט אַ סך לעזע־ און שטודיר־צימערן און אַ גרויסן זאַל פאַר לעקציעס, איז אָפיציעל דערעפנט געוואָרן אַ פּאָר טעג פאַר דער דערעפענונג פון ציון־קאָנגרעס אין ירושלים.



„בית בערל" אינסטיטוט

פֿאַר די, וואָס האָבן באַזוכט „בית בערל" אין 1948, און איך בין געווען איינער פֿון זיי, איז באמת געווען אַ פֿרייד צו זען די אויסברייטערונג פֿון דעם אינסטיטוט, די נייע געביידעס, וואָס זיינען דורך דער צייט אויפֿגע־שטעלט געוואָרן און די, וואָס ווערן איצט פֿאַרענדיקט. עס איז צוגעקומען מער לעקציע־זאַלן, שטודיר־צימערן און „דאָרמיטאָריס".

אַז די פֿירער פֿון הסתדרות זיינען שטאַרק פֿאַראינטערעסירט אין דעם דערפֿאָלג און פּראָגרעס פֿון „בית בערל", איז איבעריק צו זאָגן. די אינסטיטוציע איז אַ קינד פֿון זייער געדאַנק, צו לערנען און שטודירן די פֿילאָזאָפֿיע פֿון דעם לעבנס־שטייגער, וואָס זיי פּרעדיקן, איז דער קאָלעדזש באַשאַפֿן געוואָרן. אין דער גרינדונג האָבן זיך באַטייליקט די גייסטיקע פֿירער פֿון דער הסתדרות, מיט דעם געוועזענעם בילדונגס־מיניסטער, זלמן שזר (רובאַשאָוו), בראש, און דוד בן גוריון איז איינער פֿון די פֿילע לעק־טאָרן פֿון דעם קאָלעדזש. ביי דער אָפֿיציעלער אויפֿנאַמע, האָט חבר סאָראָקע, איינער פֿון די פֿאַרוואַלטערס, אונז איבערגעגעבן, אַז זיי האָפֿן מיט דער צייט צו עפֿענען קורסן פֿאַר אַנטראָפּאָלאָגישע פֿאָרשונגען. די נייע עולים, וואָס קומען אַהער פֿון אַזוי פֿיל לענדער, זיינען אַ גוטער און גינסטיקער מאַטעריאַל פֿאַר אַזאַ שטודיום. אָבער פֿאָרלויפֿיק זיינען זייערע געלט־מיטלען באַשרענקט און זיי קענען ניט אויסברייטערן די קורסן ווי זיי וואָלט זיך געוואָלט. ער האָט זיך אויך באַנוצט מיט דער געלעגנהייט צו בעטן די חברים פֿון דער דעלעגאַציע צו שאַפֿן פֿאָנדן אין אַמעריקע פֿאַר דעם אינסטיטוט, אַז ער זאָל קענען פֿונקציאָנירן ווי עס באַדאַרף צו זיין.

## רחובות — נגבה — מיט די בעדואינער אין נגב

צוריק אין תל־אביב, וואו מיר האָבן באַדאַרפט פאַרבלייבן אַ וואָך צייט ביז אונזער אָפּפאָרן אַהיים, האָט מען אונז איינקוואַרטירט אין די האָטעלן און אונז געגעבן אַ גאַנצן פרייען טאָג, אָן אָפיציעלע וויזיטן און אויפנאַמעס, אַזוי אַז יעדער איינער האָט געהאַט צייט צו גיין וואו ער האָט געוואָלט, צו באַזוכן פריינט און משפחה, און טאָן וואָס איינער וויל.

דאָס האָט אונז געגעבן אַ געלעגנהייט אַרומצופאָרן און אַרומצושפּאַצירן אין תל אָביב, באַטראַכטן די מעטראָפּאָליע פון מדינת ישראל, וואָס איז אין די לעצטע פאָר יאָר אַזוי שטאַרק אויסגעוואַקסן, ספּעציעל, ווען מען רעכנט אויך צו יפו, וואָס איז באַלד נאָך דעם קריג געוואָרן אַ טייל פון תל אָביב.

האָט זיך אַ גרויסער טייל פון אונזערע 60 דעלעגאַטן און דעלעגאַטינס אָפּגעטיילט און איז אַוועקגעגאַנגען אין די די קראָמען צו זוכן מתנות און סואווענירס צו ברענגען אַהיים פון ארץ ישראל.

און דאָ מוז מען, ליידער, זאָגן, אַז אין די קראָמען איז בעת מיין באַזוך אין ישראל געווען זייער ווייניק סחורה, וואָס טוריסטן זיינען בעלנים צו קויפן אַלס מתנות צו ברענגען אַהיים.

איך ווייס פון דערפאַרונג, אַז אין אַנדערע לענדער, וואו עס קומען אַ סך אַמעריקאַנער טוריסטן, זיינען די קראָמען אָנגעפּאַקט מיט סחורה און מיט צאַצקעס פון דעם סאָרט, צוגעגרייט ספּעציעל פאַר די טוריסטן. עס איז גענוג, למשל, אַריינצוגיין אין פּאַריז, אין דער גרויסער דעפּאַרטמענט־סטאָר „גאַלערי לאַפאַיעט״, צו זען ווי דאָס געשעפט איז אַלעמאָל, אין זומער סעזאָן, געפּאַקט מיט אַמעריקאַנער, וואָס קויפן און לאָזן איבער שווערע טויזנטער דאָלאַרס פאַר סחורה, וואָס זיי פירן אַהיים קיין אַמעריקע. אַזוי איז אויך אין דער שווייץ, איטאַליע און אַנדערע לענדער.

אַז די אידישע טוריסטן, וואָס באַזוכן ארץ ישראל וואָלטן ליבערשט אויסגעגעבן זייער געלט אין דער אידישער מדינה, איז ניט שווער צו באַגרייפן — ווען עס וואָלט נאָר געווען סחורה וואָס צו קויפן.

עס קען זיין, אַז דער מאַנגל אין אַזעלכע אַרטיקלען, האָט אויך צו טאָן מיט דעם פּראָבלעם פון אויסלענדישער וואַלוטע: דער מאַנגל אין דאָלאַרן

אָדער אַנדער אויסלענדיש געלט, וואָס מען דאַרף האָבן אַזאַ סחורה אַרײַנ־צופֿירן, אָדער די רוי־מאַטעריאַלן אויף אויסצואַרבעטן די סחורה.

ווי די זאַך זאָל ניט זײַן, צוליב וואָס פֿאַר אַ סיבה דאָס איז, דער פֿאַקט איז, אַז אונזערע דעלעגאַטן און טוריסטן אין אַלגעמיין האָבן זיך באַקלאָגט, אַז עס איז ניט געווען וואָס צו קויפֿן.

עס איז ווירקלעך געווען קאָמיש צו זען, ווי אונזערע מענטשן האָבן געקויפֿט יאַרמעלקעס, מזוזות, טליתים, אַבי עפּעס צו ברענגען אַהיים פֿון ישראל. אייניקע, וואָס האָבן ניט געהאַט צופֿיל באַגאַזש, ווײַל מער ווי 60 פֿונט צו אַ פּאַסאַזשיר ווערט פֿון די „עיר לאַינס" ניט דערלויבט און פֿאַר מער דאַרף מען שוין צאָלן עקסטראַ, האָבן געקויפֿט פֿלעשער ברענדי און קאָניאַק, וואָס ווערט אין ישראל פּראָדוצירט פֿון אַ זייער גוטן סאָרט און עס איז דאָ לרוב.

פֿאַר מענטשן מיט אַן אויג פֿאַר געשעפֿט, איז זייער לײַכט צו באַגרײַפֿן און אָפּשאַצן די פּאָטענצן פֿון טוריסטיק. וואָס פֿאַר אַ קוואַל פֿון אײַנקונפֿט דאָס וואָלט געקענט זײַן פֿאַר דער מדינה, ווען די אַלע זאַכן, ווי האָטעלן, שפּײַז און סחורה פֿאַר סאָוועניִרס, וואָלטן צוגעגרייט געוואָרן ווי עס באַדאַרף צו זײַן.

אין די טעג, וואָס מיר זײַנען ניט אַרומגעפֿאָרן, איז דער האָטעל ירקון, דאָרט, וואו די מערסטע פֿון אונזער דעלעגאַציע זײַנען אײַנגעשטאַנען, געווען באַלאַגערט פֿון פֿרײַנט און משפּחה פֿון די דעלעגאַטן און פֿון סתם אידן און פֿרויען, וואָס האָבן עמיצן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. זיי זײַנען געקומען זיך נאָכפֿרעגן און אפֿשר אָפּנעמען עפּעס אַ גרוס.

אַזוי, למשל, זײַנען געקומען ארץ ישראל'דיקע אָפּנעמען אַ גרוס פֿון עמיצן, וואָס זיי האָבן אין לאָס אַנדזשעלעס אָדער אין סאַן פֿראַנציסקאָ, ווען אַפֿילו קיינער פֿון יענער קאַליפֿאָרניער געגנט איז ניט געווען אין אונזער דעלעגאַציע.

די גרויסע וועראַנדע און די „לאָבי" זײַנען געווען אָנגעפֿילט מיט באַזוכער, און עס האָט געקאָכט און געזשומעט, ווי אין אַ בינשטאָק די גאַנצע צײַט, וואָס מיר זײַנען פֿאַרבליבן אין תל אָביב און ניט געדאַרפֿט אַרויספֿאָרן פֿון שטאָט.

אָבער לאַנג אָן אַן אַרויספֿאָר האָבן מיר ניט געקענט בלײַבן, ווײַל עס איז נאָך געווען אין דער פּראָגראַם אַ פּאָר לענגערע רייזעס: אַ רייזע אין

נגב, וואָס נאָר אפילו צו פאָרן ביז באר שבע נעמט אַ גאַנצן טאָג, און נאָך אַמאָל קיין ירושלים, צו אַ זיצונג פון ציוניסטישן קאָנגרעס, און צו דער אָפיציעלער אויפנאַמע פון די דעלעגאַטן פון דעם קאָנגרעס אין דעם גן־השושנים. דאָס איז געווען בן גוריונ׳ס אויפנאַמע, וואו אויך אונזער דעלע־גאַציע איז איינגעלאַדן געוואָרן.

דערווייל וועגן דער רייזע אין נגב: אַרויסגעפאָרן זיינען מיר גאַנץ פרי דורך דעם דרום־וועג, וואָס פירט דורך אייניקע עלטערע ישובים, ווי נחלת יהודה, ראשון לציון, רחובות און גדרה.

אונזער „מדריך״ גיט איבער אין קורצן די געשיכטע פון די ישובים; ווען און ווי אַזוי זיי זיינען געגרינדעט געוואָרן, וואָס פאַר אַ ראָלע זיי האָבן געשפּילט אין דער קאָלאָניזאַציע, און זייער אָנטייל אין דעם אַראַבישן קריג.

לענגער אָבער שטעלט ער זיך אָפּ און דערציילט וועגן רחובות. רחובות איז געגרינדעט געוואָרן אַלס מושב אויף פּריוואַטן לאַנד אין יאָר 1890. די קאָלאָניע איז זיך באַגאַנגען אָן הילף פון באַראָן ראָטשילד און זיין אַדמיניסטראַציע. די קאָלאָניסטן האָבן דאָ געפונען אַ גוטן און פרוכטבאַרן באָדן און גענוג וואַסער, וואָס איז אַזוי נויטיק פאַר „פאַרמינג״. רחובות האָט די ערשטע צייט צוגעצויגן אַ סך נייע קאָלאָניסטן, און הונדערטער האָבן דאָ געפונען אַרבעט אין די גרויסע ציטרוס־גערטנער, וואָס זיינען פאַר אַ לאַנגער צייט געווען די הויפּט אַגריקולטורעלע אונטערנעמונגען. זיי האָבן אויך אַנטוויקלט וויינטרויבן־גערטנער און אַנדערע פאַרם־פּראָדוקטן.

ניט מיט דעם אַליין אָבער צייכנט זיך אויס רחובות. רחובות איז באַוואוסט מיט דעם, וואָס דאָרט געפינט זיך דער נאַציאָנאַל־פאָנד אַגריקול־טורעלער אינסטיטוט און פאָרשונגס־צענטער. דאָ, אין דעם אינסטיטוט, ווערן אויסגעפאָרשט און עקספּערימענטירט מעטאָדן ווי צו פאַרבעסערן און מאַכן אינטענסיווער די אַגריקולטורעלע פּראָדוקטן, וועלכע זיינען צו־געפאַסט צום באָדן פון בערגיקע און טאָל־געגנטן. דער צענטער דינט אויך אַלס פאַקולטעט פאַר דעם העברעאישן אוניווערזיטעט, וואו עס פאַרפערטיקן זיך אַגראָנאָמען און ספּעציאַליסטן פאַר פאַרמעריי.

רחובות איז אויך דער פּלאַץ, וואו עס געפינט זיך דער זיץ־אָרט פון וויצמאַן־וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. דער וויצמאַן־אינסטיטוט איז געווען אונטער דער דירעקטער אויפזיכט פון פּראָפעסאָר חיים וויצמאַן, דער פּרעזידענט פון מדינת ישראל.

דאָ, אין דעם ווייצמאַן־אינסטיטוט, גיט איבער אונזער „מדריך“, ווערט געפּאָרשט כעמיע, ביאָלאָגיע און די טעכניק, וואָס קאָן צוגעפּאַסט ווערן צו דעם קלימאַט און ספּעציפֿישע אייגנשאַפֿטן פֿון ארץ ישראל׳דיקן באָדן. ד״ר חיים ווייצמאַן אַליין האָט זיין ווילע אין רחובות, טאַקע ניט ווייט פֿון דעם ווייצמאַן־אינסטיטוט.

צום באַדויערן האָבן מיר זיך ניט געקענט אָפּשטעלן און באַזוכן דעם זיץ־אָרט פֿון ווייצמאַן־אינסטיטוט, ווייל די צייט האָט דאָס ניט דערלויבט. האָבן מיר זיך געמוזט באַגנוגענען מיט דעם, וואָס אונזער „מדריך“ האָט אונז איבערגעגעבן וועגן רחובות און זיינען געפֿאָרן ווייטער.



מיטגלידער פֿון דער דריטער הסתדרות פֿאָלקס דעלעגאַציע באַזוכן דעם איראַק סואידאָן פּאָליציי סטיישאָן לעבן נגבה.

מיר זיינען שוין געווען אַוועק פֿון באַפֿעלקערטע ישובים און זיינען אַרויף אויף פֿלאַכן לאַנד. דורכפֿאָרנדיק דעם שייד־וועג, וואו פֿון איין זייט ציט ער זיך קיין ירושלים און פֿון דער אַנדערער זייט — צו עזה און דער עגיפּטישער גרענעץ.

ישובים זיינען אין דער געגנט דאָ וויייניק. נאָר דאָ און דאָרט ווייזן זיך עטלעכע הייזקעס, אַביסל גרינס מיט אַ פּאָר ביימער — אַ סימן, אַז פּיאָנערישע הענט האָבן זיך שוין צוגערירט צום פֿאַרטריקנטן באָדן, אים צו באַאַרבעטן און באַלעבן.

און אָט האָט זיך פון דער ווייטנס געגומען ווייזן אַ גרעסערער ישוב: בוימער, הייזער און אַ וואַסער־טורעם. און ווייטער אַוועק פון דער זידלונג זעט זיך אַ גרויסע געביידע — איינע פון די פּאָליציי־הייזער, וואָס די ענגלענדער האָבן אויפגעבויט אין סטראַטעגישע פונקטן פון לאַנד.

אונזער „מדריך" האָט אונז מודיע געווען, אַז דאָס איז נגבה, און אַז די גרויסע געביידע, וואָס ווייזט זיך דאָרטן, איז געווען איינע פון די פעסטונגען וואָס די ענגלענדער האָבן אויפגעבויט אין סטראַטעגישע פונקטן פון לאַנד. און דאָס איבערגעגעבן צו די עגיפּטער, וועלכע האָבן פון דעם פונקט אַ לאַנגע צייט אַטאַקירט נגבה און זיך געוואָלט דורכרייסן צו דעם וועג פון תל אָביב און ירושלים.

אין נגבה האָבן מיר פאַרווײַלט אַ לענגערע צייט. אונזער דעלגאַציע איז געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דעם, וואָס אַ חבר פון נגבה האָט דערציילט, וועגן דעם אויפקום פון קיבוץ, זיין אַנטוויקלונג און דעם עפּישן קאַמף, וואָס די העלדישע נגבה׳ער חברים האָבן אָנגעפירט אָפּצוהאַלטן די אַריינדרינגנדיקע אַראַבישע אַרמייען.

פאַר וואָכן האָבן די עגיפּטער און איראַקער געגאָסן פייער אויף דעם קיבוץ. זיי האָבן באַדאַרפט אויסשטיין מערדערלעכע אַטאַקעס פון די אַריינ־דרינגערס. זייער גאַנץ האָב און גוטס איז צעשטערט און פאַרניכטעט געוואָרן און 24 יונגע חברים פון קיבוץ האָבן פאַרלוירן זייערע לעבנס.



ביים בית־עולם אין נגבה. משה ורדי גיט איבער איינצלהייטן וועגן דעם היסטאָרישן קאַמף אַרום נגבה.

פון טיפע אויסגעגראָבענע קאַנאַוועס (טרענטשעס) האָבן די העלדישע פאַרטיידיקער פון נגבה געענטפערט מיט פייער אויף פייער, ווען עס האָט אויסגעפעלט קוילן און ביקסן, האָבן זיי זיך באַנוצט מיט פלעשער בענזין און אַזוי ארום פאַרטריבן דעם שונא און דערמיט געראַטעוועט דעם אויסגאַנג פון קריג.



מיט בעדואינישע קינדער אין נגב אויפן וועג קיין באר שבע.

דער חבר וואָס האָט אונז דערציילט וועגן דער עפּיק פון נגבה, איז אַליין שטאַרק פאַרוואונדעט געוואָרן און טראָגט אַ צייכן — אַ צייכן, וואָס וועט פאַר אים דערציילן די געשיכטע זיין גאַנץ לעבן — אַן אָפּגעריסענע האַנט.

דער ליכטיקער פּונקט אין דער טרויעריקער געשיכטע, וואָס מיר האָבן אויסגעהערט איז, וואָס די ווירטשאַפט פון נגבה איז שוין כמעט רעסטאַווירט געוואָרן. פאַר מיר און מיין פרוי איז געווען ספּעציעל אָנגענעם צו זען אין משך פון די צוויי יאָר האָבן זיי אויפגעשטעלט אַ סך נייע הייזער, פאַר די קינדער און פאַר די דערוואַקסענע מיטגלידער פון קיבוץ. די מערסטע פון די אויסגעגראָבענע קאַנאַוועס, וואָס מיר האָבן דעמאָלט געזען, זיינען שוין פאַרשאָטן און בוימער, בלומען און גרינס באַצירן דעם ישוב פון אַלע זייטן.

נאָכדעם ווי מיר זיינען צוגעפאָרן צום בית־עולם, אָפּצוגעבן כבוד די געפאַלענע גיבורים, וועלכע האָבן אָפּגעגעבן זייערע לעבנס פאַר מדינת ישראל און פאַר דעם כבוד פון דעם אידישן פאָלק, האָבן מיר פאַרלאָזן נגבה מיט דעם געפיל, אַז מיר האָבן געטראָטן אויף הייליקער ערד — ערד, וואָס האָט געמאַכט געשיכטע, געשיכטע, וואָס וועט געלערנט און שטודירט ווערן און וועט בלייבן אין זכרון פון אידישן פאָלק לדור דורות.

מיר זיינען אַרויסגעפאָרן און זיך פאַרנומען אויף דעם וועג טיפער אין נגב. דעסטינאַציע — באר שבע. מיר האָבן זיך בלויז אָפּגעשטעלט ביי דער פּאָליציי פעסטונג, איראַק־סואידאַן, וועלכע איך האָב שוין פריער דערמאָנט, צו



באַגעגעניש מיט בעדואינער וואַנדערער אין נגב

באַטראַכטן די געביידע. עס איז גענוג צו כאַפּן אַ בליק אויף די ווענט, כדי צו האָבן אַ באַגריף, וואָס פאַר אַ פאַרביטערטע שלאַכטן דאָ זיינען געפירט געוואָרן. די דיקע ווענט זיינען צעלעכערט פון די קוילן — קלענערע קוילן פון ביקסן און גרעסערע לעכער פון האַרמאַטן־קוילן. משמעות, אַז אויך דער שונא האָט קיין האָניק ניט געלעקט. די נגבה'ער גיבורים האָבן, זעט אויס, צוריקגעצעטפערט מיט פייער, וואָס האָט דעם שונא ענדלעך פאַרטריבן.

די פעסטונג, ווען זי וואָלט אַזוי געשטאַנען ניט רעפּאַרירט, וואָלט געווען אַ גוטער מאָנומענט — אַ זכר פון דער נגבה'ער העראָאישקייט. אָבער מיר האָבן אין דעם אַריינגאַנג שוין באַמערקט, אַז די געביידע ווערט רעמאָנטירט און איבערגעבויט. מען בויט פון אינעווייניק און מן הסתם וועט מען דאָס אויך טאָן פון דרויסן. צוויי סאָלדאַטן־שומרים, וואָס היטן די געביידע האָבן אונז געזאָגט, אַז דאָס רעפּאַרירט מען די געביידע און זי וועט וואַרשיינלעך באַנוצט ווערן פאַר אַ מיליטערישער צענטראַלע פון יענער געגנט.

מיר זיינען ווייטער געפאָרן אויף דעם גאַנץ גוטן וועג, וואָס איז דורכגעשניטן אויף דער פלאַכער ערד — ערד, פאַרטריקנטע אָן גראָז אָדער בוים, וואָס זאָלן אָפּהאַלטן אָדער פאַרשטעלן די ברענענדיקע שטראַלן פון

דער זון. נאָר אין גאַנץ געצײלטע און װײט־זײטיקע פלעצער פון שאָסיי באַמערקט מען אָנהײבן פון ישובים. דער סימן איז אַ פּאָר הײזקעס אָדער ביידלעך און אַביסל גרינס שײנט אַרויס, אַזוי ווי אַן אָאַזיס אין דעם גרויסן מדבר פון פאַרטריקנטקייט.

די פּאָטענצן פון די גרויסע שטרעקעס לאַנד פון נגב זײנען לעת עתה ניט באַוואוסט פאַר דעם גרויסן עולם. דער נגב, ווי מען גיט אָן, איז נאָך אַלץ אין דער סטאַדיע פון אויספאָרשונג און אונטערזוכונג.

דורך דער קורצער צייט, זינט דער נגב איז דעראָבערט געוואָרן, האָט מען שוין געהערט פון גרויסע און קאָלאָסאַלע מעגלעכקייטן. מען האָט, בעת אונזער באַזוך אין ישראל, אונז געגעבן אָנצוהערן, אַז אין נגב געפינט זיך אײזן, קופּער, אויל און אַ סך אַנדערע רוי־מאַטעריאַלן, וואָס וועלן דער־מעגלעכן אַ גרויסע אינדוסטריע, און בעת מיר גײען צום דרוק, האָט מען שוין געמעלדן וועגן קופּער־מינעס, וואָס מען האָט דאָרט געפונען.

דערווייל אָבער אַלץ, וואָס אַ טוריסט אָדער דורכפאָרער קען זען, איז — גרויסע שטרעקעס פאַרוויסטע ערד, אָן וועלכע עס איז פלאַנצן.

דאָס מיינט ניט צו זאָגן, אַז דאָס וועט זיין דער שיקזאַל פון נגב; אַז מען וועט אים אַזוי איבערלאָזן. מיר קענען ניט זען קיין גרויסן פּראָגרעס דערפאַר, ווייל דאָס איז אַ ריזיקע אַרבעט, עס פאָדערט זיך צוערשט גרויסע צוגרייטונגס־מיטלען — ווי באַוואַסערונג. אויף דעם געביט אַרבעט שוין די



מיט די בעדואינישע קינדערלעך אין נגב אויפן וועג קיין באר שבע

„מקורות"־געזעלשאַפט, וואָס ציט זיך דורך גרויסע וואַסער־רערן (פּאַיפּס), כדי אהין צו ברענגען וואַסער. דאָס ברענגען פון וואַסער, ווערט געוויס העלפן אין דער אַנטוויקלונג פון די ריזיקע שטחים.

מיר האָבן זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן צו באר שבע און האָבן אויף דעם וועג אָנגעטראָפן אַ קעמפּ פון בעדואינער. דער לאַגער איז באַשטאַנען פון עטלעכע זייער נידעריקע, שמוציקע ביידלעך, עטלעכע גמלים (קעמלען) זיינען אַרומגעגאַנגען און גענישטערט און געזוכט אַ גרעזל, אַ פּאָר ציגן, וואָס זיינען אויך געווען באַשעפטיקט אין זוכן עפּעס צו קייען. אונזערע באָסעס האָבן זיך אָפּגעשטעלט צו באַטראַכטן דעם נאָמאַדן־לעבן פון די מענטשן און נעמען אַ פּאָר בילדער



ביים אַריינגאַנג צום בית־החיל אין באר שבע מיט דעם מעיאָר טוביהו

די הויפּט־אַטראַקציע אָבער איז געווען אַ קליין בעדואינער מיידעלע, וואָס איז צו אונז צוגעלאָפן און געבעטן באַקשיש. דאָס קינד איז געווען אָנגעטאָן אין עטלעכע טראַנטעס, וואָס אויף זיי איז געווען אַ פּוד שמוץ. אָבער איר פּנים׳ל און די שוואַרצע אויגן, האָבן בלי ספק געקענט אָנרעגן איינעמס פאַרשטעלונג, ווי אַזוי דאָס מיידעלע וואָלט אויסגעזען, ווען מען וואָלט זי אַרומגעוואַשן און אָנגעטאָן אין לייטישע מלבושים...

ווען אונזער גרופּע האָט זיך צופרידנגעשטעלט מיט די בילדער, וואָס זיי האָבן פון דעם קעמפּ גענומען, האָבן מיר פאַרגעזעצט די רייזע און זיינען אָנגעקומען קיין באר שבע.

# באר־שבע — מגדל־גד — אַ באַזוך אין דער פאַבריק „סרגון״ אין כפר־סבא

ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין באר־שבע איז שוין געווען לאַנג צייט צו עסן מיטאָג. זיינען מיר צוערשט צוגעפאָרן צו אַ רעסטאָראַן, וואו אַלץ איז געווען גרייט אונז צו סערווירן — שפּייז, וואָס איז פון פריער פאַר אונז באַשטעלט געוואָרן.

איך בין ניט זיכער ווער עס זיינען די אייגנטימער פון רעסטאָראַן, צי דאָס איז אַ פּריוואַטע אונטערנעמונג, אָדער עס באַלאַנגט צו אַ קאָאָפּעראַטיוו. איך ווייס אויך ניט, צי די פאַרוואַלטונג איז די זעלבע פון פאַר צוויי יאָרן, ווען מיר זיינען דאָרט געווען מיט דער ערשטער דעלעגאַציע. אָבער איך מוז זאָגן, אַז מיר זיינען באמת געווען אָנגענעם איבערראַשט צו זען, אַז דער רעסטאָראַן איז אָן אַן ערך ריינער, ווי ער איז געווען דעמאָלט, און אַפילו די פליגן, וואָס האָבן אונז דעמאָלט פאַרביטערט דאָס לעבן און אונז ניט געלאָזט נעמען די שפּייז אין מויל אַריין, זיינען אויך פאַרשוואונדן. משמעות, אַז זיי נוצן איצט אַ מיטל, וואָס פאַרטרייבט זיי פון רעסטאָראַן.

זייענדיק טאַקע אַביסל הונגעריק, ווייל עס איז שוין געווען אַ היפּשע פּאָר שעה, זינט מיר האָבן געהאַט געגעסן, האָבן מיר הנאָה געהאַט פון די שפּייזן, ספּעציעל פון דעם קאַלטן ביר, וואָס איז דאָ געווען צו קריגן פאַר אונז, דורשטיקע וואַנדערער.

אין דעם רעסטאָראַן איז געקומען דער מעיאָר פון באר שבע אונז צו באַגעגענען און זאָגן אונז ברוכים הבאים. דער מעיאָר איז אויך געוואָרן אונזער „מדריך״. ער האָט אונז אַרומגעפירט און געוויזן ווי אַזוי באר־שבע בויט זיך און אונז דערציילט וואָס זיי דענקען דאָ צו מאַכן. מיר האָבן געזען צענדליקער הייזער, קלענערע און גרעסערע, אין פּראָצעס פון בויען. און ווען זיי וועלן פאַרטיק ווערן, וועט באר שבע האָבן אַן אַנדער אויסזען, ניט נאָר אַנטקעגן דעם אויסזען פון אברהם אָבינו׳ס צייטן, נאָר אַפילו פון די לעצטע יאָרן, ווען די ענגלענדער זיינען דאָ געווען די בעלי־בתים.

די פּאָטענצן פון דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט איז איצט אַוודאַי ניט אָפּצושאַצן. שוין איצט איז די באַפעלקערונג אויסגעוואַקסן פון 4 טויזנט

מענטשן, ווען מיר זיינען דאָ געווען אין 1948, צו 20 טויזנט איצט. אויב דער נגב וועט אַנטוויקלט ווערן, לויט דעם וואָס עס ווערט געזאָגט און אָנגעגעבן, וועט באר־שבע אין דעם שפּילן אַ גרויסע ראָלע און וועט זיין איינע פון די גאָר גרויסע שטעט פון דער אידישער מדינה.

דער מעיאָר טוביהו, א איד, וואָס רעדט אַ זאַפּטיקן אידיש, האָט אונז איבערגעגעבן אַביסל געשיכטע פון דער שטאָט מיט די זיבן ברונימער, פון דער צייט, ווען די טערקן האָבן דאָ געוואָלט מאַכן אַ צענטער פאַר בעדואינער שבטים, ביז דער צייט פון דער מאַנדאַטן־הערשאַפט און דער דעראָבערונג פון דער אידישער מדינה. ער האָפט, אַז מיט דער צייט וועט דאָ אויפגעשטעלט ווערן אַן אינדוסטריע, וואָס וועט צוציען אַ גרויסע באַפעלקערונג.



אין דעם נייעם געגנט פון באר שבע וואו הייגט געפינען זיך שוין צענדליקער נייע הייזער

פאַרטיק געוואָרן צו באַטראַכטן די מאָדערנע באר שבע, זיינען מיר צוגעפאָרן צו דעם „בית החיל", וואָס געפינט זיך אין באר שבע און ווערט גענוצט פון דער ישראל־אַרמיי פון דער געגנט פאַר רו און צעשטרייאונג. אָט דער „בית החיל", אָדער ווי זיי רופן עס אין ענגליש „קאַנטין", איז אויפגעשטעלט לויט דעם פּלאַן און מוסטער פון הייזער, וואָס מיר האָבן געהאַט אין אַמעריקע, די „יו. עס. אָ." אין דער צייט פון דער צווייטער מלחמה.

אין דער גרויסער געביידע איז דאָ אַ ביבליאָטעק מיט ביכער פאַר די סאָלדאַטן צו לייענען, און אויך אַ גרויסער זאַל מיט אַ בינע פאַר טעאַטער־פאָרשטעלונגען און מואַווים.

אין דעם „בית החיל", ווי אויך אין די, וואָס געפינען זיך אין אַנדערע געגנטן, איז שטאַרק פאַראינטערעסירט אונזער ליבער חבר יוסף באַראַץ. צו אַלע אַנדערע אַקטיוויטעטן, וואָס באַראַץ האָט, זייענדיק אַ פירער פון דגניה,

אַ מיטגליד פון דער כּנסת, און אַן אַ שיעור אַנדער׳ע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייטן, איז יוסף באַראַץ דער פֿאָטער פון די הייזער פֿאַר סאָלדאַטן.

מען דאַרף ניט האָבן קיין צו גרויסע פֿאָרשטעלונגס־קראַפֿט צו פֿאַרשטיין, וואָס עס מיינט פֿאַר די סאָלדאַטן, וועלכע געפֿינען זיך אין באַראַקן אָדער קאַזאַרמעס אין פֿאַרוואָרפֿענע געגנטן, אַ הויז, וואו זיי קענען פון צייט צו צייט זיך אַריינכאַפּן פֿאַר אַביסל רו, לייענען אַ בוך אָדער אַ צייטונג און אַמאָל אויך זען אַ מאָווי.

דעריבער טאַקע רעדט באַראַץ מיט יעדן, וואָס ער דענקט, אַז זיי קענען העלפֿן אויפֿצוהאַלטן אָט די קאַנטינען. ניט נאָר געלט איז נויטיק דערפֿאַר, נאָר אויך ביכער אויף אידיש, ענגליש און העברעאיש, פֿאָנאָגראַף־רעקאָרדס, פון קלאַסישער און פּאָפּולערער מוזיק אאַז״וו.

אַ גרויסן אָנטייל אין אויסשטאַטן אָט די הייזער האָט גענומען פרעד מאַנאַסאָן פון באָסטאָן. ער האָט אַריבערגעשיקט אַ סך קאַסטנס מיט מעבל און די אַלע אויסגערעכנטע זאַכן פֿאַר די „בתי חיל״, ווייל די הייזער אויסצוהאַלטן איז ניט די דירעקטע פונקציע פון דער רעגירונג. מיר דאַכט, אַז אַפילו אין אַמעריקע, האָט די רעגירונג דירעקט ניט אויסגעהאַלטן די „יו. עס. אָ.״, נאָר זיי זיינען פֿינאַנסירט געוואָרן פון פּרייוואַליקע באַשטייערונגען.

עס וואָלט דעריבער געווען זייער אַן אָנגעלייגטע מתנה פֿאַר יוסף באַראַץ און פֿאַר די סאָלדאַטן פון ישראל, ווען פריינט און חברים פון אַמעריקע זאָלן זיך פֿאַראינטערעסירן אין דער אויסשטאַטונג און אויפֿהאַלטונג פון די זייער וויכטיקע סאָלדאַטן־הייזער אין ישראל.

אונזער דעלעגאַציע האָט פֿאַרבראַכט אין דעם „בית החיל״ אַ לענגערע צייט. מיר האָבן זיך אָפּגערוט און אָפּגעקילט פון דער ברענענדיקער היץ און פֿאַרלאָזן באר שבע, אויף דעם וועג קיין תל אָביב.

געפֿאָרן זיינען מיר דורך דעם צפון־וועג, פֿאַרביי ניר־עם, דער צענטער פון דער באַוואַסערונג־סיסטעם פון נגב אין דער געזעלשאַפֿט „מקורות״ און זיך אָפּגעשטעלט אין מגדל גד. דער צפון׳דיקער וועג איז אַ תחום שבת פון דער עגיפּטישער גרענעץ, וואו עס געפֿינט זיך עזה. אַהין, צום נגב, אין באר שבע, זיינען מיר געפֿאָרן דורך אַן אינעווייניקסטן וועג, וואָס איז טאַקע ניט לאַנג געעפֿנט געוואָרן, כּדי ניט צו נוצן דעם וועג, וואָס איז אַזוי נאָענט צו עזה, וואו עגיפּטער קענען דורך פֿאַרגרעסערונגס־גלעזער זען אַלץ, וואָס עס גייט אָן אין דעם טייל פון דער אידישער מדינה.

אונזער „מדריך" האָט פון דער געגענט געהאַט צו דערציילן אַ סך אינטערעסאַנטע היסטאָרישע געשיכטעס, וועגן די מלחמות, וואָס די אידן האָבן געפירט מיט די פלישתים, ווי דלילה האָט פאַרנאַרט שמשון הגיבור, אים באַרויבט פון זיין גרויסער קראַפט און אים דערנאָך איבערגעגעבן צו די פלישתים אין די הענט אַאַז"וו. ער האָט אונז דערציילט, ביז מיר זיינען גע־קומען אין דעם שטעטל מגדל גד.

מגדל גד איז אַלעמאָל געווען אַן אַראַבישער ישוב, אידן זיינען דאָ כמעט גאָרניט געווען. און אַפילו נאָכדעם ווי די עגיפּטער זיינען באַזיגט געוואָרן, און מגדל גד איז געוואָרן אַ טייל פון דער אידישער מדינה, האָט מגדל גד געהאַט זייער אַ סך אַראַבער. אָבער עס זעט אויס, אַז די געבליבענע אַראַבער האָבן זיך ניט געפילט זייער באַקוועם אין דער אָנוועזנהייט פון אַזוי פיל אידן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן באַזעצן אין דער געגנט, האָבן זיי זיך אין אַ שיינעם טאָג אַלע אויפגעהויבן און זיך אַריבערגעפּעקלט אין דער דערבייאיקער עזה, צו זייערע אַראַבישע ברידער.

די אידן, נאַטירלעך, האָבן גאָרניט געהאַט אויסצוזעצן קעגן דעם אַריבערפּעקלען זיך. און אַזוי איז מגדל גד געוואָרן אַראַבער־ריין. מען האָט אונז, אגב, אויך דערציילט, אַז אַ סך פון זיי האָבן געוואָלטיק חרטה, פאַרוואָס זיי האָבן מגדל גד פאַרלאָזן, און וואָלטן זיך גערן אומגעקערט צוריק, ווען זיי וואָלטן נאָר געקענט.

אָבער אויב מגדל גד איז געוואָרן ריין פון אַראַבער, וואָלט איינער, וואָס איז ניט אָריענטירט אין דער איצטיקער אימיגראַציע אין ישראל, אַוודאַי ניט געוואוסט פון וואָס פאַר אַ פאָלק, אַפילו ניט פון וואָס פאַר אַ ראַסע־די מענטשן זיינען, וואָס האָבן אָנגעפילט די מגדל גד'ער גאַסן.

מיר האָבן געזען פאַר זיך אַן אמת'ן דור הפלגה. אידן מיט טונקעלע פּנים'ער ווי מולאַטן, אייניקע מיט גרויסע בלאָנדע בערד, וואָס קומען וואַרשיינלעך פון פוילן, אָדער פון טשעכאָסלאָוואַקיע. און פון דעם טונקעלן סאָרט זיינען די טיפן אויך פאַרשידענע. זיי אַלע האָבן אָנגעפילט די גאַסן און געסלעך מיט ווייבער און קינדער. עס איז שוין קענטיק געווען נאָך דער אַרבעט, אַזוי, אַז אפילו די, וואָס זיינען באַשעפטיקט ביי וועלכער עס איז אַר־בעט זיינען שוין אויך געווען צוריק אין דער גאַס.

אויף אַ וואַנט, ניט ווייט וואו אונזערע באָסעס האָבן זיך אָפּגעשטעלט, איידער מיר זיינען אַריינגעגאַנגען אין אַ קאַפע צו הערן אַ באַגריסונג פון



אין איראַק סואידאן פּאָליציי סטיישאָן לעבן נגבה

אַ הסתדרות־פאָרשטייער פון מגדל גד, האָבן מיר באַמערקט אַ גרויסן פּלאַ־קאַט (פּאָסטער) אויפגעקלעפּט און דווקא אויף אידיש, וואו עס ווערט דער־ציילט, ווי אַזוי בן גוריון און מפא״י פאַרקויפן מדינת ישראל צו דעם אימ־פּעריאַליסטישן פּרעזידענט פון אַמעריקע, טרומאַן. אָט דער „פּאָסטער״ איז אַן איבערבלייבעכץ פון די וואַל־קאַמפּן, וואָס די קאָמוניסטן האָבן אָנגע־פירט אין ישראל.

מיר האָבן אויסגעהערט דעם הסתדרות־פאָרשטייער, וואָס ער האָט גע־האַט צו זאָגן וועגן דעם וואוקס פון מגדל גד. ער האָט אונז אויך געוואָלט אַרומפירן און ווייזן דאָס שטעטל און די דערבייאיקע געגנטן, אָבער עס האָט אָנגעהויבן צו ווערן שפּעט און אונז האָט זיך שטאַרק געוואָלט וואָס גיכער קומען צוריק אין די האָטעלן אין תל אָביב, זייענדיק אויסגעמאַטערט פון דער אָנגעשטרענגטער רייזע פון נגב.

זיינען מיר בלויז צוגעפאָרן כאַפּן אַ בליק אויף אַ נייער, זייער וויכטי־קער אונטערנעמונג, וואָס האָט ניט לאַנג אָנגעהויבן פונקציאָנירן אין מגדל גד. דאָס איז אַ פאַבריק, וואָס מאַכט וואַסער־רערן (פּאַיפּס), וואָס ביז איצט האָט דאָס פאַר אַ זייער וויכטיקן אַרטיקל פאַר ישראל, באַדאַרפט אַריינגעפירט ווערן פון אויסלאַנד.

וועגן אַזאַ אינדוסטריעלער אונטערנעמונג האָט מען שוין אַ לאַנגע צייט צוריק גערעדט אין ישראל. איצט, ווען דער פּלאַן איז רעאַליזירט געוואָרן און די פֿאַבריק אַרבעט שוין, איז דאָס, נאַטירלעך, אַ פֿרייד פֿאַר יעדן אין ישראל.

מיר האָבן באַטראַכט די פֿאַבריק פֿון דרויסן און שוין געזען אַ סך גרויסע רערן, וואָס זיינען געלעגן אינדרויסן פּאַרטיק, קענטיק, ערגעץ אַוועק־צושיקן. מיר געזעגענען זיך מיט דעם חבר פֿון הסתדרות און פֿאָרן ווייטער צוריק קיין תל אָביב.

אונזער „מדריך" האָט געצויגן אונזער אויפֿמערקזאַמקייט און אונז דער־ציילט, אַז מיר פֿאָרן איצט אויף דעם זעלבן פֿאַרצייטיקן היסטאָרישע וועג, וואָס די מערסטע אַריינדרינגנדיקע אַרמייען פּלעגן באַנוצן. די רוימער האָבן דעם וועג גערופֿן „וויא מאַריס", און אַז ערשט ניט לאַנג האָבן די עגיפּטער, קעניג פֿאַרוק׳ס אַרמיי, געוואָלט איינגעמען ארץ ישראל דורך דעם זעלבן וועג.

זיי, די שטאָלצע עגיפּטישע לעגיאָנען, האָבן זיגרייך מאַרשירט דורך די אַראַבישע ישובים מיט אַ ברענענדיקער תאווה אַריינצודרינגען אין די אידישע שטעט און זיך טיילן מיט אידישן האָב און גוטס.

אָבער — האָט אונזער „מדריך", מיט שטאָלץ, באַמערקט — אַזוי גיך ווי זיי האָבן זיך געטראָפֿן פּנים אל פּנים מיט די אידישע גיבורים פֿון דער הגנה, האָבן זיי אָנגעהויבן צוריקצולויפֿן אין שרעק. עס האָט זיי ניט געהאָלפֿן זייער גוטע אויסשטאַטונג און מאָדערנע וואָפֿן. די אידישע אַרמיי, וואָס איז געווען פֿריש אָרגאַניזירט און אָן מאָדערנע וואָפֿן, האָט זיי דערלאַנגט קלעפּ און זיי אַריינגעטריבן אין דער פֿאַסטקע פֿאַלודזשע, וואו זיי האָבן געמוזט זיך בעטן פֿאַר אַ וואָפֿנשטילשטאַנד.

מיר האָבן זיך שוין געהאַט דערנענטערט צו תל אָביב, ווען עס איז געוואָרן אַביסל טונקל. די זון האָט שוין געהאַלטן אין פֿאַרגיין. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט פֿאַר אַ קורצן וויזיט אין אַ פֿאַבריק פֿון אונטערוועש, וואָס אַן אַמעריקאַנער איד, יעקב מאַוער, חבר און מיטגליד פֿון נאַציאָנאַלן אַרבעטער־ פֿאַרבאַנד, האָט דאָ ניט לאַנג צוריק געעפֿנט. אייניקע פֿון אונז האָבן געוואָלט באַטראַכטן די פֿאַבריק און זען ווי אַזוי עס ווערט דאָרט גע־אַרבעט.

איך דערצייל דאָס דאָ ניט דערפֿאַר, ווייל מיר האָבן דאָ געזען עפּעס אויסערגעוויינלעכעס אין טעכניק, עפּעס אַזוינס, וואָס איז אַ חידוש פֿאַר

אַן אַמעריקאַנער צו זען. נייִן, נאָר צוליב דעם, כדי אַרויסצוברענגען אַ פּונקט וועגן פּריוואַטע אונטערנעמונגען און „אינוועסטמענטס" — אַ פֿראַגע, וואָס איז אַזוי אומקלאָר און פֿאַרשאַפֿט אַזאַ צעמישעניש אין די מוחות פֿון אַמע־ריקאַנער אידן, וואָס באַזוכן ישראל און קומען צוריק מיט אַלערליי מעשיות און „סקאַזקעס" וועגן שטערונגען אאַז"וו.

צוליב דער שפּעטקייט פֿון טאָג האָט מען שוין אין דער פֿאַבריק ניט געאַרבעט. די אַרבעטער זיינען שוין געווען אַוועק פֿון דער אַרבעט, אָבער דער בעל הבית, דער אייגנטימער פֿון געשעפֿט, איז נאָך געווען אין פֿאַבריק און מיט אים האָבן מיר געכאַפּט אַ שמועס.



אין דער „סרגון" פֿאַבריק פֿון י. מאוער אין כפר סבא.

די פֿאַבריק, האָבן מיר באַמערקט, איז אויסגעשטאַט מיט די נייעסטע אַמעריקאַנער מאַשינען: ניי־מאַשינען, שנייד־ און פּרעס־מאַשינען, צוגע־פּאַסט צו פֿאַבריצירן אונטערוועש, און אויך אַ פּאָר וועב־מאַשינען, וואָס וועבן דעם צייג, וואָס דערפֿון נייט מען אויף העמדלעך. דאָס איז אַ ווערטיקאַלע איינס (ווערטיקעל יוניט), וואָס מאַכט אַליין דעם מאַטעריאַל, וואָס דערפֿון פֿאַבריצירט מען די העמדלעך.

איז מילא, מאַשינען קען מען אַריינפֿירן. דאָס ווייסט מען דערלויבן יעדן, וואָס וויל אַריינפֿירן מאַשינען געקויפֿט פֿאַר אייגענע געלט. מיר האָט אָבער געוואונדערט וועגן דעם באַנוועל (יאַרן) וואָס פֿון דעם ווערט געוועבט

דאָס צייג פאַר העמדלעך. ווייל דער ענין פּריוואַט־קאַפּיטאַל איז דאָ אַזוי ברענענדיק, איז כדאַי איבערצוגעבן, וואָס דער אייגנטימער, י. מאָוער, דערציילט. און אָט וואָס ער האָט אונז איבערגעגעבן:

„אַ סך ווערט געשריבן דאָ וועגן שטערונגען, וואָס ווערן געמאַכט די אַמעריקאַנער געשעפטס־לייט, וואָס קומען קיין ישראל עפענען געשעפטן. געוויסע אָנקלאַגעס זיינען אמת. מערסטע אָנקלאַגעס זיינען נאָר האַלב אמת און אַ סך אָנקלאַגעס קומען פשוט פון ניט פאַרשטיין די לאַגע אין ישראל. די רעגירונג איז פאַראינטערעסירט צו מאַכן דאָס לאַנד זעלבשטענ־דיק ווי ווייט נאָר מעגלעך. זייענדיק אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט שונאים, איז טאַקע דער חוב פון דער רעגירונג צו זען, אַז אַלץ, וואָס נאָר מעגלעך, זאָל פּראָדוצירט ווערן אין לאַנד גופא.

„נו — אַז אַ מענטש קומט און וויל עפענען אַ קראָם — זאָגט די רעגירונג. אַז היינט צו טאָג האָבן מיר גענוג קרעמער און פאַרמיטלער אין לאַנד. דער אַמעריקאַנער, מיט זיין פּסיכאָלאָגיע, קאָן דאָס ניט פאַרשטיין און ער מיינט, אַז די רעגירונג שטערט אים; ער זעט נאָר דעם יחיד און ניט די גאַנצע לאַגע אין לאַנד. אָבער, ווען איינער קומט עפענען אַ פאַבריק, ווייס איך פון זעלבסט־דערפאַרונג, אַז די רעגירונג ניט נאָר זי מאַכט ניט קיין שוועריקייטן, נאָר, אדרבא, העלפט נאָך צו דעם מענטש אָדער געזעלשאַפט אויפצובויען די פאַבריק.

„ווען איך בין געקומען און פאַרגעשלאָגן, אַז איך וויל עפענען אַ פאַבריק צו מאַכן אונטערוועש, איז די רעגירונג געווען אַזוי צופרידן, אַז זי האָט מיר פאָרגעשלאָגן אַ פּלאַץ אומזיסט. אָבער אַזוי ווי דער פּלאַץ איז מיר ניט געפעלן, האָט מיר די רעגירונג ניט געמאַכט קיין שום שוועריקייטן צו בויען אַ פאַבריק דאָרט וואו איך האָב געוואָלט.

„סרגון" אין כפר סבא ארבעט שוין אַ יאָר און אַ האַלב און פּראָדוצירט אונטערוועש און אויך ווינדלען, וואָס איז שטאַרק נויטיק פאַר דעם לאַנד. פאַרשטייט זיך, אַז דער פּרייז, אַזוי גוט ווי די קוואַליטעט (אַזוי ווי דאָ אין צייט פון קריג), זיינען אונטער דער אויפזיכט פון דער רעגירונג. פונדעסט־וועגן מאַכט די פאַבריק פּראָפיט און גייט פאָראויס. איך ווייס פון דער־פאַרונג, אַז די מענטשן, וואָס האָבן אַן אויפזיכט אויף פּראָדוקציע, זיינען פאַראינטערעסירט, אַז פאַבריקן זאָלן וואַקסן, ווייל זיי ווייסן, אַז וואָס גרעסער

די פּראָדוקציע, אַלץ ביליקער ווערט דער אַרטיקל פֿאַר דעם איינוואוינער פון לאַנד.

„נאָך אַ טענה האָט דער אַמעריקאַנער — אַז די הסתדרות דערלאָזט ניט קיין פּרייוואַט האַנדל און אַז נאָר הסתדרות־געזעלשאַפֿטן קריגן רוי־מאַטעריאַלן. קאָן איך אויך זאָגן פֿון זעלבסטדערפֿאַרונג, אַז דאָס איז ניט אמת. זייענדיק אין ביוראָ, וואו מען גיט אַרויס די דערלויבענישן צו קריגן רוי־מאַטעריאַלן, טרעף איך גאַנץ אָפֿט אַ פֿאַרשטייער פֿון אַ קיבוץ, וואָס האָט אַ שטריק־פֿאַבריק און ער קלאָגט זיך פֿאַר מיר, אַז מען איז ניט יושר׳דיק צו אים... דער פֿאַקט איז אָבער, אַז אין אונדזער בראַנזשע ווערט דער רוי־מאַטעריאַל צעטיילט לויט אַ שליסל, ד״ה, עס איז אויסגערעכנט געוואָרן וויפֿיל יעדער פֿאַבריקאַנט קאָן פּראָדוצירן און ער קריגט אַזוי פֿיל פֿון די רוי־מאַטעריאַלן, וויפֿיל עס קומט אים אויף זיין חשבון פֿון דעם סכום, וואָס עס איז דאָ אין לאַנד.

„אין די איין און אַ האַלב יאָר, וואָס איך אַרבעט אין ארץ ישראל, האָב איך געהאַט אַ סך שוועריקייטן, אָבער איך קאָן דאָס צושרייבן מערסטנס צו דעם פֿאַקט, וואָס מיר האָבן ניט גענוג דאָלאַרן אויף רוי־מאַטעריאַל. דאָס מיינט ניט, אַז איך בין הונדערט פּראָצענט צופֿרידן פֿון אַרבעטן אונטער רעגירונגס־אויפֿזיכט. אָבער וויסנדיק די לאַגע, פֿאַרשטיי איך, אַז אין דעם מאָמענט מוזן מיר אַזוי אַרבעטן אין לאַנד.

„אין „סרגון״ אַרבעטן היינט צו טאָג 45 מענטשן און אַלע קוואַליפֿיצירטע אַרבעטער, וואָס מיר האָבן געמוזט אַליין לערנען. עס איז אינטערעסאַנט, אַז מיר האָבן גענומען מיידלעך און פּרויען, וואָס האָבן קיינמאָל קיין ניי־מאַשין ניט געזען און מיר האָבן זיי געמאַכט פֿאַר ספּעציאַליסטינס־נייטאָרינס. אויך מאַשיניסטן האָבן מיר, וואָס קענען זיך פֿאַרגלייכן מיט דעם בעסטן מאַ־שיניסט פֿון דער גאַנצער וועלט. די צרה איז נאָר, וואָס עס פֿעלן פֿאַבריקן זיי צו באַשעפֿטיקן.

„עס געפֿינען זיך היינט צו טאָג אַ היפּש ביסל אַמעריקאַנער, וואָס האָבן געעפֿנט פֿאַבריקן. איינער וואָס מאַכט מאַטראַצן, אַן אַנדערער — ציגל, נאָך איינער — (ד״ר דוד טענענבוים — וואָס איז געווען אַ ציוניסטישער פֿירער אין ניו יאָרק) — איז איצט אַ וועבער־פֿאַבריקאַנט אין תל אָביב. נאָך איינער, וואָס איז געווען אַ פֿאַבריקאַנט פֿון פּרויען־קליידער אין שיקאַגאָ, האָט איצט

אַ שיינע פאַבריק פון פרויען־קליידער אויך אין תל אָביב. איך האָב אים געטראָפן אין ציפּערן, וואו מיר עקספּאָרטירןביידע סחורות, איך — אונטערוועש און ער — פרויען־קליידער. די שיך־פאַבריק אין ירושלים, איז באַקאַנט אין אַמעריקע. איצט ווערט פאַרטיק די „בולאָוואַ״־פאַבריק. נאָך אַ פאַבריק איז אויפגעשטעלט געוואָרן פון אַ שיקאַגער איד, צו פּראָדוצירן „פּלאָמבינג־סופּלייס״.

„די אַלע אויסגערעכנטע פאַבריקן און פיל אַנדערע, וואָס זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן מיט פּריוואַטן קאַפּיטאַל, אַרבעטן און העלפן דעם אויפבוי פון לאַנד. עס איז מיין טיפסטע איבערצייגונג, אַז ישראל איז אַ לאַנד פון גרויסע מעגלעכקייטן פאַר דער צוקונפט, פאַר אַמעריקאַנער אידן מיט קאַפּיטאַל, וואָס האָבן אונטערנעמונגס־גייסט״.

איך האָב דעם בעל־הבית אַ פרעג געטאָן וואו ער קויפט דעם „יאַרן״, האָט ער מיר געזאָגט, אַז דעם „יאַרן״ קויפט ער אין אַמעריקע. נו, און מיט וועלכע געלט צאָלט איר דערפאַר? — האָב איך ווייטער געפרעגט.

— מיט דאָלאַרן — האָט ער געענטפערט.

— און פאַר וועלכע געלט פאַרקויפט איר אייער אויסגעאַרבעטע סחורה?

— האָב איך אָנגעהאַלטן מיינע פראַגן. און דאָ איז געקומען דער הויפּט־ענטפער, וואָס האָט פאַרשטענדלעך געמאַכט ווי אַזוי דאָס געשעפט אַרבעט:

— מיין סחורה פאַרקויף איך אַזוי: — האָט ער געזאָגט — צוויי דריטל שיק איך קיין ציפּערן (סייפּרוס) און דרום־אַמעריקע, פאַר וועלכע איך קריג אויסלענדיש געלט, וואָס איז אַזוי גוט ווי דאָלאַרן, און איין דריטל פאַרקויף איך אין ישראל פאַר ישראל׳דיקע פונטן. מיט דעם אויסלענדישן געלט קויף איך אין אַמעריקע מיין באַנוול (יאַרן), און מיט דעם ישראל׳דיקן געלט באַצאָל איך מיינע אַרבעטער און די אַנדערע הוצאות, וואָס איך דאַרף פאַר אָנפירן די פאַבריק.

און אַזוי איז די מעשה קלאָר. אַזעלכע אונטערנעמונגען זיינען זייער געוואונטשן. די ישראל־רעגירונג דאַרף ניט אויסלייגן קיין דאָלאַרן, אַז די פאַבריק זאָל קענען אָפּערירן. נאָר פאַרקערט, עס איז אַ גרויסער געווינס פאַר דער מדינה, וואָס עס ברענגט אַריין אַרבעט צו באַשעפטיקן מענטשן און זיי געבן פרנסה.

אין דעם געשעפט איז קיינער ניט קיין שותף. עס איז אַ פּריוואַטע אונ־טערנעמונג. די אַרבעטער זיינען אָרגאַניזירט און באַלאַנגען צו דער הסתדרות.

אונטערנעמונגען, וואָס קענען גאָרניט פֿאַבריצירן פֿאַר עקספּאָרט, נאָר פֿאַר דעם אינעווייניקסטן מאַרק, אָבער דאַרפֿן קריגן די רוי־מאַטעריאַלן אין אויסלאַנד און צאָלן דערפֿאַר מיט אויסלענדיש געלט, איז שוין אַן אַנדער עסק. דאָס איז שוין אַ רעגירונגס־פּראָבלעם, וואָס מוז באַשטימט ווערן פֿון רעגירונגס־אינסטאַנצן, אויף וואָס עס איז נויטיק אויסצוגעבן דאָס אויס־לענדישע געלט: אויף צוקער, ברויט, פֿיש און פֿלייש, אָדער אויף אַרטיקלען וואָס איינער וויל אָדער קען פּראָדוצירן.

ווען אָט די זייער וויכטיקע פּראָבלעמען וואָלטן פֿאַרשטאַנען געוואָרן פֿון די, וואָס ווילן אינוועסטירן אין אינדוסטריעס אין ישראל, וואָלט דאָס פֿאַרשפּאָרט אַזוי פֿיל מעשיות און מיספֿאַרשטענדענישן.



אַ באַזוך אין דער מעברה בת־ים

## צוריק אין ירושלים — ביי דער פייערלעכער אויפ־נאַמע, געגעבן פון פרעמיער־מיניסטער דוד בן גוריון לכבוד די דעלעגאַטן אין גן־השושנים — געזעגענונגס-אָוונט אין „קינג דעיוויד האָטעל״ לכבוד אייזיק העמלין — באַזוך ביים פלענום פון ציוניס־טישן קאָנגרעס

דינסטאָג, דעם 16טן אויגוסט, זיינען מיר געקומען צוריק קיין תל־אביב, נאָך דער רייזע אין נגב, אין באר־שבע. מיר האָבן אַ האַלבן טאָג גערוט און זיך געגרייט פאַר אַ רייזע נאָכאַמאָל קיין ירושלים, צו אַ זיצונג פון ציוניס־טישן קאָנגרעס און צו דער אויפנאַמע פון פרעמיער בן גוריון פאַר די קאָנגרעס־דעלעגאַטן און פאַר אונז, אין דעם „גן השושנים״ (דער גאָרטן פון רויזן).

קיינער פון אונזער דעלעגאַציע, מיט דעם אויסנאַם פון אַ פּאָר פון דער טרעיד יוניאָן גרופּע, וועלכע זיינען מיט אונז געפלויגן אויף איין עראָפּלאַן, איז ניט געווען קיין דעלעגאַט צום ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס האָט זיך געעפנט אין דער לעצטער וואָך פון אונזער זיין אין ישראל.

אָבער צו זיין אַזוי נאָענט צו אַזאַ וויכטיקער און היסטאָרישער פּאַסירונג און אפילו ניט זיין ביי איין זיצונג, וואָלט געווען נאָך ערגער ווי, להבדיל, פאַר פרומע קאַטאָליקן צו זיין אין רוים און ניט באַזוכן דעם פּויפּסט, אָדער כאָטש אָנ־קוקן די סט. פּעטערס קאַטעדראַלע.

איז פאַרשטענדלעך, אַז יעדן פון אונז האָט זיך טאַקע געוואָלט מאַכן די רייזע קיין ירושלים פאַר די צוויי פּאַסירונגען: פאַר אַ זיצונג פון קאָנ־גרעס און פאַר דעם וויזיט אין „גן השושנים״, וואָס האָט געדאַרפט זיין בין מנחה למעריב, איידער עס עפנט זיך די נאַכט־זיצונג פון קאָנגרעס.

האָבן מיר זיך אויסגעפּוצט אין אונזערע פיינסטע מלבושים און, דאַכט זיך, דאָס ערשטע מאָל אָנגעטאָן שניפּסן, זינט מיר זיינען געקומען קיין ישראל, וואָרים זייער ווייניק אין ישראל באַצירן זייער קאָלנערס מיט שניפּסן אין די הייסע זומער־חדשים, ווען יעדעס ברעקל הלבשה איז איבעריק.

אָבער מיר האָבן זיך דאָך געגרייט צו ניט קיין געוויינלעכער אויפ־נאַמע, אָדער באַגעגעניש. עפּעס אַ קלייניקייט, אַן אויפנאַמע פון פרעמיער־

מיניסטער פֿאַר אַזוי פֿיל פּראָמינענטע אידן, וואָס זיינען זיך צונויפֿגעפֿאָרן פֿון אַלע תּפֿוצות, וואו אידן וואוינען, צו אַ ציוניסטישן קאָנגרעס אין ירושלים.

האָבן מיר אַלע, מענער און פֿרויען, זיך פֿאַרפּוצט און זיך אַריינגעזעצט אין די צוויי גרויסע אויטאָבאָסעס, וואָס האָבן אונז אַרומגעפֿירט איבערן לאַנד, און פֿריילעכע און זינגנדיקע זיינען מיר געפֿאָרן אויף דעם שוין אונז באַקאַנטן וועג פֿון תּל־אביב, דורך דעם כּביש הגבורה אין די הרי יהודה, קיין ירושלים.

אַזוי ווי עס איז געווען שוין שפּעטלעך אין טאָג, האָבן מיר זיך אין ערגעץ אין ירושלים, ניט אָפּגעשטעלט, נאָר גלייך געפֿאָרן צום פּלאַץ, וואו עס געפֿינט זיך דער „גן השושנים״.

אַ היפּשע שטרעקע פֿאַר דעם גאָרטן איז געווען פּאָליציי, וועלכע האָט דירעקטירט דעם פֿאַרקער און געהייסן זיך אָפּשטעלן אַ געוויסע שטרעקע פֿון גאָרטן, און פֿון דאָרט האָבן שוין אַלע געדאַרפֿט גיין צופֿוס.

אַריינגעלאָזן אין דעם „גן השושנים״ האָט מען בלויז די, וואָס האָבן געהאַט איינטריט־קאַרטן, און די פּאָליציי איז געווען גאַנץ שטרענג און



בעת דער פֿייערלעכער אויפֿנאַמע לכּבוד דער דעלעגאַציע אין גן שושנים אין ירושלים מיט חבר און חברה זלמן רובאַשאָוו (שזר), אייזיק העמלין, י. פֿייגענבוים און אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ

געמאַכט זיכער, אַז ניט קיין געבעטענע אָדער עפּעס פּאַרדעכטיקע זאָלן אין גאָרטן ניט אַריינקומען.

אַ גרויסע קאַפּעליע (בענד) האָט אויף בלאָז־אינסטרומענטן געשפּילט אָווערטורעס און ישראל־ניגונים, צו אַמוזירן דעם עולם. די דאָזיקע קאַפּעליע —האָט מען אונז געזאָגט — זיינען ניט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלע מוזיקער, נאָר זיי זיינען מיטגלידער פון דער פייערלעשער בריגאַדע פון ירושלים.

עס האָט גענומען בלויז אַ קורצע צייט און דער גאָרטן איז אָנגעפּילט געוואָרן מיט באַזוכער, אַן עולם פון מענער און פרויען, וואָס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ קאָליר־פולע פאַרזאַמלונג פון אידן — אידן פון ישראל, פון דרום און צפון־אַמעריקע, פון קאַנאַדע און פון די פרייע לענדער, וואו מען דערלויבט ציוניסטישע אַקטיוויטעטן און פון וואַנען מען קען אַרויספאָרן.


דוד בן־גוריון, פּרעמיער פון ישראל

פאַר איינעם, וואָס האָט געוואָלט באַאָבאַכטן און זען אַלץ, וואָס האָט זיך געטאָן אַרום, איז דאָס געווען אַ גאַנץ שווערע אויפגאַבע, ווייל עס האָט ממש געשווירבלט מיט אַזוי פיל גדולים, קאָרפּן־קעפּ פון דער ציוניסטישער באַוועגונג פון אַלע לענדער; רעגירונגס־מיניסטאָרן, פאָרשטייער פון דער אידישער און העברעאישער פּרעסע, קאָרעספּאָנדענטן פון דער אויסלענדישער פּרעסע און פאָטאָגראַפיסטן און נאָך און נאָך, וואָס עס איז שווער צו געדענקען און אויסרעכענען.

אונזער דעלעגאַציע האָט געדאַרפט פאַרנעמען אַ געוויסן ווינקל פון גאָרטן, אַזוי אַז מיר זאָלן זיין צוזאַמען. אָבער ווער האָט געקענט איינזיצן אויף אַן אָרט, ווען עס זיינען אָנגעקומען אַזוי פיל באַקאַנטע, דעלעגאַטן פון אַמעריקע, הסתדרות־פירער, וועמען מיר אַלע קענען פון זייער שליחות אין אַמעריקע. יעדערן האָט זיך געוואָלט זען, זאָגן „שלום" און רעדן אַ פּאָר ווערטער.

אַרום האָט געקאָכט און געזשומעט פון די שמועסן פון אַזוי פיל מענטשן און טיפּן. צווישן דער גרויסער צאָל געסט האָבן זיך אָנגעזען די דעלעגאַטן פון מזרחי און רעליגיעזע קרייזן, מיט זייערע בערד און הלבשה.

די פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן האָבן געאַרבעט, די קאַפּעליע האָט געשפּילט און מיידלעך האָבן סערווירט געטראַנקען און צובייסן.



ביי דער פייערלעכער אויפנאַמע געגעבן פון פּרעמיער מיניסטער דוד בן־גוריון אין גן שושנים, ירושלים. פּרעמיער מיניסטער דוד בן־גוריון באַגריסט זיך מיט די געסט אין גן שושנים. זאב שאַרף, בן־גוריונס געהילף, אין אַ געמיטלעכן שמועס מיט אייזיק העמלין. לעבן זיי: אירווינג ספּיוואַק און יצחק פייגענבוים.

אָבער אָט איז מיטאַמאָל אויסגעבראָכן אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן. בן־גוריון און זיין פרוי זיינען אַריינגעקומען אין גאָרטן. אַלע האָבן זיך אויפגעהויבן פון די בענקלעך און געוואָלט צוגיין נענטער צו זיי זען.

וואָס מיר האָבן דערזען פריער פון אַלץ איז, אַז אונזער פּוצעניש און דאָס אָנטאָן שניפּסן איז געווען גאַנץ איבעריק, ווייל ער אַליין, דער פּרעמיער־מיניסטער, איז געווען אָנגעטאָן אין אַ „ספּאָרט־העמד“ אָן אַ שניפּס, מיט אַ צעכראַסטעטן האַלז.

אונזערע האָבן גענומען מורמלען צווישן זיך: חברה, לאָמיר אויסטאָן די „טאַיס“, וועלן מיר אויך זיין באַקוועם, ווי ער.

דער פּרעמיער און זיין פרוי זיינען באַלד אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַ גרויסן עולם. יעדער איינער האָט געוואָלט זאָגן „שלום“. אָבער מען האָט באַלד איינגעשטעלט אָרדענונג.

עס האָט זיך פאָרמירט אַ שורה, אַ „לאַין“, פון די געסט אין גאָרטן און מען האָט לאַנגזאַם מאַרשירט דורך דעם פּלאַץ, וואו דער פּרעמיער און זיין פרוי זיינען געשטאַנען און אָפּגעגעבן „שלום“. צו די, וועלכע דער פּרעמיער האָט געקענט פּערזענלעך, האָט ער געזאָגט אַ פּאָר ווערטער, און די שורה האָט זיך געצויגן ווייטער.

אָט אַזוי האָט גענומען אַ שטיקל צייט ביז אַלע זיינען פאַרטיק געוואָרן מיטן אָפּגעבן די בן גוריונס שלום־עליכם, אין דער אָנוועזנהייט פון פאָטאָ־



ביים אַריינגאַנג צו דער פּייערלעכער אויפנאַמע אין גן שושנים אין ירושלים. י. פייגענבוים באַגריסט זיך מיט דעם פּרעמיער־מיניסטער דוד בן־גוריון און חברה פּאַלא בן־גוריון.

גראַפישע אַפּאַראַטן, וואָס האָבן געאַרבעט און אַראָפּגענומען בילדער פון די סצענעס אין גאָרטן.

קיין רעדעס זיינען דאָ ניט געהאַלטן געוואָרן. נאָר פון די שמועסן פון איינע מיט די אַנדערע און פון די באַגריסונגען, האָט דער גאָרטן געזשומעט ווי אַ בינשטאָק.

עס האָט אָנגעהויבן ווערן טונקל. די צערעמאָניע אין גאָרטן האָט זיך געענדיקט. אַלע האָבן זיך געאיילט צו די היימען, האָטעלן אָדער רעסטאָראַנען צום עסן און צו קומען צו דער קאָנגרעס־געביידע, צו דער וויכטיקער נאַכט־זיצונג פון ציוניסטישן קאָנגרעס.

אויך מיר האָבן זיך געאיילט צו פאָרן צום „קינג דעיוויד האָטעל" פאַר אַ מאָלצייט, וואָס איז פאַר אונזער דעלעגאַציע באַשטעלט געוואָרן. מיר האָבן זיך געוואָלט אָפּפּאַרטיקן מיטן עסן, כדי צו קומען אין צייט צו דער זיצונג און פאַרנעמען די פּלעצער, וואָס זיינען פאַר אונז רעזערווירט געוואָרן.

דאָס עסן אין האָטעל האָט זיך אָבער אַביסל פאַרצויגן, ניט מחמת מיר האָבן פאָרן עסן געדאַרפט וואַרטן, נאָר דערפאַר, וואָס די סעודה איז געווען אַזאַ פּייערלעכע. אונזער דעלעגאַציע איז געווען אַזוי גוט אויפגעלייגט פון

דעם באַזוך אין דעם „גן השושנים" און פֿון דער גאַנצער דרײַייִגעניש פֿון טאָג, און ספּעציעל פֿון דעם קלימאַקס פֿון דער סעודה אין דעם „קינג דעיוויד האָטעל".

עס איז ווירקלעך געווען אַ פֿיינער צוזאַמענקונפֿט, אונזער לעצטער וויזיט אין ירושלים. אונזער גאַסט איז געווען אײַזיק העמלין, דער נאַציאָנאַ־לער סעקרעטאַר פֿון געווערקשאַפֿטן קאַמפּעין. ער האָט באַלד איבערגענומען די קאָמאַנדע פֿון אָוונט און אָנגעפֿירט מיט דעם געזאַנג פֿון גרויסן עולם — אַ געזאַנג פֿון באַקאַנטע ניגונים, וואָס איז געזונגען געוואָרן מיט אַזאַ פֿייער און ברען, אַז די ווענט פֿון האָטעל האָבן געציטערט.

די גרויסע צאָל דעלעגאַטן צום ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס זײַנען אײַנגעשטאַנען אין „קינג דעיוויד האָטעל" און האָבן געגעסן אין דעם אַל־געמיינעם זאַל, האָבן אָנגעהויבן אַרײַנקוקן צו אונז אין צימער און האָבן אונז מקנא געווען מיט אונזער פֿרייל‌עכקייט.

אָבער — און דאָ קומט די טרויעריקע מעשה — ווען מיר זײַנען צוגע־פֿאָרן צו דער קאָנגרעס־געבײַדע, האָבן מיר געטראָפֿן אַ גרויסע ענגשאַפֿט בײַם אַרײַנגאַנג און ווען מיר האָבן זיך שוין דערשפּאַרט אויף דער גאַ־לעריע, וואו עס האָבן געזאָלט זײַן אונזערע פּלעצער, איז שוין יעדער זיץ־פּלאַץ געווען פֿאַרנומען. הונדערטער מענטשן זײַנען געשטאַנען צונויפֿגע־



בײַם געזעגענונגס־סאַפּער אין קינג דייוויד האָטעל אין ירושלים לכּבוד אײַזיק העמלין. חבר אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ שטעלט פֿאָר פֿרעד מאָנעסאָן פֿון באָסטאָן.

דרענגט, אַזוי אַז עס איז פּשוט ניט געווען קיין פּלאַץ וואו זיך אַ קער צו טאָן, און אַפילו צו ענג צו אָטעמען.

אַזוי האָט אונזער פריילעכקייט און וואוילגיין אונז געקאָסט די פּלעצער צו דער זיצונג, ווייל לענגער זיי צו האַלטן פון דעם אַריינדרינגנדיקן עולם האָבן די היטער ניט געקענט.

אַריינגעשפּאַרט אין זאַל האָבן מיר זיך, אָבער צוריק אַרויסצוגיין איז שוין געווען אוממעגלעך, צוליב דעם גרויסן עולם וואָס איז געווען הינטער אונז. זיינען מיר אַזוי געשטאַנען צונויפגעדרענגט און זיך צוגעהערט צו די רעדעס.

עס האָט גערעדט ראָוז האַלפּערין פון דער הדסה. זי האָט גערעדט אין ענגליש. דער הויפּט־פּונקט פון איר רעדע האָט זיך געדרייט אַרום דער מעגלעכקייט פון אַן עליה פון אַמעריקאַנער קיין ישראל און פון ציוניס־טישער טעטיקייט אויסער ישראל.

ווען זי איז פאַרטיק געוואָרן האָט זרובבל, וועלכער איז געווען פאָרזיצער פון דער זיצונג און גערעדט אידיש, גערופן צום וואָרט חיים גרינבערג און האָט אַנאָנסירט, אַז גרינבערג וועט רעדן אידיש און האָט געהייסן די ניט אידיש רעדנדיקע זיי זאָלן אָנטאָן די טרייבלעך פאַר דער איבערזעצונג.

גרינבערגס רעדע איז אויסגעהערט געוואָרן מיט גרויס אינטערעס, זיין



אין גן שושנים אין ירושלים. חבר דוד בן־גוריון באַגריסט זיך מיט חבר און חברה פרענק קאסטי.

רעדע האָט געדאַרפֿט אַנטהאַלטן אַ רעפּאָרט פֿון דעם יאָר אַרבעט פֿון דעם בילדונגס־דעפּאַרטמענט פֿון דער אַגענטור, פֿון וועלכן ער איז דירעקטאָר.

אָבער דער הויפּט־עסענץ פֿון זיין רעדן איז געווען אַן אַנאַליז פֿון דעם באַגריף גלות — וועלכע לענדער דאַרפֿן קלאַסיפֿיצירט ווערן אַלס גלות־לענדער און וועלכע ניט; פֿון וועלכע לענדער מען קען דערוואַרטן אַז אידן וועלן אויסוואַנדערן קיין ישראל און פֿון וואַנען עס איז שווער צו דער־וואַרטן אַן אימיגראַציע אונטער די איצטיקע אומשטענדן, סיידן נאָר פֿון געציילטע יחידים־אידעאַליסטן.



ביי דער אויפֿנאַמע אין גן שושנים מיט דעם הויפּט ספרדישן רב, הרב בן־ציון עוזיאל

עס איז ווירקלעך געווען איינע פֿון גרינבערג׳ס גאָר געלונגענע רעדעס, וואָס צייכנען זיך אַלעמאָל אויס מיט זייער לאָגיק און שיינער אָראַטאָרישער קראַפֿט.

איינער פֿון אונזערע דעלעגאַטן, פֿאָרנדיק צוריק קיין תל אָביב, האָט מיט רעכט פֿאַרגליכן גרינבערגס רעדע צו אַ שיינער טשעלאָ־סאָלאָ. עס איז געווען אַ רעדע רייך אין אינהאַלט און שיין אין פֿאָרם.

נאָך גרינבערג׳ן האָט דער פֿאָרזיצער גערופֿן צום וואָרט ד״ר אבא הלל סילווער פֿון קליוולאַנד, וועלכער האָט, נאַטירלעך, גערעדט אין ענגליש.

ד״ר סילווער רעכנט זיך אַלס איינער פון די שענסטע רעדנער צווישן אַזוי פיל ראַבאַיס־רעדנערס אין אַמעריקע, און די וואָס האָבן אים געהערט אין אַמעריקע, האָבן געוואוסט, אַז זיי קענען פון אים דערוואַרטן אַ שיינע רעדע.



גרשון לעווינסאָן, שטיל, באַשיידן, ער האָט אַ סך כוח אריינגעגעבן ביים דערמעגלעכן דערפאָלגרייך אַדורכצופירן די טורס פון די הסתדרות־פאָלקס־דעלעגאַציעס אין ישראל.

אָבער ניט דאָס אַליין איז געווען דער הויפּט־אינטערעס אין זיין אויפטרעטן דאָ אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס. ווען ער האָט אָנגעהויבן רעדן, זיינען אַלע אויערן אָנגעשטעלט געוואָרן, ניט אַזוי צו הערן ווי ער ברענגט אַרויס זיינע געדאַנקען אין אַ שיינער פאָרם, נאָר מער ווי אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן וועגן די שטרייט־פראַגן צווישן אים און זיינע אָנהענגער אין דער ישראל־רעגירונג.

מען האָט דערוואַרט, אַז זיין רעדע וועט אַנטהאַלטן אַ מער קריגערישן און אָנגרייפעריש טאָן אין זיינע אַרגומענטן קעגן דער טאַקטיק פון דער ישראל־רעגירונג און איר שטאַנדפּונקט.

אַלע זיינען דעריבער געווען אָנגענעם איבערראַשט צו הערן, וואָס ער האָט געזאָגט, אַז ער און זיין גרופּע זוכן ניט עפּעס אַרויפצוצווינגען, אָדער זיך מישן אין די אינערלעכע ענינים פון דער ישראל־רעגירונג, נאָר צו העלפן בויען און אַנטוויקלען די מדינה. די ציוניסטן, האָט ער געזאָגט, האָבן און קענען שפּילן גאָר אַ גרויסע ראָל אין פאַרפעסטיקן די מלוכה, און דאָס איז אַלץ, וואָס די ציוניסטן דאַרפן און ווילן טאָן.

באַלד נאָך אים האָט גערעדט גאָלדע מייערסאָן, אָבער צום באַדויערן האָבן מיר איר גאַנצע רעדע ניט געקענט הערן, ווייל עס איז שוין געווען נאָך 11 ביינאַכט, און מיר האָבן זיך נאָך באַדאַרפט צוריקקערן קיין תל אביב — אַ רייזע, וואָס האָט געדאַרפט דויערן אַרום דריי שעה.

האָבן מיר אָנגעהויבן צו פֿאַרלאָזן דעם קאָנגרעס־זאַל און צוזאַמענצו־קלייבן אונזער גרופּע, וואָס איז שוין ביי דער צייט געווען צעשפּרייט, יעדערער זוכנדיק אַ פּלאַץ וואו צו זיצן אָדער שטיין. דאָס האָט גענומען אַ שטיקל צייט ביז מיר זיינען ענדלעך אַריין אין די באָסעס און אָפּגעפאָרן.



ביי אַ פֿאָרלעזונג פֿאַר די מיטגלידער פֿון דער צווייטער הסתדרות פֿאָלקס דעלעגאַציע אין 1950 אין בית ספר לפעילי ההסתדרות אין תל־אביב.

מידע און האַלב שלאָפֿנדיקע האָבן מיר דורכגעמאַכט די רייזע קיין תל־אָביב, דערגרייכנדיק אונזערע האָטעלן אַרום דריי אַזייגער פֿאַרטאָג. אָבער איך בין זיכער, אַז קיינעם פֿון אונז האָט ניט באַנג געטאָן אויף דער רייזע — אַ רייזע, וואָס מיר וועלן לאַנג, לאַנג געדענקען.



# באַנק־הפועלים — המשביר — תנובה — דבר

די צייט צו פאַרלאָזן ישראל און זיך אומקערן אַהיים האָט זיך דערנענטערט — עס איז פאַר אונזער דעלעגאַציע בלויז געבליבן דריי טעג צו זיין אין מדינת ישראל. האָבן מיר דעריבער געוואָלט אויסנוצן די איבערגעבליבענע צייט צו באַזוכן מער פלעצער און אינסטיטוציעס אין תל אָביב. עס איז נאָך אויך געווען אין אונזער פּראָגראַם אַ וויזיט אין דער באַנק־הפּועלים, המשביר־המרכזי און אין רעדאַקציע פון „דבר". פלענער זיינען אויך געמאַכט געוואָרן, אַז מיר זאָלן אויפגענומען ווערן פון דעם אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר, מאָנעט דעיוויס, אין דער אַמבאַסאַדע־געביידע, וואָס געפינט זיך אין רמת גן, ניט ווייט פון תל אביב, און פאַרענדיקן אין חולון ביי אַ יום־טוב, וואָס די חולונ'ער האָבן צוגעגרייט לכבוד דער דערעפענונג פון דריי נייע גאַסן אויף די נעמען פון די צוויי גרויסע יוניאָנס פון אַמעריקע — די „אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָירקערס" און די „אינטערנעשאָנאַל גאַרמענט וואָירקערס", וועמענס פאָרשטייער זיינען געווען אין דער טרעיד יוניאָן דעלעגאַציע צום ציוניסטישן קאָנגרעס אין ירושלים.

איז וועלן מיר דאָ דערציילן כסדר וועגן יעדער וויזיט באַזונדער:

אַ גרעסערע גרופּע פון אונזער דעלעגאַציע איז צוגעפאָרן צו דער געביידע פון באַנק הפּועלים, וואו מיר זיינען אין אַ באַזונדערן צימער אויפגענומען געוואָרן פון בר־אלי און זאַבאַרסקי — פאַרוואַלטערס פון דער באַנק.

ווייסנדיק, אַז אונזער צייט איז שטאַרק באַגרענעצט, האָבן די צוויי חברים אין קורצע שטריכן איבערגעגעבן דעם פּראָגרעס פון דער באַנק, פון זינט דער גרינדונג, ביז איר איצטיקער פאַרצווייגטער פינאַנציעלער אַקטיוויטעט און פינאַנציעלער ראָל אין עקאָנאָמישן לעבן פון די אינסטיטוציעס אין חברת־„עובדים".

הערנדיק וועגן דער גרויסער אויסברייטערונג פון דער אַרבעטער־באַנק, האָב איך זיך דערמאָנט אין דער צייט, מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר צוריק, ווען די באַנק האָט אָנגעהויבן פונקציאָנירן מיט אַ זייער קליינעם קאַפּיטאַל. דעמאָלט האָבן שליחים פון דער באַנק־הפּועלים פאַרקויפט „שערס" אין אַמעריקע צו סימפּאַטיקער פון דער הסתדרות — און, איצט מעג מען דאָס

שוין דערציילן, אַז די קויפערס פון די שערס האָבן שטאַרק געצווייפלט, צי די „שערס" וועלן ווען עס איז האָבן די ווערט פון דעם געלט, וואָס מען האָט פאַר זיי באַצאָלט, ווער רעדט שוין פון קריגן דיווידענדן. לויט נאָך דעם צושטאַנד פון דער באַנק, גלויב איך, אַז די שערס האָבן איצט די ווערט אַ סך מער, ווי מען האָט פאַר זיי באַצאָלט, און דיווידענדן צאָלט די באַנק פּינקטלעך.

וועגן דעראויסברייטערונג און די פינאַנציעלע אָפּעראַציעס, וואָס די באַנק פירט איצט דורך, האָבן די פאַרוואַלטערס דערציילט פאָלגנדעס: באַלד נאָך דעם אויפקום פון דער מדינה, האָט „חברת־עובדים" באַשלאָסן צו ענדערן דעם פריערדיקן סטאַטוס פון דער באַנק און זיך פאַראייניקן און צענטראַליזירן די פינאַנציעלע אינסטיטוציעס פון דער הסתדרות. קאָאָפּעראַטיוון און אַנ־דערע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען עטאַבלירט געוואָרן די לעצטע 30 יאָר, וואָס האָבן געהאַט ליי־און שפּאָר־קאַסעס, זיינען פאַראייניקט גע־וואָרן מיט דער באַנק־הפּועלים. די באַנק האָט אויך 50 פּראָצענט חלק אין „באַנק משכנות שיכון", וואָס זייער צוועק איז צו פינאַנסירן צו בויען גרעסערע און קלענערע הייזער, צו געבן מאָרטגעדזשעס אויף פּראָיעקטן פאַר בויען האָטעלן אאַז"וו.

עס איז ווירקלעך שווער אויסצורעכענען אַלע פינאַנציעלע אָפּעראַציעס, וואָס די באַנק פירט איצט דורך.

צו האָבן אַ שטיקל באַגריף פון די געשעפטן, וואָס די באַנק טוט, וועט זיין גענוג צו געבן פאָלגנדיקע ציפערן: אין דעם יאָר 1950 האָט דער באַנק־„אָבאָראָט" באַטראָפן 533 מיליאָן פונט, דער אייגענער קאַפּיטאַל פון דער באַנק באַטרעפט 930 טויזנט פונט, דעפּאַזיטס באַטרעפן געגוויע 16 מיליאָן פונט און ריינער פּראָפיט פון די געשעפטן האָט באַטראָפן 400 טויזנט פונט.

פון דעם קען מען זען, אַז דאָס איז גאָרניט קיין קליינער געשעפט. עס איז אַ ריזיקע פינאַנציעלע אונטערנעמונג, וואָס אָפּערירט און טוט געשעפטן אין די מיליאָנען מיט קאָאָפּעראַטיוון, קבוצות און קיבוצים און אַנדערע אינ־סטיטוציעס פון דער הסתדרות.

דערצו דאַרף מען צורעכענען די געשעפטן און פינאַנציעלע אָפּעראַציעס פון דער אַמעריקען טרעידינג קאָרפּאָרעישאָן „אמפּאל", וואָס איז אַ טייל פון דער אַרבעטער־באַנק און „חברת העובדים". „די אַמעריקען טרעידינג

קאָרפּאָרעישאָן״, וואָס פיגורירט אונטער דעם פאַרקירצטן נאָמען „אמפּאל״, איז געגרינדעט געוואָרן אין 1942 און אינקאָרפּאָרירט אין אַמעריקע פון דעם זייער פעאיקן און דינאַמישן חבר דיקענשטיין.

„אמפּאל״, וואָס האָט פונקט ווי „באַנק הפּועלים״ אָנגעהויבן קליין און באַשיידן, מיט אַ קליינעם קאַפּיטאַל פון פאַרקויפטע שערס צו אַמעריי־קאַנער אידן, פריינט פון הסתדרות און פריינט פון ארץ ישראל, מאַכט איצט גאָר גרויסע געשעפטן און פאַרמאָגט שוין אַ קאַפּיטאַל פון 19 מיליאָן דאָלער.

„אמפּאל״ האַנדלט מיט ישראל, מיט דער הסתדרות און מיט דער ישראל־רעגירונג, צושטעלנדיק אַלערליי נויטיקע מאַטעריאַלן, וואָס ישראל מוז באַציען פון אויסלאַנד.

די נוצן, וואָס „אמפּאל״ האָט געבראַכט פאַר ישראל אין צייט פון קריג און דורך די דריי קריטישע יאָרן נאָך דעם קריג, איז ניט אויסצורעכענען און אָפּצושאַצן. „אמפּאל״ האָט דורך דער צייט אָפּגעשיקט גאַנצע שיפן מיט נויטיקע פּראָדוקטן קיין ישראל, האָט אינוועסטירט קאַפּיטאַלן אין וויכטיקע ישראל־אונטערנעמונגען. דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן דורך אַ קור־ראַנטן און זיכערן וועג, אַזוי, אַז אַלע די, וואָס האָבן אינוועסטירט קויפנדיק שערס אין „אמפּאל״, האָבן ניט נאָר אינוועסטירט זייער געלט אין אַ געשעפט, וואָס ברענגט אַריין דיווידענדן, נאָר אויך דורך זייער אינוועסטיציע געהאָלפן ישראל.

אונז האָט שטאַרק געפרייט צו הערן דעם רעפּאָרט פון באַנק הפּועלים און ספּעציעל זיינען מיר געווען צופרידן צו באַגעגענען חבר דיקענשטיין, וועלכער איז, זייענדיק די צייט אין ישראל, געווען מיט אונז ביי דער אויפנאַמע.

מיר האָבן געדאַנקט און זיך געזעגנט מיט די חברים בר־אלי און זאַבאַר־סקי, די פאַרוואַלטערס פון דער באַנק און זיינען צוגעפאָרן צו דער געביידע פון דעם „המשביר המרכזי״, דער קאָאָפּעראַטיוו, וואָס שטעלט צו פּראָדוקטן צו די קאָאָפּעראַטיווע דערפער.

די ווירטשאַפטלעכע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען פון דער הסתדרות אָדער „חברת העובדים״, זיינען פאַרשידנאַרטיקע און יעדע פון זיי פירט אויס אַ באַזונדערע פונקציע. די באַנק הפּועלים און די אַנדערע בענק און ליי־קאַסעס, וועלכע זיינען אין איר איינגעשלאָסן, האָבן צו טאָן נאָר מיט די פינאַנציעלע אָפּעראַציעס פון די אַלע קאָאָפּעראַטיוון, אינדוסטריעלע און אַגריקולטורעלע אונטערנעמונגען. זיי אַלע האַנדלען מיט דער באַנק, ווען

עס האָט צו טאָן מיט פינאַנסן. די קאָאָפּעראַטיוון „תנובה" און „המשביר" אָבער האָבן דירעקט צו טאָן מיט די דערפער: „תנובה" מיט אָפּנעמען און פאַרקויפן די אַגריקולטורעלע פּראָדוקטן פון די קבוצות און קיבוצים, און „המשביר" — מיט צושטעלן די פּראָדוקטן, וואָס די דערפער דאַרפן האָבן פאַר זייער אייגענעם געברויך און די פּראָדוקטן, וואָס זיי דאַרפן פאַר זייער אַגריקולטורעלער אַרבעט.

אַזאַ ביישפּיל ווערט אָנגעגעבן, אַז „תנובה" האָט אָפּגענומען און פאַרקויפט דורך זייערע אייגענע קראָמען און דורך פּריוואַטע געשעפטן 70 פּראָצענט פון גרינצייג, מילכיקס און אייער, וואָס איז פאַרברויכט געוואָרן פון ישוב פאַר דעם יאָר 1950. דורך דעם יאָר האָט „תנובה" אַריינגענומען אַ סך נייע דערפער פאַר אָפּנעמען זייערע פּראָדיקטן — דערפער, וועלכע זיינען אויפגעקומען מיט דעם אויפשוואונג פון דער גרויסער עליה אין ישראל.

„תנובה" האָט אירע אייגענע פאַבריקן, דאָס וואָס מען רופט ביי אונז Processing Plants פאַר מילך. אַ פאַבריק פון בוי־פּראָדוקטן, פון ציט־רוס־פּרוכט אין רחובות. אין 1950 האָט די „תנובה"־פאַבריק פון רחובות פּראָדוצירט אַ סך עקסטראַקטן פון פּרוכטן און אַזאַ אויל פאַר עקספּאָרט. זיי האָבן אויך אין רחובות אויסגעאַרבעט אַלקאָהאָל און אַנדערע פּראָדוקטן. אין תל יוסף האָט תנובה אויסגעברייטערט די פאַבריק, וואָס אַרבעט אויס קעז אין דער צאָל פון 160 טאָן, אָדער 320 טויזנט פונט.

אין חיפה האָט „תנובה" אַ קליינע פאַבריק, וואָס ברענגט אַרויס קעזן פון שאָפענע מילך. אין עין חרוד האָבן זיי אַ פאַבריק פון זויערע אוגערקעס און אָליוון. אין רמת־גן האָט „תנובה" די פאַבריק אָדער „זאַוואָד זיף", וואָס ברענגט אַרויס אַ פּאָפּולערן קאַלטן טרונק „קין", געמאַכט פון האָניק. זיי האָבן אַ „קין"־פאַבריק אין נוה, וואו זיי פּרעזערווון פיש אַאַז"וו.

עס וואָלט ווירקלעך פאַרנומען צו פיל פּלאַץ אויסצורעכענען אַלע אונ־טערנעמונגען פון „תנובה". עס איז אויך ניט געווען מיין אַבזיכט צו דערציילן אַלע געשעפטלעכע אָפּעראַציעס פון „תנובה". איך האָב בלויז געוואָלט אַרויס־ברענגען ווי אַזוי די צוויי קאָאָפּעראַטיוון אַרבעטן: „תנובה" און „המשביר". בעת „תנובה" באַשעפטיקט זיך מיט אָפּנעמען און פאַרקויפן די אַגריקולטו־רעלע פּראָדוקטן, באַשעפטיקט זיך „המשביר" מיט צושטעלן צו די קאָאָ־פּעראַטיווע־דערפער פּראָדוקטן, וואָס זיי דאַרפן האָבן.

די געביידע פון „המשביר“, וואָס מיר האָבן באַזוכט, באַשטייט פון ביוראָס און סקלאַדעס (ווערהויז) פון פאַרשידענע סחורות, וואָס ווערן פאַר־קויפט צו די דערפער. איר קענט אין דעם סקלאַד געפינען פון אַ בעזים צו קערן, ביז פאַרשידנערליי געצייג, וואָס מען געברויכט אויף פאַרמס. כעמישע „פערטילאַיזער׳ס“ און עלעקטרישע טיילן פאַר באַלייכטונג און מאָ־טאָרן, מאַטעריאַל פאַר בויען, טעקסטילן און שוכוואַרג, שרייב־מאַטעריאַלן און געפעסן, וואָס מען דאַרף אין אַ הויז און אין אַ קיך. מיט איין וואָרט — דער „המשביר“ שטעלט צו אַלע נויטיקע פּראָדוקטן צו די דערפער, וועלכע זיינען קונדן, אַזוי, אַז זיי דאַרפן ניט האַנדלען מיט פּריוואַטע הייזער.

די באַשטעלונגען ווערן געמאַכט אָדער דורך פּאָסט, אָדער דורך פאָר־שטייער פון די קאָאָפּעראַטיווע דערפער, וועלכע קומען ספּעציעל צו פאָרן צו די „המשביר“־סקלאַדעס איינהאַנדלען זייער סחורה.

אין דער צייט, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אין „המשביר“, האָבן מיר דורך אַ גאַלעריע אַראָפּגעקוקט אונטן, וואו עס געפינען זיך אַלע סחורות און געזען ווי די באַשטעלונגען ווערן געמאַכט און אָפּגעקליבן, פּאַרטיק אויפ־צורעכענען און אָפּגעשיקט צו ווערן צו די באַשטעלער.

אויף ווי ווייט מיר האָבן געקענט אויסגעפינען פון אַ פאָרשטייער, וואָס האָט אונז אַרומגעפירט, האָט יעדער קאָאָפּעראַטיוו געדאַרפט האָבן אַ קרעדיט אויף אַ געוויסער סומע, וואָס דאַרף געצאָלט ווערן אין צייט, כדי זיי זאָלן קענען קריגן סחורה, ווען זיי דאַרפן.

ווי ווייט די געשעפטן פון „המשביר“ זיינען אויסגעברייטערט געוואָרן און געוואַקסן, קענען דינען די פאָלגנדיקע ציפערן:

אין 1937 איז דער אומזאַץ פון דעם „המשביר“ געווען 410 טויזנט פונט, אין 1945 — דריי און אַ דריטל מיליאָן פונט, אין 1948 — אַכט און אַ האַלבן מיליאָן פונט.. אין 1950 — צוואַנציק און אַ האַלבן מיליאָן פונט. דער נעטער פאַרמעגן פון „המשביר“, בעת מיין באַזוך אין ישראל, איז געווען צוויי מיליאָן און צוויי הונדערט טויזנט פונט.

די צוויי אונטערנעמונגען „תנובה“ און „המשביר“ לייסטן אַ גרויסע דינסט פאַר די דערפער. זיי נעמען אַראָפּ די דאגות פון קויפן און פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן, וואָס דאָס אַליין איז אַ ספּעציאַליטעט פאַר זיך.

דער „המשביר"־סקלאַד אין תל אָביב, וואָס מיר האָבן באַזוכט, איז, פֿאַרשטענדלעך, ניט דער איינציקער. אַזעלכע הייזער געפֿינען זיך אין אַ סך פּונקטן, נעענטער צו די פּלעצער, וואו די דערפֿער געפֿינען זיך.

אונזער גרופּע איז באמת געווען דאַנקבאַר די חברים פֿון ישראל, וואָס האָבן צו טאָן מיט אַראַנזשירן די טורס און די פּלעצער צו באַזוכן. פֿון דעם באַזוך אין דעם „באַנק הפּועלים" האָבן מיר געקראָגן אַ שטיקל באַגריף, ווי אַזוי די קאָאָפּע־ראַטיווע אינסטיטוציעס פֿון הסתד־רות זיינען אָרגאַניזירט פֿאַר פֿינאַנ־ציעלע אָפּעראַציעס און פֿון דעם באַזוך אין „המשביר" האָבן מיר גע־זען, ווי אַזוי אָט דער גרויסער קאָאָ־פּעראַטיווער געשעפֿט ארבעט צו באַזאָרגן זיינע קונדן — די דערפֿער, וועלכע זיינען אין „המשביר" אָנ־געשלאָסן.



דן פּיינס, רעדאַקטאָר פֿון „דבר", וועלכער האָט באַגריסט זייער האַרציק די מיטגלידער פֿון דער דריטער פֿאָלקס־דעלעגאַציע.

מיר האָבן אויך, איידער מיר האָבן זיך אומגעקערט אין אונזערע האָטעלן, אָפּגעשטאַט אַ וויזיט אין דער רעדאַקציע פֿון „דבר".

ביי אַ גרויסן, רונדן טיש, אין דעם הויפּט־צימער פֿון דער רעדאַקציע, זיינען מיר אַלע געזעסן אין דער אָנוועזנהייט פֿון די פֿאַרוואַלטנדיקע חברים פֿון „דבר" און דעם רעדאַקטאָר, דן פּינעס. זיי האָבן געוואָלט וויסן פֿון אונז, וואָס מיר האָבן דורך דער צייט געזען אין ישראל, וואָס מיר האָבן וועגן דעם צו זאָגן, וואָס אונז געפֿעלט און געפֿעלט ניט אַאַז"וו.

אַזוי איז דער שמועס אָנגעגאַנגען ביי אַ גלעזל טיי. מיר האָבן זיי גע־שטעלט פֿראַגן און זיי האָבן געענטפֿערט, ווי ווייט עס איז געווען מעגלעך און זיי האָבן פֿון אונז געוואָלט וויסן, ווי עס האַלט מיט דעם באַנד־פֿאַרקויף.

און אַזוי האָט זיך געענדיקט אונזער אינטערעסאַנטער שפּאַציר דעם האַלבן טאָג, אין די אינסטיטוציעס, וואָס מיר האָבן זייער געוואָלט זען.

# די אויפנאַמע ביים אַמעריקאַנער אמבאסאדאָר מ. דעיוויס

איך ווייס ניט ווער עס האָט געהאַט דעם געדאַנק, אַז אונזער דעלעגאַציע זאָל באַזוכן דעם אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדער און ווער עס איז געווען דער איניציאַטאָר דערפון. משמעות, אַז דאָס שטאַמט פון דעם „פּאַבליק רילעי־שאַנס דעפּאַרטמענט" פון דער הסתדרות. זיי האָבן, זעט אויס, געוואָלט ווייזן דעם אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַט, אַז אַ גרויסע צאָל אַמעריקאַנער בירגער קומען קיין ישראל אַלס געסט פון דער הסתדרות און אַז די אַמעריקאַנער בירגער זיינען אויך איבערגעגעבענע פריינט און אַנהענגער פון דער גרויסער אָרגאַניזאַציע.

פאַר אונז ווידער האָבן די צוגרייטער און אַראַנזשירער פון דער באַגעגעניש, זעט אויס, געוואָלט ווייזן און טאַקע איבערצייגן דער גרויסער דעלעגאַציע, אַז אויך זיי, דאָ אין ישראל, זיינען ניט עפּעס אַבי־ווער, אַז זיי האָבן איינפלוס אויך אין די „הויכע פענצטער" און אַז זיי קענען צוטרעטן וואו מען דאַרף.

איז ווי די זאַך זאָל ניט האָבן געווען, וועלכע מאָטיוון עס זיינען געווען די טרייב־קראַפט פאַר דער צוגרייטונג פון דעם וויזיט. מיר, די דעלעגאַטן, האָבן גאָר־נישט געהאַט קיין פאַרדרוס פאַר דער באַגעגעניש. פאַר־קערט, אונז האָט בפירוש שטאַרק הנאה געטאָן, וואָס מיר זיינען צום אַמבאַסאַדאָר גע־גאַנגען, ווייל די דעלעגאַציע האָט טאַקע פיין פאַרבראַכט; דאָס איז געווען גאָר אַ געהויבן קערמעשעל, וואָס וועט זיך לאַנג געדענקען...



אויפנאַמע ביים אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין ישראל מאָנעט ב. דייוויס.

אונזער דעלעגאַציע האָט איבערהויפּט געהאַט מזל צו אַזעלכע זאַכן — אַ סך מער ווי די צווייטע דעלעגאַציע און גאָר, גאָר מער ווי די ערשטע.

די דריטע הסתדרות־דעלעגאַציע איז געפלויגן, געפאָרן און דאָס מזל איז איר נאָכגעפלויגן, וואו זי איז נאָר געגאַנגען. וואו מיר זיינען געקומען זיינען מיר אויפגענומען געוואָרן אין אַזעלכע פּלעצער, וואָס מיר האָבן זיך אַוודאַי אויף דעם ניט גערעכנט.

שוין פון דעם ערשטן וויזיט אין לאָנדאָן, וואו מיר האָבן פאַרבראַכט פיר טעג, האָבן מיר אָנגעהויבן קריגן „סורפּרייזן" איינע נאָך דער אַנדערער. ניט נאָר זיינען מיר אויפגענומען געוואָרן פון דעם ישראל־אַמבאַסאַדאָר אילת, נאָר מיר האָבן געהאַט דעם אויסערגעוויינלעכן כבוד אויפגענומען צו ווערן פון הויכע רעגירונגס־מענטשן פון דער לעיבאָר־פּאַרטי און באַגריסט צו ווערן פון דעם דעמאָלטיקן אויסערן־מיניסטער אַליין — הערבערט מאָריסאָן.

דערנאָך האָבן מיר געהאַט פיר אויסערגעוויינלעכע טעג אין פּאַריז, וואו מיר האָבן געמאַכט שפּאַצירן אין ווערסאַיל, באַזוכט אינטערעסאַנטע פּאַריזער היסטאָרישע פּלעצער און פאַרענדיקט מיט אַן עונג־שבת, צוגעגרייט פאַר אונז פון פּאַריזער חברים און פון „אל על".

די פיר טעג אין פּאַריז זיינען באמת פאַר אונז געווען אַ שיינער יום־טוב. די היסטאָרישע פּלעצער, ווערסאַיל, דער באַזוך ביי דעם אַמעריקאַנער אַמבאַ־סאַדאָר איז געווען אינטערעסאַנט און האָט צוגעגעבן קאָליר און אינטע־רעסאַנטקייט צו אונזער רייזע איידער מיר האָבן נאָך אַרויפגעטראָטן אויף דער ערד פון מדינת ישראל.

נו, דאַרף איך נאָך איבער'חזר'ן און אָנרופן די שטעט און דערפער, קבוצות און קיבוצים, וואָס מיר האָבן באַזוכט אויף אונזער לאַנגן שפּאַציר איבער דער אידישער מדינה? אויף וויפיל איך בין געווען בכוח האָב איך דאָס שוין געטאָן. דער וויזיט ביי דעם אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר מאָנעט דעיווויס איז בלויז געווען אַ פריילעכער און אָנגענעמער קלימאַקס פון אונזער אינטערעסאַנטער רייזע.

דאָס איז געווען פרייטאג, דעם 17טן אויגוסט. צוויי טעג איידער מיר זיינען אָפּגעפלויגן אַהיים, האָט מען אונז מודיע געווען, אַז מיר וועלן פאָרן צום אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר און אַז די אויטאָבוסן וועלן זיין גרייט און וואַרטן פאַר אונז אַרום דריי אַזייגער נאָכמיטאָג.

האָבן מיר זיך אַלע צוגעגרייט און פאַרפּוצט אין אונזערע בעסטע מלבושים צו פאָרן און זאָגן „העלאָ" און „האַו דו יו דו", צום אַמבאַסאַדאָר דעיווים.

נו, ווער איז דאָס ניט אַ בעלן צו מאַכן אַזאַ יאַזדע? בפרט, אַז עס איז געוועזן אַ יש אומרים, אַז טאַקע דאָרט, אין דער אַמבאַסאַדע, וואָס ווערט אויס־געהאַלטן פון אַמעריקאַנער שטייער־צאָלער, וואו אויך מיר, בירגער, לייגן עפּעס אַריין אין דער קאַסע, וועט מען אונז מכבד זיין מיט „קאָקטעילס" און טאַקע אמת׳ע „אָדאָיווס" און סענדוויטשעס — אַזוינס, וואָס מיר האָבן ניט געהאַט פאַרזוכט זייט מיר זיינען אָפּגעפלויגן פון די סטעיטס מיט פיר וואָכן צוריק.

איז האָט מען טאַקע קיינעם ניט באַדאַרפט צורעדן אָדער בעטן. אין דער אָנגעגעבענער שעה זיינען אונזערע גרויסע אויטאָבוסן אָנגעפילט געוואָרן מיט אונזערע אַמעריקאַנער בירגער — הסתדרות־עסקנים און מיר זיינען אָפּגעפאָרן קיין רמת־גן, וואו עס געפינט זיך די אַמעריקאַנער אַמ־באַסאַדע.

עס זיינען מיט אונז אויך מיטגעפאָרן, אונז פאָרצושטעלן פאַר דעם אַמבאַסאַדאָר די יונגע פריילין סטעלאַ ראַבינאָוויטש פון דעם „פּאָבליק רי־לעישאָן דעפּאַרטמענט" פון הסתדרות און ד"ר מעי בער מירום, די פרוי פון ישראל מירום (מערעמינסקי). שפּעטער איז אויך אונטערגעקומען מרדכי נמיר, דער סעקרעטאַר פון דער הסתדרות.

די אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע, פּונקט ווי די אַמבאַסאַדעס פון אַנדערע לענדער אין ישראל, געפינען זיך ניט אין דער ישראל הויפּט־שטאָט ירושלים, וואו עס איז איצט דער פּלאַץ פון אַלע ישראל רעגירונגס־ביוראָס און דע־פּאַרטמענטן און די כנסת, ווייל פּאָרלויפיק איז ירושלים אָפיציעל ניט אָנערקענט אַלס די ישראל הויפּט־שטאָט. דער סיכסוך וועגן ירושלים גייט נאָך אָן אין דער יו־ען, צוליב דעם דרוק פון די אַראַבער, קאַטאָליקן און זייערע פריינט די קאָמוניסטן, אַז ירושלים זאָל אינטערנאַציאָנאַליזירט ווערן. זיינען דערפאַר, דערווייל אַלע אויסלענדישע לעגאַציעס און אַמבאַ־סאַדעס ניט אין ירושלים.

עס איז מיר ניט באַקאַנט וואו און אין וועלכע געגנטן אין תל אָביב עס געפינען זיך די אַנדערע אויסלענדישע לעגאַציעס און וואו די קאָנסולן און אַמבאַסאַדאָרן וואוינען, אָבער דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר האָט פאַר

זיך אויסגעקליבן שוין גאָר אַ שיינעם און געהויבענעם פּלאַץ — אין דער שיינער פאָרשטאָט פון תל אָביב — רמת גן.

איך זאָג געהויבענעם און דאָס קען מען טאַקע אָנווענדן בפועל ממש, ווייל דאָס הויז וואו די אַמבאַסאַדע געפינט זיך איז אויף אַ באַרג און אַהין צוצוקומען דאַרף מען אַרויפגיין אויף אַ היפּש ביסל טרעפּ.

צוצופאָרן פון אונזערע האָטעלן צו דער אַמבאַסאַדע האָט ניט גענומען לאַנג. סך הכל אין 20 מינוט זיינען מיר שוין געווען ביי דעם טויער פון דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע, וואו עס איז געשטאַנען אַ ישראל־„שוטר" (פּאָ־ליציאַנט) היטנדיק די געגנט אַרום.

דער „שוטר" האָט באַטראַכט דעם גרויסן עולם, אונז באַגריסט שמייכ־לענדיק און אונז אַריינגעלאָזן אין טויער, וואו מיר זיינען אַרויף אויף די טרעפּ, צו דער וואוינונג פון דעם אַמבאַסאַדאָר.

די לעידי־אַמבאַסאַדאָר, מרס. דעיוויס, איז געשטאַנען ביים אַריינגאַנג פון הויז, געגעבן יעדן די האַנט און געזאָגט אַ פריינטלעכן „האו דו יו דו" און „וועלקאָם" און אונז געבעטן זיך מאַכן היימיש אויף דער גרויסער ווערענדע.

פון דער אָפענער ווערענדע האָבן מיר דייטלעך געקענט זען די לאַנד־שאַפט אַרום — אַ בילד וואָס האָטווירקלעך פאַרכאַפּט דאָס אויג פון דער שעמערירנדיקער גרינקייט, בוימער, בלומען און געוויקסן, וואָס נאָר אין טראָפּישע לענדער קען מען אַזעלכעס זען. פון דער הויך פון דער ווערענדע, וואו מיר זיינען געשטאַנען, איז דאָס בילד געווען פּרעכטיק און באַצויבערנדיק — אָן אומגעבונג, וואָס פּאַסט באמת פאַר אַ פאַרטרעטער פון אַזאַ גרויסער און וויכטיקער מדינה — ווי די פאַראייניקטע שטאַטן.

אין אַ ווינקל פון דער גרויסער ווערענדע, האָבן מיר באַמערקט אַ פּאָר באַדינער זיך מתעסק זיין מיט צוגרייטן אַלערליי געטראַנקען — קאָקטעילס, ווײַנען און ליקערן — פון אַלערליי מאַרקעס. און דורך דער אָפענער טיר, וואָס האָט געפירט צום עס־צימער, האָבן מיר געקענט זען דעם גרויסן טיש מיט די צוגעגרייטע פאַרבייסעכצן — „אָדאָיווס" און סענדוויטשעס.

די אַלע מאכלים און נאַשערייען זיינען געווען אַזוי אַרטיסטיש אַראַנזשירט און אויסגעשטעלט, דורכגעפלאָכטן מיט שיינע בלומען, אַז אונזערע פרויען האָבן זיך אין דעם ניט געקאָנט זאַט אָנקוקן. זיי, וואָס קומט אויס אויך אַמאָל צוגרייטן עפּעס פאַר געסט צו אַ פּאַרטי, זיינען טאַקע געשטאַנען פאַר־



ביי דער פייערלעכער אויפנאַמע געגעבן לכבוד דער דריטער הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציע ביים אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר מאָנעט דייוויס אין תל־אביב

גאַפּט און נאָר געוואָלט אַראָפּנעמען אַ בילד פֿון דעם פֿיינעם און געשמאַקפֿולן אויסשטעלן פֿון די שפּייזן.

מר. דעיוויס, דער אַמבאַסאַדאָר אַליין, איז ניט געווען, ווען מיר זיינען אַריינגעקומען. די אַמבאַסאַדאָרשע האָט אונז געזאָגט, אַז ער וועט אין קורצן זיין מיט אונז — און ער איז טאַקע באַלד אַריינגעקומען און זיך מיט אונז זייער פֿריינטלעך באַגריסט און אונז געבעטן צו געניסן פֿון די שפּייזן, וואָס זיינען פֿאַר אונז אָנגעגרייט געוואָרן.

האָבן די דינער סערווירט און אונזער גרויסער עולם האָט געגעסן, געטרונקען און זיך געלאָזט וואוילגיין מיט די מאכלים, וואָס נאָר אַן אַמ־באַסאַדאָר, אַן אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר, קען אַריבערברענגען פֿון אַמעריקע.

אַ חוץ אונזער דעלעגאַציע און די ישראל׳דיקע, וואָס זיינען געקומען מיט אונז, זיינען אויך אַריינגעקומען צו די דעיוויסעס געסט, גוים — מענער און פֿרויען — משמעות פֿון דיפּלאָמאַטישן סטאַף און אַטאַשעס. אויך זיי האָבן געגעסן און געטרונקען און פֿון איין כוסה צו דער צווייטער האָט מען גע־שמועסט וועגן פּאָליטיק, וועגן די אַראַבישע לענדער און וועגן מדינת ישראל. די מערסטע פֿון אונז האָבן, נאַטירלעך, געוואָלט הערן זייערע מיינונגען וועגן דער פּאָליטישער לאַגע, וואָס זיי דענקען וועגן די באַציאונגען פֿון די אַראַבער און די אַראַבישע מלוכות. האָבן מיר זיי געלאָזט רעדן און זיך איינגעהערט וואָס זיי האָבן געהאַט צו זאָגן.

די פֿאָרשטייערין סטעלאַ ראַבינאָוויטש, פֿון דעם ״פּאָבליק רילעישאָנס״ האָט אָפֿיציעל פֿאָרגעשטעלט די דעלעגאַציע, דערציילט ווער מיר זיינען, פֿון וועלכע שטעט מיר קומען, וואָס מיר טוען פֿאַר דער הסתדרות און פֿאַר ישראל און, אַז מיר זיינען געקומען אָפּצוגעבן כבוד און באַגריסן אונזער אַמבאַסאַדאָר.

דער אַמבאַסאַדאָר, מאָנעט דעיוויס, האָט געענטפֿערט, אַז אים פֿרייט זייער אויפֿצונעמען און באַגריסן אַזאַ גרויסע גרופּע אַמעריקאַנער בירגער דאָ אויף דעם ישראל־באָדן. אים פֿרייט זייער, האָט ער געזאָגט, וואָס די באַציאונגען פֿון דער גרעסטער דעמאָקראַטישער רעפּובליק פֿון דער וועלט זיינען אַזעלכע פֿריינטלעכע צו דער קליינער, יונגינקער דעמאָקראַטישער מלוכה אין מיטל־מזרח און אַז ער האָפֿט, אַז די פֿריינטשאַפֿט וועט אָנהאַלטן אַ לאַנגע, לאַנגע צייט.

אַ פאָרשטייער פון אונזער דעלעגאַציע האָט דעם אַמבאַסאַדאָר געענט־פערט און אים געדאַנקט פאַר אַזאַ פיינער, פריינטלעכער אויפנאַמע און, הויפּט־זעכלעך, אויסגעדריקט די דאַנקבאַרקייט פון די אידישע אַמעריקאַנער בירגער פאַר דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער הילף, וואָס אַמעריקע גיט מדינת ישראל — דאָס אידישע פאָלק וועט אָט די פריינטשאַפט קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

מיר האָבן אין דער אַמבאַסאַדע פאַרווײלט אַ היפשע צייט; עס איז ניט געווען וואָס זיך צו איילן, דער וויזיט איז געווען זייער אָנגענעם, עסן און טרינקען איז געווען לרוב, איז מען אַזוי געשטאַנען אין רעדלעך מיט אַביסל משקה אין די הענט און מען האָט גוטמוטיק גערעדט פון פאַרשייי־דענע זאַכן — ביז עס האָט אָנגעהויבן צו ווערן טונקל. און כאָטש עס זיינען צווישן אונז ניט געווען אַזעלכע, וואָס האָבן באַדאַרפט לויפן אין שול אַריין מקבל שבת זיין, פונדעסטוועגן האָבן מיר באַדאַרפט זאָגן „שלום", צוליב דעם, וואָס מיר האָבן געוואָלט באַפרייען די שאָופערן פון די אויטאָבוסן, וואָס וואַרפן געוויינלעך זייער אַרבעט פרייטאָג פאַרנאַכט, ווייל פרייטאָג צונאַכטס און שבת לויפן ניט קיין באָסעס אין תל אביב און אומגעגנט, ביז זונטאג פרי. האָבן מיר זיך געזעגנט מיטן אַמבאַסאַדאָר און זייער פריינטלעכער לעידי און זייערע געסט, געזאָגט „שלום" צו דעם שוטר, וואָס היט די אַמבאַ־סאַדע און פאַרלאָזט די שיינע געגנט רמת גן און צוריקגעפאָרן צו אונזערע האָטעלן.

עס איז שוין געווען גאַנץ טונקל. נעבן אַ גרויסן באָס־טערמינאַל האָבן מיר געזען לאַנגע שורות ליידיקע באָסעס, וואָס ווערן אַוועקגעשטעלט איבער שבת. די קראָמען זיינען שוין אַלע געווען פאַרמאַכט און אין די הייזער האָבן געפינקלט פייערלעך פון געבענטשטע ליכט לכבוד שבת — און פאַר אונז איז דאָס געווען דער לעצטער שבת אין דער אידישער מדינה.



# פייערלעכע אויפנאמע אין דער אַרבעטער-שטאָט חולון — באזוך אין דער רעדאַקציע פון דער „גאָלדענער קייט"

אַוונזער דעלעגאַציע האָט זיך אָנגעהויבן צוגרייטן אַהיים. דאָס אַפּפּליען פון לוד'ער לופט־פּאָרט איז באַשטימט געוואָרן פאַר זונטאג דעם 19־טן אויגוסט, צען אַזייגער אָוונט.

עס איז אונז אָבער נאָך פאַרבליבן איין אָפיציעלער וויזיט צו מאַכן. מיר זיינען איינגעלאַדן געוואָרן אָנטיילצונעמען אין אַ פייערונג, וואָס די איינוואוינער פון חולון האָבן אַראַנזשירט אויף שבת צונאַכטס, אַן אַרבעטער־שטעטל ניט ווייט פון תל אביב.

אין יאָר 1933, ווען די ערשטע הייזער זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן אין דער געגנט, וואָס רופט זיך איצט חולון, האָט זיך אוודאַי קיינעם ניט גע'חלומ'ט, אַז דאָרט, אויף די גרויסע האָרבעס פון זאַמד, וועט אַמאָל אויסוואַקסן אַ ישוב. אפילו אין יאָר 1937, ווען איך און מיין פרוי האָבן צום ערשטן מאָל באַזוכט ארץ ישראל און מיר זיינען דורכגעפאָרן דעם געגנט, האָבן מיר מער ווי גרויסע מדבריות פון זאַמד ניט געקענט זען.

ווי איבערראַשט און ממש דערשטוינט זיינען מיר אָבער געוואָרן, ווען מיר האָבן די זעלבע געגנט באַזוכט אין יאָר 1949, ווען מיר זיינען דאָרט געווען!




עמל־גאַס אין חולון

מיט דער ערשטער הסתדרות־דעלעגאַציע. אויף די בערג פון זאַמד זיינען אויסגעוואַקסן הייזער מיט גערטנער פון גרינסן און בלומען. דער גרעסטער וואונדער אָבער איז פאַר אונז געווען צו זען אינמיטן שטעטל אַ שיינעם פּאַרק, שווים־באַסיינען, שפּיל־פּלעצער פאַר קינדער אאַז״וו.

טאַקע אין דעם פּאַרק, נעבן די שווים־באַסיינען, האָט אונז דעמאָלט דער מעיאָר פון חולון אויפגענומען און אונז דערציילט פון דער בוי־טעטיקייט און דאָס וואַקסן פון חולון.




אינטערנעשאַנאַל־גאַס אין חולון

מערסטע אַרבעטער, וואָס וואוינען אין חולון, אַרבעטן אין תל אָביב, יפו און אַנדערע געגנטן אַרום. זייערע היימען אָבער האָבן זיי אויסגעבויט פאַר זיך אין חולון.

די באַפעלקערונג אין חולון האָט אין יאָר 1947 געציילט אַרום 6,000 נפשות. געגוי וויפיל די באַפעלקערונג ציילט איצט ווייס איך ניט, אָבער איך בין זיך משער, אַז איצט איז די באַפעלקערונג פאַרדרייפאַכט געוואָרן.

אָבער וואָס פאַר אַ יום־טוב האָבן דאָס די חולונ׳ער געפּראַוועט, צו וועלכן מיר זיינען איינגעלדן געוואָרן? דאָס איז אַזאַ מעשה: די חולונ׳ער האָבן באַדאַרפט דערעפענען און געבן נעמען פאַר דריי נייע גאַסן. האָבן זיי באַשלאָסן אַנצורופן די דריי גאַסן אויף די נעמען פון דריי גרויסע שניידער־יוניאָנס, ווי מיר האָבן פריער דערמאָנט, וואָס די אידישע אַרבעטער פון אַמע־ריקע האָבן מיט יאָרן צוריק געגרינדעט און וואָס זיינען דורך דער צייט אויס־געוואַקסן און געוואָרן שטאַרק און מעכטיק.

די חולונער, וואָס זיינען מיטגלידער פון דער הסתדרות, ווייסן וואָס פאַר אַן אַנטייל די צוויי יוניאָנס נעמען אין דעם געווערקשאַפטן קאַמפּעין; די הלוואות וואָס זיי האָבן פון צייט צו צייט געמאַכט צו דער מדינה; זייער אָנטיילנעמען אין שיכון אאַז״ו — האָבן זיי באַשלאָסן, אַז די צוויי נייע גאַסן זאָלן אָנגערופן ווערן אויף די צוויי נעמען: „אַמאַלגאַמייטעד" און „אינטערנעשאַנאַל". זיי האָבן די פּייערונג און צערעמאָניע געוואָלט דורכ־פירן אין דער צייט, ווען פאַרטרעטער פון די צוויי יוניאָנס האָבן זיך געפונען




אפעל־גאַס אין חולון

אין ישראל אַלס דעלעגאַטן צום ציוניסטישן קאָנגרעס. דאָס איז באַשטימט געוואָרן אויף שבת צונאַכט, דעם 18טן אויגוסט זיינען מיר, די דריטע הסתדרות־דעלעגאַציע, אַהין אויך איינגעלאַדן געוואָרן.

דערווייל האָבן מיר שבת אַ גאַנצן טאָג ביז אין אָוונט געהאַט פריי און האָבן די פרייע צייט אויסגענוצט אויף אַרומשפּאַצירן און באַזוכן באַקאַנטע און פריינט.

מיר האָט זיך געגלוסט נאָכאַמאָל באַאָבאַכטן דעם שבת, ווי ער ווערט אָפּגעהיטן אין דער מעטראָפּאָליע פון דער אידישער מדינה.

אין אַ סך פּרטים האָב איך געהאַט דעם אייגענעם איינדרוק פון שבת אין תל אָביב ווי אין מיין שטאָט ראָוונע, ווען מיר זיינען אַהין געקומען, נאָכדעם ווי מיר זיינען געווען אין אַמעריקע 23 יאָר.

אין תל אָביב, ווי אין ראָוונע, איז שבת דער גאַנצער האַנדל, טראַנ־

ספּאָרט און פאַבריקן אָפּגעשטעלט. עס זיינען בלויז געווען אָפן אייניקע רעסטאָראַנען און קאַפע־הייזער. דער איינציקער מעדיום פון פאַרקער זיינען אין שבת׳דיקן טאָג אייניקע טעקסיס — אויב מען האָט מזל צו קריגן איינע וואָס איז ניט פאַרנומען...

עס איז מיר און מיין פריינט אָסקאַר סטערמאַן אָנגעקומען גאַנץ שווער צו קריגן אַ טעקסי פאַר אַ וויזיט, וואָס מיר האָבן געוואָלט מאַכן ביי אונזער חשוב׳ן באַסטאַנער לאַנדסמאַן, דעם שריפטשטעלער יוחנן טווערסקי.

צו באַזוכן די טווערסקיס איז פאַר אונז געווען אַ מוז, ווייל מיר האָבן פּשוט ניט געוואוסט, וואָס מיר וועלן קענען ענטפערן די פילע פריינט, וואָס יוחנן טווערסקי האָט זיך אין באָסטאָן געשאַפן, מיט זיינע אָפטע אַרויס־טרעטונגען אויף פאַרזאַמלונגען און לעקציעס, ווען מען וועט אונז אַ פרעג טאָן: „נו, און וואָס מאַכט דאָרט עפּעס אונזער יוחנן?״

האָבן מיר ביידע גענומען שפּאַצירן צו דער געגנט וואו די טווערסקי׳ס וואוינען, האָפנדיק, אַז מיר וועלן אויפן וועג אָנטרעפן אַ טעקסי, וואָס איז ניט פאַרנומען. דעם אמת זאָגנדיק, זיינען מיר מער געשטאַנען ווי שפּאַצירט. ווייל איך האָב ניט געוואָלט, אַז סטערמאַן זאָל גייענדיק זיך אויסמאַטערן, ווייל ער איז נאָרוואָס אַרויס פון האָספּיטאַל.

אַזוי וואַרטנדיק אויף אַ טעקסי האָבן מיר געשמועסט וועגן דעם טראַנ־ספּאָרט־פּראָבלעם, און ספּעציעל וועגן אויטאָמאָבילס און טעקסיס. אויב עס געפינט זיך אין ישראל וועלכער עס איז אַרטיקל, וואָס מען שפּעקולירט מיט דעם, אַרויפטרייבנדיק די פרייזן צו פאַבולהאַפטע פּראָפּאָרציעס, איז דאָס ביי אויטאָמאָבילן. עס איז רעכט, אַז פאַר אַ קאַר, וואָס קאָסט דאָ אין אַמעריקע אַרום 25 הונדערט דאָלאַר, זאָל מען אין ישראל פאַר איר באַצאָלן פון 6 ביז 8 טויזנט פונט. עס האָבן פון דער ספּעקולאַציע אַפילו טועם געווען אַמערי־קאַנער טוריסטן, וואָס האָבן כלומרשט אַריינגעבראַכט קאָרס פאַרן אייגענעם געברויך און דערנאָך זיי פאַרקויפט פאַר געשוואָלענע פרייזן. דאָס איז ניט נאָר אַזוי מיט פּריוואַטע אויטאָמאָבילן, דאָס איז אויך חל אויף קאָמערציעלע אויטאָמאָבילן.

כדי אַריינצוברענגען אַן אויטאָמאָביל קיין ישראל דאַרף מען קריגן אַ דערלויבעניש. סיי פאַר פּריוואַטן געברויך און סיי פאַר קאָמערציעלן, און אַזאַ דערלויבעניש איז שווער צו קריגן.

מיין פרויס אַ קרוב האָט זיך פאַר אונז געקלאָגט, אַז זיין טעקסי וואָס ער

טרײַבט שױן צען יאָר, װערט צעפֿאַלן פֿון אַלטקײט און ער קען בשום אופֿן ניט קריגן קײן דערלױבעניש פֿאַר אַ נײַער קאַר. ער איז שױן אין ארץ ישׂראל 25 יאָר, האָט זיך געשלאָגן אין דער מלחמה און דאָרט פֿאַרװאונדעט געװאָרן — אַ װעטעראַן, פֿונדעסטװעגן, זאָגט ער, אַז פֿאַר אַ נײַער קאַר דאַרף מען האָבן פּראָטעקציע פֿון די הױכע פֿענצטער.

װײס איך ניט צי עס איז אַזױ, צי ניט. אים איז אַװדאי שלעכט, װײַל ער דאַרף דערנערן אַ װײַב מיט קינדער און דאָ איז ער אָפּהענגיק אין פּראָטעקציע. דער אמת איז, אַז דאָס איז די דעװיזן־פּראָבלעם, װאָס מאַכט נױטיק אַזעלכע שטרענגע רעגולאַציעס פֿאַר אַרײַנפֿירן מער אױטאָמאָבילן, פֿאַר װעלכע מען דאַרף צאָלן אין דאָלאַרן. אַ חוץ דעם איז יעדע נײַע קאַר אַ „קעסט־קינד", אַ באָרדער, װי מען זאָגט דאָ בײַ אונדז אין אַמעריקע. אַ קאַר דאַרף געזאָלין, אױל, גומענע רעדער (טאַיערס), װאָס זײַנען ביז איצט ניט פּראָדוצירט געװאָרן אין ישׂראל און מען דאַרף פֿאַר זײ צאָלן מיט דאָלאַרן. און אַזױ װי צופֿיל דאָלאַרן זײַנען ניט בנימצא, מוז די רעגירונג זײַן שטרענג מיט דערלױבענישן פֿאַר קאַרס.

דערװײַל איז דער טעקסי־געשעפֿט אין ישׂראל אַ גאַנץ ריװוח׳דיקער. װען אײנער פֿאַרמאָגט אײנע אָדער צװײ טעקסיס, דאַרף ער אַלײן שױן גאָר־ניט טאָן — ער האָלט שױן געדונגענע שאָפֿערן און עס בלײַבט נאָך פֿאַר אַ גאָר נישקשה׳דיקן לעבן.

איך האָב זיך אָפֿט געװאונדערט, װי אַזױ װײסן די טעקסי־לײַט װי אַזױ צו רעכענען, אַז קײן „מיטערס", װאָס זאָלן מעסטן די שטרעקע און אָפּקלינגען דעם פּרײַז איז ניטאָ. טרעפֿט טאַקע, אַז אײנער װעט פֿאַר דער זעלבער שטרעקע רעכענען מער און אײנער װײניקער.

אָבער לאָמיר זיך אומקערן צו אונזער באַזוך בײַ די טװערסקיס. מיר האָבן ענדלעך דערטאַפּט אַ טעקסי, װעלכע האָט אונדז געבראַכט צו טװערסקיס װאױנונג. זײ װאױנען אין אַ גאַנץ שײנעם און מאָדערנעם אַפּאַרטמענט, װאָס האָט אפֿילו אַ „ליפֿט", אַן עלעװעיטאָר, אַרױפֿצופֿאָרן אױף די עטאַזשן. אָבער דער עלעװעיטאָר װערט ניט פֿרײַ באַנוצט, אַזױ װי אין די אַמעריקאַנער הײַזער. איך דרינג דאָס דערפֿון, װאָס װען מיר האָבן געװאָלט אַרױפֿפֿאָרן האָבן מיר געפֿונען, אַז דער עלעװעיטאָר איז געװען פֿאַרשלאָסן. ערשט װען איך האָב אַרױפֿגעקלעטערט אױף די שטיגן און געזאָגט דער מאַדאַם

טווערסקי, אַז סטערמאַן איז אונטן און קען ניט גיין קיין טרעפּ, האָט זי דעם עלעוועיטאָר אויפגעשלאָסן און אַליין סטערמאַנען אַרויפגעפּירט.

די טווערסקי׳ס, יוחנן און זיין פרוי, זיינען זייער געווען צופרידן אונז צו זען און האָבן זיך נאָכגעפרעגט אויף אַלע זייערע באַקאַנטע אין באָסטאָן. און באַקאַנטע האָבן די טווערסקיס געהאַט גאָר אַ סך. אויסער וואָס יוחנן איז יאָרנלאַנג געווען אַ לערער אין „היברו קאָלעדזש״, אַרויסגעגעבן אַ פּאָר ספרים און פון צייט צו צייט מיטגעאַרבעט אין דער אידישער און העברע־אישער פּרעסע, פלעגט ער אָפט געבן פאָרטראַגן פאַר דעם אידישן קולטור־קלוב, וואו ער איז געווען אַ מיטגליד, פאַר דער ציקאָ און פאַר דעם קולטור־קאָנגרעס.

פון זיינע רייד האָבן מיר געקאָנט זען, אַז ער איז דאָ, אין ישראל, זייער צופרידן, וואָס אָנבאַלאַנגט זיינע גייסטיקע און ליטעראַרישע אַרבעטן. ער האָט אונז דערציילט, אַז אויסער זיין באַשטענדיקער אַרבעט אין ביכער־פאַרלאַג, האָט ער שוין, זינט ער איז אין דער אידישער מדינה, אַרויסגעגעבן עטלעכע ספרים, און אַז ער איז אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין דער „גאָלדענער קייט״, שרייבנדיק וועגן דער העברעאישער ליטעראַטור, און אין די העברעאישע צייטשריפטן שרייבט ער וועגן דער אידישער ליטעראַטור.

עס איז פאַרשטענדלעך, אַז ווען אַ מענטש איז אַזוי פיל פאַרנומען מיט רוחניות האָט ער קיין צייט ניט פאַר די פילע ערדישע זאַכן, פאַר גשמיות, זאַכן פאַר דעם חומר. ער האָט דעריבער אינגאַנצן ניט גערעדט וועגן דעם מאַנגל אין שפּייז אַאַז״וו.

דערפאַר אָבער האָבן מיר געקענט מערקן פון דער מאַדאַם טווערסקי׳ס באַמערקונגען, אַז זי איז ניט שטאַרק צופרידן מיט דער איצטיקער לאַגע אין ישראל. אויף וויפיל זי האָט בכלל אַנטיילגענומען אין געשפּרעך, האָבן מיר פון איר געהערט, אַז דאָ איז אַ שווער לעבן — שווער צו קריגן דאָס נוי־טיקסטע.

איר אומצופרידנקייט איז פאַרשטענדלעך און איז נישט צו פאַרדעקן. זי, אַלס פרוי, וואָס דאַרף באַזאָרגן די פאַמיליע מיט שפּייז און לעבנס־באַ־דערפענישן אין אַ לאַגע פון מאַנגל און רעישאָנינגס, איז ניט אַזאַ מאכל... דאָס דערקוטשעט אַ פרוי מער ווי אַ מאַן, ספּעציעל אַזאַ מענטש ווי יוחנן, וואָס איז אַלעמאָל פאַרטאָן אין די עולמות...

יוחנן האָט געוואָלט וויסן וואָס אַלע פון זיינע באַקאַנטע מאַכן, וואָס

פאַר אַ טעטיקייט דער אידישער קולטור־קלוב פירט דורך, וואָס עס הערט זיך מיט דער קינדער־שולע, די ציקאָ און קולטור־קאָנגרעס.

מיר האָבן באמת פאַרבראַכט זייער אָנגענעמע מינוטן ביי די טווערסקיס. מיר האָבן געבראַכט גרוסן פון אַלע זיינע פריינט און ער האָט דורך אונז געשיקט גרוסן צו זיי.

און ווען איך האַלט שוין אין דערציילן וועגן דעם באַזוך ביי יוחנן טווערסקי, איז, גלויב איך, אויך כדאַי צו דערציילן וועגן נאָך אַ באַזוך, וואָס איך און מיין חבר יצחק קאַגאַן האָבן געמאַכט. אמת, ניט ביי קיין באַס־טאָנער לאַנדסמאַן, אָבער שוין גאָר ביי אַ חשוב׳ער פּערזענלעכקייט און באַגאַבטן פּאָעט, ביי אַברהם סוצקעווער.

אַברהם סוצקעווער האָב איך צופעליק באַגעגנט אין תל אָביב, ווען איך בין געווען מיט דער ערשטער דעלעגאַציע, אין 1949. די באַגעגעניש איז געווען אויף דער גאַס נעבן דער ועד הפועל געביידע, און אונזער שמועס האָט געדויערט בלויז עטלעכע מינוטן. ער האָט מיר דאַן געזאָגט, אַז ער קלייבט זיך צו פאָרן קיין אייראָפּע און אויך קיין אַמעריקע. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט געהערט וועגן דעם אידישן קולטור־קלוב און וועגן די באָסטאָנער חברים.

ווען מיר האָבן אים איצט נאָכאַמאָל באַגעגנט די ערשטע טעג פון אונזער זיין אין תל אָביב, איז ער שוין געווען צוריק פון אייראָפּע. קיין אַמעריקע איז ער ניט געפאָרן צוליב אַ פּשוט׳ער אורזאַך, ווייל — ווייל מען האָט אים קיין אַמעריקע ניט אַריינגעלאָזן. פאַרוואָס מען האָט אים קיין וויזיטינג־וויזע ניט געוואָלט געבן, איז איינ׳ע פון יענע פאַרדרייטע איראָניעס, וואָס טרעפט זיך בלויז אין די היינטיקע משוגע׳נע צייטן.

איך גלויב, אַז איך וועל דאָ ניט מגלה זיין עפּעס אַזוינס, וואָס דאַרף ניט דערציילט ווערן און וואָס קען, חלילה, שאַדן סוצקעווער׳ן. די מעשה איז, אַז סוצקעווער האָט פאַר זיין בראַווקייט מיט די פּאַרטיזאַנען, ווען זיי האָבן געקעמפט אין די וועלדער קעגן די נאַציס, געקראָגן אַן אויסצייכענונג, אָדער מעדאַל, פון דער סאָוועטישער רעגירונג. נו, אָט דער מעדאַל מאַכט אים איצט פּסול צו קומען אין אַמעריקע. משמעות, אַז אַ מעדאַל פון יאָסיף סטאַלין איז ניט קיין גוטע רעקאָמענדאַציע פאַר אַמעריקע, וואָס איז איצט אַזוי מקפיד, טאָמער איז, חלילה, אימיצער געכאַפּט אין דער מעשה...

ווען מיר האָבן אים איצט נאָכאַמאָל באַגעגנט אין די ערשטע טעג פון אונזער

זיין אין ישראל, האָבן מיר אים צוגעזאָגט, אַז איוב נאָר מעגלעך, וועלן מיר אים באַזוכן אין דער רעדאַקציע פון דער „גאָלדענער קייט״, וואו ער איז רעדאַקטאָר.

וועלנדיק האַלטן אונזער פאַרשפּרעכן, האָבן מיר, איך און יצחק קאַגאַן, זיך דערפרעגט וואו די רעדאַקציע געפינט זיך, וואָס לויט די נומערן זיינען געווען איינגעטיילט, איז ניט געווען אַזוי גרינג. עטלעכע מאָל זיינען מיר אַריינגעגאַנגען אין פּלעצער זיך נאָכפרעגן וועגן דער רעדאַקציע פון דער „גאָלדענער קייט״, האָבן די מענטשן פּשוט ניט געוואוסט פון וואָס מיר רעדן.

דער אויסזען פון דער רעדאַקציע האָט אונז, מילד גערעדט, פּשוט אַנטוישט. אַ פּאָר קליינינקע צימערן אויפן פערטן שטאָק, אָן וועלכע ניט איז איינריכטונגען פון מעבל אאַז״וו.

אויף אונזער פראַגע, וואָרום די הסתדרות, וועלכע איז די אַרויסגעבערין פון דער „גאָלדענער קייט״, באַזאָרגט ניט די רעדאַקציע מיט בעסערע צימערן, האָט מען אונז געענטפערט, אַז בעסערע צימערן זיינען איצט ניט בנמצא, אַז גרוימע צימערן וועלן זיי קריגן, ווען די גרויסע געביידע פאַר דעם ועד הפּועל וועט פאַרטיק ווערן — דעמאָלט וועט מען שוין מאַכן פּלאַץ אויך פאַר דער „גאָלדענער קייט״.

דערווייל ביז יענע געביידע וועט פאַרטיק ווערן, קומט אויס סוצקעווער׳ן, און זיינע מיטאַרבעטער צו אַרבעטן אונטער זייער שלעכטע אומשטענדן. ניט זיי האָבן דעם פּאַסיקן פּלאַץ דערפאַר און ניט עס איז פאַראַן גענוג פּאַפּיר, אַז די נומערן זאָלן אַרויסגיין ווי עס דאַרף צו זיין.

סוצקעווער האָט געוואָלט וויסן ווי עס האַלט אין אַמעריקע מיט אידיש־לייענער, מיט אידישע ביכער, זשורנאַלן, מיט אידישע קינדער־שולן אאַז״וו.

מיר, אָבער, זיינען געווען פאַראינטערעסירט צו הערן אים רעדן און וויסן, וואָס ער האָט צו זאָגן וועגן אידיש אין ישראל און וועגן אַנדערע פּראָבלעמען פון ישוב. סוצקעווער רעדט שטיל, מיט געציילטע ווערטער, פּונקט ווי ער שרייבט, און ווען איר קוקט אויף זיין אידל און אינטערעסאַנט געזיכט, אויף זיינע בלויע אויגן, וואָס בלישטשען אַרויס פון זיין בלאַנדן פּנים, וואונדערט איר זיך, ווי אַזוי האָט אָט דער מענטש געקאָנט אַריבער־טראָגן דאָס פּאַרטיזאַנען־לעבן אין די וועלדער, וואו מען האָט באַדאַרפט פירן אַ לעבן פון אַן אור־מענטש און זיך חבר׳ן אָפט מאָל מיט גראָבע און פּראָסטע נפשות...

איך און מיין חבר יצחק קאַגאַן זיינען געווען דאַנקבאַר פאַר דער גע־לעגנהייט, וואָס מיר האָבן געהאַט צו פאַרברענגען די אינטערעסאַנטע מינוטן מיט דעם גרויסן פּאָעט, וואָס נאָר די השגחה אַליין האָט אים אויסגע־היט פון די געפאַרן און אים געלאָזן לעבן, אַז ער זאָל באַרייכערן די אידישע פּאָעזיע און ליטעראַטור.

מיר האָבן זיך געזעגנט, זיינען געוואָרן סובסקריַיבערס פון דער „גאָל־דענער קייט", און איך האָב געקראָגן אַ מתנה פון סוצקעווער'ן זיין בוך „געהיימשטאָט", אויטאָגראַפירט.



אין הויף פון בית ספר לפעילי ההסתדרות אין תל־אביב, פאָטאָגראַפירט בעת דעם באַזוך פון דער ערשטער הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציע אין 1949.

## „אל־על״ אָרדנט איין פאַר אונז א געזעגענונגס־אָוונט אין לוד׳ער לופט־פּאָרט

די איר ווייסט שוין פון מיין לעצטן קאַפּיטל האָבן מיר נאָך געהאַט איין אָפּיציעלן וויזיט צו מאַכן איידער מיר זיינען אָפּגעפלויגן פון ישראל. דאָס איז געווען אין חולון, וואו מיר זיינען איינגעלאַדן געוואָרן בייצואווינען אַ פייערונג, וואָס די דאָרטיקע תושבים האָבן איינגעאָרדנט לכבוד דער דערעפענונג פון צוויי נייע גאַסן. די נעמען זיינען געווידמעט די צוויי גרויסע שניידער־יוניאָנס אין אַמעריקע — די „אַמאַלגאַמעיטעד״ און „אינטערנעשאָנאַל״.



יצחק בן צבי האָט געהאַלטן זייער אַ וויכטיקע רעדע ביים געזעגענונגס אָוונט פאַר די מיטגלידער פון דער דריטער הסתדרות־פּאָלקס־דעלעגאַציע.

האָבן מיר זיך אַלע פאַרזאַמלט ביי דעם ירקון־האָטעל, באַלד ווי עס האָט אָנגעהויבן צו ווערן טונקל, אפילו נאָך פאַר הבדלה. זיך אַריינגעזעצט אין די אויטאָבאָסעס און אָפּגעפאָרן קיין חולון, וואָס געפינט זיך צו דרום פון יפו.

דאָרטן, אין אַ פּאַרק, אונטער דעם פרייען, אויסגעשטערנטן הימל, אַרום לאַנגע טישן, זיינען שוין געווען אויסגעזעצט פיל מענער און פרויען, אָנגעזעענע חברים פון דער הסתדרות — איינוואוינער פון חולון.

ביי דעם הויפּט־טיש איז געזעסן דער פאָרזיצער פון אָוונט, דער מעיאָר פון שטאָט, אייזיק העמלין און די טרעיד־יוניאָן דעלעגאַציע, מיטגלידער פון דער „אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָרקערס״, „אינטערנעשאָנאַל גאַרמענט וואָרקערס״, „וועיטערס יוניאָן״ און ביי די אַנדערע טישן האָבן זיי אויסגעזעצט אונזער גרויסע דעלעגאַציע, צוזאַמען מיט די חולונ׳ער איז דאָס געווען אַ גאַנץ היפשער עולם.

עס זיינען צו דעם אָוונט אויך איינגעלאַדן געוואָרן אַ פּאָר טאַלאַנטפֿולע אַרטיסטן, זינגער פֿון דער אָפּערע און אַקטיאָרן.

מיר האָבן אָבער, צום באַדויערן, לאַנג, לאַנג געדאַרפֿט וואַרטן, איידער מיר האָבן געקענט געניסן פֿון דעם טייל פֿון פּראָגראַם, ווייל די רעדעס זיינען געווען פֿול און לאַנג, טאַקע ווי דער אידישער גלות.

עס האָט געהאַלטן אַ לאַנגע דרשה דער פּאָרזיצער, אַ חבר פֿון חולון. ער האָט באמת געהאַט וואָס צו דערציילן וועגן דער ערשטער גרינדונג, פֿון דעם וואָס עס איז דאָ פֿריער געווען און וואָס עס איז איצט. דער נאָמען — האָט ער געזאָגט — איז גענומען פֿון דעם, וואָס עס איז ווירקלעך געווען חול (זאַמד), אָבער מיר האָבן דורך אונזער אַרבעט געמאַכט דערפֿון חולון — אַ ישוב, וואָס אַלע זיינען שטאָלץ אויף דעם.

דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן די רעדעס פֿון די טרעיד־יוניאָן דעלעגאַטן: עס האָט גערעדט יוסף ברעסלאַו און לואיס היימאַן פֿון דער אינטער־נעשאָנעל. ברעסלאו האָט גערעדט מיט באַוואונדערונג וועגן דעם וואוקס און אַנטוויקלונג, וואָס ער האָט דאָ געזען איצט אין פֿאַרגלייך מיט דעם, וואָס ער האָט דאָ געטראָפֿן, ווען ער האָט באַזוכט ישראל באַלד נאָך דער אַנטשטייאונג פֿון דער מדינה.

לואיס היימאַן האָט באַגריסט די חולונ׳ער און האָט אויף אַ זייער הומאָ־ריסטישן אופֿן געשילדערט אייניקע עפּיזאָדן, וואָס ער האָט בייגעוואוינט אויף זיין שפּאַציר אין ישראל.

אים, האָט ער געזאָגט, האָט מער פֿון אַלעם אימפּאָנירט דאָס, וואָס אידן זיינען אַקטיוו און נעמען אַן אָנטייל אין אַלע אַרבעטן, ערד־אַרבעט, שווערע, שוואַרצע אַרבעט אַזוי גוט ווי אין קולטורעלע שאַפֿונגען פֿון לאַנד. זיי טוען דאָס אַלץ מיט גרויס ליבשאַפֿט און איבערגעגעבנקייט פֿאַר זיך און פֿאַר די אינטערעסן פֿון דער מדינה.

ער אַליין, זאָגט ער, האָט געזען אַ איד מיט אַ לאַנגער באָרד און נאָך לענגערע פּיאות פֿאָרן אויף אַ מאָטאָציקל און זיך יאָגנדיק אויף דעם, פּונקט ווי אַן אַמעריקאַנער ספּאָרטלער.

אַזאַ זאַך — זאָגט ער — וואָלט ער ניט געגלויבט, ווען ער וואָלט דאָס ניט געווען געזען מיט זיינע אייגענע אויגן.

נאָך היימענ׳ען האָט גערעדט ד. סיגעל פֿון די ווייטערס יוניאָן.

דערנאָך האָט אייזיק העמלין איבערגענומען די קאָמאַנדע פון דעם אָוונט און נאָך אַ פּאָר באַגריסונגס־ווערטער האָט ער פאָרגעשטעלט די זינגער, וועלכע זיינען געזעסן אַזאַ לאַנגע צייט און געוואַרט צו טאָן דאָס, צו וועלכן זיי זיינען אַהער גערופן געוואָרן.

זייער זינגען העברעאישע און אידישע לידער האָט דעם עולם דער־פרייט און זיי האָבן די זינגער האַרציק אַפּלאָדירט.

און אין אַזאַ פריילעכער שטימונג האָט זיך געענדיקט די פייערונג פון דער דערעפענונג פון די צוויי חולון־גאַסן אויף די נעמען פון די צוויי יוניאָנס און אַ גאַס אויפן נאָמען פון פאַרבאַנד און מיר האָבן זיך אומגעקערט צו אונ־זערע האָטעלן אין תל אביב.

***

זונטאג, דעם 19טן אויגוסט, איז אונזער עולם געווען פאַרנומען מיט פאַרפּאַקן דעם באַגאַזש און דער צוגרייטונג צו דעם פלי אַהיים.

נעבן דעם ירקון־האָטעל זיינען מיר אַלע געווען פאַרזאַמלט. די טרעגערס האָבן צוזאַמענגעטראָגן אונזער באַגאַזש און אָנגעלאָדן די אויטאָבוסן פון דער לופט־ליניע „אל על", וועלכע זיינען געשטאַנען פאַרטיק אָפּצופירן אונזערע 60 דעלעגאַטן צום לוד'ער לופט־פּאָרט.

אויף דער ווערענדע פון האָטעל איז געווען אַ היפשער עולם פון באַ־גלייטער, פריינט און באַקאַנטע פון די דעלעגאַטן. יעדער האָט זיך געוואָלט געזעגענען און זאָגן „שלום". די ישראל'דיקע, ווידער, האָבן דורך אונז געוואָלט שיקן גרוסן צו קרובים און פריינט אין אַמעריקע.

דערווייל האָט עס געזשומעט און געקאָכט אויף דער ווערענדע פון האָטעל און אַרום דעם ירקון פון פאַרבייגייענדיקע, וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט צו באַטראַכטן די מענגע מענטשן און די אָפּפאָרנדיקע אַמעריקאַנער.

אָבער אָט זיצן מיר שוין אין די באָסעס, די טירן ווערן פאַרמאַכט און זיי פאָרן אָפּ דורכלויפנדיק די תל־אביב'ער גאַסן אויפן וועג קיין לוד.

די זון האָט געהאַלטן אין פאַרגיין, און איידער זי איז פאַרשוואונדן פון האָריזאָנט, האָט זי מיט אירע רויטע שטראַלן באַפאַרבט דעם הימל ביי זיינע ברעגן.

איך האָב אַרויסגעקוקט דורך דעם אָפענעם פענצטער פון לויפנדיקן באָס און באַטראַכט די לאַנדשאַפט אַרום. פון דער טונקלקייט האָב איך נאָך

פונדעסטוועגן בולט געקענט זען די ערד, דאָס ביסל גראָז און די בוימער, וואָס זיינען אין דער צייט פון יאָר אין ארץ ישראל פאַרטריקנט פון די הייסע טעג, ווען די זון גליט אָן אַן אויפהער, אָן אַביסל רעגן — ביז עס קומען אָן די רעגנס אין הערבסט.

מיר האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו לוד און מיר פאָרן פאַרביי אַ מעברה — דאַכט זיך די גרעסטע מעברה, וואָס מיר האָבן באַגעגנט אויף אונזער שפּאַציר אין ישראל. די טונקעלע פּאַלאַטקעס (טענטס) האָבן זיך שורות׳ווייז געצויגן קילאָמעטערס לאַנג.

ווער זיינען דאָס די מענטשן, וועלכע באַוואוינען די פּאַלאַטקעס? פון וואַנען זיי קומען איז מיר ניט באַוואוסט. אָבער פון וועלכן לאַנד זיי זאָלן ניט האָבן אַהער אויסגעוואַנדערט, צי פון פוילן, רומעניע, אָדער פון תימן, איראַק, טריפּאָלי, צי פון אַנדערע לענדער, דאַרף זייער ביטערע מערכה שטאַרק באַדויערט ווערן. און מיר דוכט זיך, אַז יעדער איד, און ספּעציעל די אַמעריקאַנער אידן דאַרפן האָבן אויף זייער געוויסן די שולד, וואָס אַזוי פיל פון אונזער אייגן בלוט און פלייש ליידן און מאַטערן זיך אין אַזאַ צושטאַנד פון אַ לעבן פון יסורים.

וואָרים, ווען מיר אַלע, אַמעריקאַנער אידן, ווען עס לעבט זיך עקאָנאָמיש אָן אַן ערך בעסער פון וועלכע עס איז אַנדערע אידן, וואָלטן געווען געטאָן אונזער גאַנצע פליכט לויט דער היסטאָרישער פאָדערונג, וואָלט שוין איצט אַ גרויסע צאָל פון די לאַגערן ליקווידירט געוואָרן.

האָבנדיק געזען דאָס לעבן פון די עולים אין אַנדערע מעברות נעבן בת־ים, אין יפו און ווייסנדיק דעם געוואַלדיקן געראַנגל, וואָס די ישראל־רעגירונג, צוזאַמען מיט דער אַגענטור, פירן אָן טאָג טעגלעך צו ליקווידירן די לאַגערן און צו דערפירן די מענטשן צו אַ מער מענטשלעכן און דערטרעגלעכן לעבן, האָט זיך מיר אין דער מינוט געוואָלט אויסשרייען אַזוי הויך, אַז אַלע אידן פון אַמעריקע און פון אַנדערע לענדער זאָלן מיך הערן: אידן, מיר טוען ניט גענוג! מיר באַגייען אַ פאַרברעכן מיט דעם, וואָס מיר לאָזן די געפּייניקטע רעשטלעך פון אונזער פאָלק, וועלכע זיינען מיט אַזוי פיל מי און מסירת נפש אַהערגעבראַכט געוואָרן, אַזוי לאַנג זיך וואַלגערן אין די לאַגערן.

זיי האָבן אויף זייערע אייגענע קערפּערס אַריבערגעטראָגן אַלע ליידן און צרות, פון וועלכע מיר זיינען אויסגעהיטן געוואָרן, האָבן מיר דאָך אויך

געקענט זיין אין זייער לאַגע; מיר זיינען דורך אַ צופאַל, אָדער רופט דאָס השגחה, ניצול געוואָרן מיט דעם, וואָס מיר זיינען באַצייטנס פון די ערטער אַנטלאָפן. זיי זיינען דאָך דער מענטשן־מאַטעריאַל, וואָס מען האָט געבראַכט קיין ישראל, אַז זיי זאָלן בויען, אַרבעטן און שטאַרקן די מדינה, אַז זי זאָל וואַקסן און ווערן שטאַרקער. זיי זיינען דאָס די, וועמען עס איז באַשערט דורכצופירן די היסטאָרישע מיסיע פון קרעפטיקן און פאַראייניקן די אידישע אומה אויף וועלכער עס לויערן אַזוי פיל געפאַרן.

יאָ, עס האָט זיך מיר אין דער מינוט געוואָלט דאָס אויסשרייען, אַז יעדערער זאָל וויסן, אַז ער דאַרף זיך צוויילן, אַז עס ווערט שפּעט, אַז די שונאים, וואָס רינגלען אַרום ישראל, ווערן שטאַרקער און חוצפה׳דיקער.

אָבער אָט זיינען מיר שוין אין לופט־פּאָרט. מיר שטייגן אַרויס פון די באָסעס, יעדער מיט זיין האַנט־באַגאַזש. די גרעסערע וואַליזעס און פּעקלעך ווערן אַוועקגעטראָגן פון די טרעגער צו דער וואָג, וואו זיי ווערן געוואויגן לויט נאָך די רעגולאַציעס. דער, וואָס האָט צופיל וואָג, דאַרף צאָלן פאַר „עקסעס בעגעדזש“.

די, וואָס ווערן פאַרטיק מיט דער פּראָצעדור פון אַריינגעבן דעם באַגאַזש און קאָנטראָל פון פּאַספּאָרט, הייסט מען אַריינגיין אין דעם רעסטאָראַן, וואו מיר האָבן געדאַרפט זיין די געסט פון דער פאַרוואַלטונג פון „אל־על“, די נאַציאָנאַלע לופט־ליניע פון מדינת ישראל, אויף וועמענס עראָפּלאַנען מיר זיינען געפלויגן קיין ישראל און איצט וועלן מיר פליען צוריק אַהיים, קיין אַמעריקע.

דערמאָנענדיק „אל־על“, גלויב איך, אַז עס איז כדאי צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם אויפקום פון אָט דער ישראל׳דיקער נאַציאָנאַלער לופט־ליניע, ווייל אָט די אונטערנעמונג סימבאָליזירט אויף אַ כאַראַקטעריסטישן אופן דעם טעמפּאָ, ווי אַזוי ישראל אַנטוויקלט זיך און ווי גיך זי נעמט אָן אַלע אַטריבוטן און פאָרמען פון דעם פּראָגרעס פון היינטיקע מאָדערנע, עקאָנאָמיש־אַנטוויקלטע לענדער.

ווער, למשל, וואָלט געגלויבט, אַז בלויז צוויי יאָר נאָך דער עטאַבלירונג פון אַ מדינה׳לע, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין שטורעם און אין פייער, און האָט כמעט דעם גאַנצן ערשטן יאָר פון געבורט געדאַרפט קעמפן מיט שונאים, וואָס האָבן זיך אויף איר אַרויפגעוואָרפן און געוואָלט זי פאַרטיליקן. וועמען, וועלכן פאַנטאַזיאָר, וואָלט דאָס איינגעפאַלן צו גלויבן, אַז אין אַזאַ קורצער



דוד רמז ע״ה באַגריסט די מיטגלידער פון דער ערשטער הסתדרות פֿאָלקס־דעלעגאַציע אין אויגוסט, 1949, ביים געזעגענונגס־אָוונט פֿאַר זייער צוריקפֿאָרן קיין אַמעריקע, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין בית ספר לפעילי ההסתדרות.

צייט וועט די מדינה פֿאַרמאָגן אַ לופט־פלאָט פון עראָפּלאַנען, וואָס וועלן קורסירן אין אייראָפּע, אַזיע, אַפריקע און אַמעריקע!

יאָ, עס קלינגט פֿאַנטאַסטיש, אָבער דאָס איז איצט אַ פֿאַקט. און רעדנדיק איבער דעם, דערמאָן איך זיך אין אַ וויזיט, וואָס אַ קליינע גרופּע פון אונזער ערשטער דעלעגאַציע קיין ישראל, אין 1949, האָט געמאַכט ביי דעם דעמאָל־טיקן טראַנספּאָרטאַציע־מיניסטער, דוד רמז, ע״ה. דעמאָלט איז די לופט־ליניע אל־על נאָרוואָס געגרינדעט געוואָרן און האָט בלויז פֿאַרמאָגט עטלעכע קלענערע עראָפּלאַנדלעך, וואָס זיינען געפֿלויגן אין די דערבייאיקע לענדער.

דוד רמז האָט אונז דעמאָלט געזאָגט, אַז עס איז זייער אַמביציע אין דער נאָענטער צוקונפֿט צו האָבן אַזעלכע עראָפּלאַנען, וואָס זאָלן קענען פֿליען איבער דעם אַטלאַנטיק און פֿאַרבינדן ישראל מיט אַמעריקע.

איצט, בלויז צוויי יאָר שפּעטער, זיינען מיר מיט „אל־על״־קאָנסטעלעי־שאָנס געפֿלויגן פון אַמעריקע קיין אייראָפּע און ישראל און איצט — צוריק, קיין אַמעריקע.

ווען מיר זיינען אַלע פֿאַרטיק געוואָרן מיט דער פּראָצעדור פון אַריינ־געבן אונזער באַגאַזש און קאָנטראָל פון פּאַספּאָרטן, האָבן מיר זיך פֿאַרזאַמלט אין דעם רעסטאָראַן פון דעם לופט־פּאָרט פֿאַר אַ מאָלצייט, אַ געזעגענונגס־סעודה, צוגעגרייט פֿאַר אונזער דעלעגאַציע, איידער מיר האָבן אַריינגעשטיגן אין דעם עראָפּלאַן אַפּצופֿליען פון לוד.

דער טייל פון רעסטאָראַן, וואו מיר האָבן זיך אויסגעזעצט איז אינגאַנצן געווען רעזערווירט פֿאַר אונז. די הויפּט־פֿאַרוואַלטער פון דער לופט־ליניע

זיינען געוועזן מיט אונז און אונז דערציילט וועגן דעם פּראָגרעס פון דער ליניע און פון די טעכנישע שוועריקייטן, וואָס זיי דאַרפן נאָך באַזייטיקן אאַז״וו.

דער פאָרזיצער פון אונזער דעלעגאַציע האָט באַדאַנקט דער פּאַרטרעטער־שאַפט פון „אל על״ פאַר דער דינסט, וואָס די לופט־ליניע האָט אונז געגעבן די גאַנצע צייט, ווען מיר זיינען געוועזן אונטערוועגס און פאַר דעם פיינעם פאַר־געזונט אָוונט, וואָס זיי האָבן פאַר אונז איינגעאָרדנט איידער מיר פליען אָפּ.

אונזער עולם איז געוועזן אין אַ זייער געהויבענער שטימונג. די שפּייזן, דער גוטער וויין און די אַטמאָספער, האָבן געמאַכט דאָס אָפּפליען פאַר אַן אומפאַרגעסלעכן מאָמענט פון אונזער רייזע.



# מיט דער דריטער הסתדרות־פֿאָלקס־דעלעגאַציע צוריק קיין ניו־יאָרק

פֿאַרטיק געוואָרן מיט דער פֿיינער „צאתכם־לשלום־סעודה", וואָס די פֿאַרוואַלטער פֿון דער ישראל לופֿט־ליניע „אל־על" האָבן פֿאַר אונז צוגעגרייט אין דעם רעסטאָראַן פֿון פּאָרט, זיינען מיר אַרויס אין דרויסן, וואו דער גרויסער „אל־על" קאָנסטעלעישאָן־עראָפּלאַן איז צוגעגרייט געוואָרן פֿאַר אונזער אָפּפֿלי.

מעכאַניקער האָבן זיך אַרום אים געפּאָרעט, עקזאַמינירט די ריזיקע מאָטאָרן, אַרומגעקוקט אַלע אַנדערע טיילן פֿון עראָפּלאַן, אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדענונג. אַנדערע האָבן אים אָנגעפֿילט מיט גאַזאָלין, עס זאָל זיין גענוג אויף דעם ערשטן שפּרונג קיין אַטען, גריכנלאַנד.

מיר זיינען געווען פֿאַרזאַמלט און געוואַרט אויף דעם סיגנאַל איינצושטייגן. פֿריינט און קרובים, וועלכע זיינען אונז געקומען באַגלייטן, זיינען שוין געווען אָפּגעטיילט פֿון אונז, ווייל פּאַקטיש זיינען מיר שוין געווען אויסגעשריבענע, אונזערע פּאַספּאָרטן אָפּגעשטעמפּלט. מיר האָבן שוין באַלאַנגט אויסער ישראל.

זיינען מיר געשטאַנען און געוואַרט, באַטראַכט דעם פּאָרט מיט די עראָפּלאַנען פֿון אַנדערע ליניעס און לענדער, וועלכע קומען אַהער צו פֿליען, געבנדיק דעם פּאָרט אַ לעבהאַפֿטע טעטיקייט.

און אָט הייסט מען אונז אַרויפֿגיין אויף דעם עראָפּלאַן. אונזער פֿירער און סעקרעטאַר פֿון דער דעלעגאַציע, יצחק פּייגענבוים, בעט, אַז מען זאָל זיך ניט איילן, ניט מאַכן קיין געדראַנג, ווייל לויט דעם געזעץ דאַרף מען לויטן צעטל „טשעקען" די נעמען. ער האָט דעריבער אויסגערופֿן יעדן איינעמס נאָמען, לויט נאָך די סטעיטס פֿונוואַנען מיר קומען.

די פּראָצעדור האָט גענומען אַביסל לענגער, אָבער ענדלעך זיינען אַלע אַרויף אויף דעם עראָפּלאַן, זיך אויסגעזעצט און זיך געמאַכט באַקוועם צו קענען כאַפּן אַ דרימל ביז מיר וועלן קומען קיין אַטען, וואָס געדויערט אומגעפֿער אַרום פֿיר און אַ האַלבע שעה.

די עלעקטרישע אויפּשריפֿט, וואָס האָט אַ שיין געטאָן, האָט געהייסן זיך אַרומגאַרטלען און ניט רויכערן. די טירן זיינען פֿאַרהאַקט געוואָרן, די מאָטאָרן

האָבן זיך אָנגעהויבן צו דרייען און דער עראָפּלאַן איז צוגעפירט געוואָרן צו דעם פּלאַץ, וואו ער האָט זיך געדאַרפט אויפהויבן.

דאָ, אויף דעם פּלאַץ, זיינען די מאָטאָרן נאָכאַמאָל אויסגעפּרובירט געוואָרן צי זיי אַרבעטן ווי עס באַדאַרף צו זיין, און ווען דער קאַפּיטאַן איז געווען צופרידן, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, האָט זיך דער קאָנסטעלעישאָן-עראָפּלאַן געריררט פון אָרט, אָנגעהויבן לויפן אויף דער ערד און באַלד מיט אַ געוואַלדיקן אימפּעט, אַ רעווען פון די מאָטאָרן, האָט זיך דער ריזיקער שטאָלענער פויגל אויפגעהויבן און געקלעטערט העכער, העכער אין הימל אַריין, ביז ער האָט דערגרייכט אַ געוויסע הויך. דערנאָך האָט ער זיך אויסגעגלייכט און געפלויגן גלאַט, אָן אַ טרייסל, אַז עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער שטייט ממש אויף אָן אָרט.

עס איז שוין געווען האַלבע נאַכט, ווען מיר זיינען אָפּגעפלויגן. איך האָב אַרויסגעקוקט דורך דעם קליינעם פענצטערל, אָבער איך האָב קוים געקענט זען די קליינע פינקלענדיקע ליכטלעך פון תל אביב און די ישראל-שטעט אַרום.

אונזערע מידע דעלעגאַטן האָבן פּרובירט כאַפּן אַ דרימל. איך האָב אויך געמאַכט אַ פּאַרזוך צו דרימלען. איך האָב אָבער בשום אופן ניט געקענט.

מיינע געדאַנקען זיינען געפלויגן פריער אַהיים, צו מיין פאַמיליע, וואָס איך האָב שוין באַלד פינף וואָכן ניט געזען, צו די געשעפטן, וואָס איך האָב איבערגעלאָזן. איך האָב געטראַכט וועגן דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, וועגן דעם קומענדיקן געווערקשאַפטן- און יונאַיטעד אַפּיל-קאַמפּעין, באָנד-דראַיוו אאז״וו.

אָבער מער פון אַלעמען זיינען מיינע געדאַנקען געווען פאַרנומען מיט די אָנגעזאַפּטע איינדרוקן פון דעם שפּאַציר אין ישראל.

אַזוי ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ האָט זיך פאַר מיר דורכגעדרייט אַלץ, וואָס מיר האָבן אין ישראל געזען און באַגעגנט. דאָס עקאָנאָמישע לעבן, דער גע-ראַנגל פון ישוב מיט די גרויסע און שווערע פּראָבלעמען, דאָס ליכט און שאָטן, וואָס שפּילט און לאָזט זיך איינס דאָס אַנדערע ניט באַזיגן. פאַר מיינע אויגן איז געשטאַנען קלאָר די פאָרמאַציע פון אַ מדינה מיט אַ טייל מענטשן-מאַטעריאַל, וואָס האָט און איז צוגעוואוינט צו אַ סטאַנדאַרד פון ציוויליזירטן און קולטורעלן לעבן, און פון אַ היפּשן טייל מענטשן, וואָס שטייען נאָך באמת

אויף אַ זייער נידעריקן מצב, פֿון אַן אינדוסטריע, וואָס איז נאָך אין אַ זייער פּרימיטיוון צושטאַנד און אַן עקאָנאָמיע, וואָס דאַרף נאָך אָנהויבן פֿון בראשית.

פֿאַר מיר לויפֿן דורך די בילדער, וואָס מיר האָבן געזען אין די דער־פֿער: עין־חרוד, דגניה, כפר־גלעדי, כפר־בלום, אפיקים און א סך אַנדערע. דאָס לעבן אין די אַלע דערפֿער, הגם ניט קיין גרינגס, אָבער שוין מער אָדער ווייניקער אויף אַ העכערן סטאַנדאַרד.

דאַקעגן ווידער שוועבן דורך דורך מיינע אויגן די לאַגערן, די מעברות, וואו די מענטשן מאַטערן זיך און לעבן ווי די נאָמאַדן, אַן אויסזיכטן גיך געהאָלפֿן צו ווערן.

אָבער אָט גיט אַ בלישטש פֿאַר מיינע אויגן דאָס ליכט פֿון די פֿיינע גאַסן און בולוואַרן פֿון תּל־אביב, רמת־גן, הרצליה, די שיינע און קאָכעדיקע שטאָט חיפֿה מיט אירע פֿאַבריקן, האַפֿן און די פֿיינע גאַסן און אַלייען אויף דעם הדר־ און הר־הכרמל. דאָס בילד בייט זיך און לויפֿט דורך ירושלים, די קרוין און האַרץ פֿון דער אידישער מדינה. איך פֿיל ממש די קלאָרע און דורכזיכטיקע לופֿט פֿון דער הייליקער שטאָט, די פֿיינע גאַסן, הייזער און די רואיקייט פֿון דער עיר־הקודש...

אָט די אַלע בילדער האָבן דורכגעשוועבט פֿאַר מיר, ווען איך בין גע־זעסן מיט פֿאַרמאַכטע אויגן. איך האָב אויך געזען די טאָלן פֿון עמק און די בערג פֿון גליל, וואו זיי שטייען דערווייל פֿאַרטריקנט און פֿאַרלאָזן און וואַרטן אויף אידישע פּיאָנערישע הענט זיי זאָלן קומען זיי באַוואַסערן און גרין מאַכן.

עס איז נאָך אַוודאַי דאָ זייער פֿיל צו טאָן פֿאַר בויען און אַנטוויקלען דאָס לאַנד, געזונט מאַכן דעם באָדן, אַז ער זאָל געבן די אַריבערגעקומענע און די וואָס דאַרפֿן נאָך קומען פּרנסה און אַ מענטשלעך לעבן.

אָבער דאָס שוין אויפֿגעטאָענע, דער פּראָגרעס, וואָס איז שוין געמאַכט אין דער קורצער צייט, דאָס איינאָרדענען פֿון אַזוי פֿיל טויזנטער ניי אַריינ־געקומענע, און דאָס צוגרייטן אַ פֿאַרטיידיקונגס־אַפּאַראַט מיט אַ מאַכט אויף דעם ים, יבשה און אין דער לופֿט, איז באמת צו שטוינען און באַוואונדערן.

און ווען מען קוקט זיך גוט צו און מען באַטראַכט דעם גרויסן פּראָגרעס, דאָס שוין אָפּגעטאָענע און דערגרייכטע, ווערן אַלע פֿעלערן און אויסזעצונגען קליין, זייער קליין לגבי דעם, וואָס איז שוין אין די פֿאַר יאָר פֿאַרווירקלעכט געוואָרן.

און דאָ איז ווערט צו דערמאָנען, אַז אין דעם פּראָגרעס און אין דער אַנטוויקלונג פון דער מדינה האָט, לויט מיין מיינונג, די הסתדרות אַ גרויסן חלק.

מעג זיך יעדער איינער האָבן זיין מיינונג און זיין געניגט צו וועלכער אידעאָלאָגיע עס זאָל ניט זיין; מעג אַן אַנדערן ניט געפעלן די קאָאָפּעראַטיווע און סאָציאַליסטישע טענדענצן, וואָס די הסתדרות האָט פאַר איר ענדציל — קיינער אָבער, אויב ער האָט נאָר אַ פונק פון ערלעכקייט און אָביעקטיוויטעט, קען ניט לייקענען, אַז די הסתדרות איז געווען און איז ביזן היינטיקן טאָג די גרויסע און קרעפטיקע זייל, וואָס האַלט אונטער די מדינה.

וואָרים ווען די אַלע, וואָס האָבן אויסצוזעצן קעגן דער גרויסער אָרגאַני־זאַציע, וואָלטן זיך אַריינגעטראַכט אין דער געשיכטע און דער אַנטוויקלונג פון דער הסתדרות און ווי אַזוי זי האָט דערגרייכט איר איצטיקן צושטאַנד, וואָלטן זיי אַליין נאָר געהאַט רעספּעקט און לויב, אַנשטאָט טענות, צו איר.

וואָרים אָנהויבנדיק פון די טראַנספּאָרט־קאָאָפּעראַטיוון, וואָס זיינען איצט גרויס, שטאַרק און מעכטיק, ביז די אַלע אַנדערע אינדוסטריעלע אונטערנע־מונגען, וואו די הסתדרות האָט אַ חלק, זיינען זיי אַלע אַנטשטאַנען אין אַ צייט, וואָס איז געווען אַ שטאַרקע בויט פאַר זיי, ווען פּריוואַטער קאַפּיטאַל האָט ניט געוואָלט און ניט גע׳חלומ׳ט צו ריזיקירן אין אַזעלכע, דאַן ריזיקאַלישע אונטערנעמונגען.

דאָס קען מען אַוודאַי מיט אַ ריינעם געוויסן זאָגן אויף די אַגריקולטורעלע דאָרפישע אונטערנעמונגען, די קבוצות און קיבוצים, וואָס זיינען אויפגע־קומען דורך דער פּיאָנערישער אַרבעט פון אידעאַליסטן, וואָס ניט קוקנדיק אויף דער שווערער פּראַצע און לעבנס־געפאַר, איז די אַרבעט ביי זיי געווען אַ הייליקער אידעאַל — צו בויען ארץ־ישראל.

אין דער צייט, ווען אידישע געלט־מענטשן, אַפילו איבערגעגעבענע ציוניסטן, האָבן ניט געהאַט די קלענסטע השגה צו אינוועסטירן אין דעם דעמאָלט פאַרוואָרלאָזטן לאַנד, האָבן די פּיאָנערן און אידעאַליסטן פון די קבוצות און קיבוצים דורכגעווייקט די פעלדער מיט זייער שווייס און בלוט און ממש מיט זייערע אייגענע לייבער געטריקנט די זומפּן, געשניטן וועגן אאַז״וו. איצט פאַרגינט מען זיי ניט זייער דערפאָלג און מען טראַכט אויף זיי אויס כל׳ערליי בלבולים.

איך מיין, אַז די בעסטע רעקאָמענדאַציע פאַר דער הסתדרות, וואָס איינער קען געבן איז, שיקן מענטשן קיין ישראל, אָנצוקוקן די הסתדרות־אונטערנעמונגען און אינסטיטוציעס ביי דער אַרבעט.

שוין אָפּגערעדט וועגן די דערפער, די קבוצות און קיבוצים, וואָס זיי אַליין צו זען איז אַ שטודיע פאַר זיך אַליין, איז ווערט זיך צו באַקענען מיט דער אינדוסטריעלער זייט, מיט די פאַבריקן, זאַוואָדן, בוי־קאָאָפּעראַטיוון, טראַנספּאָרט, אויף דער יבשה, אויף דעם ים און אין דער לופט. די קאָאָפּעראַטיוון „המשביר־המרכזי״, „תנובה״ און „סולל בונה״. ווער רעדט וועגן דער גרויסער און מייסטערהאַפּטער מעדיצינישער אָרגאַניזאַציע „קופּת חולים״ מיט אירע דיספּענסעריס, שפּיטאָלן, וואָס זיינען פאַרשפּרייט איבער דעם לאַנד און היילן און היטן אָפּ דאָס געזונט ניט נאָר פון די 600 טויזנט נפשות, מיטגלידער וואָס זיינען אין איר אָנגעשלאָסן, נאָר העלפט אויך אין געזונט מאַכן טויזנטער עולים, וועלכע שטראָמען אַריין טעגלעך אין לאַנד.



געסט־רעדנער ביים צוריקקומען פון די באָסטאָנער מיטגלידער פון דער דריטער הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציע. פון לינקס צו רעכטס: אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ, אברהם הארמאן, פאָרשטייער פון ישראל קאָנסולאַט אין ניו יאָרק, דר. לואיס סילווער און אייב העמלין.

איך מיין, אַז די אַלע אויסגערעכנטע הסתדרות־אונטערנעמונגען שעפּן בכלל ניט אויס אַלע אַקטיוויטעטן און אינסטיטוציעס, אין וועלכע די הסתדרות איז אין שותפות. אָבער עס זיינען ווערט צו דערמאָנען די פינאַנץ־אינסטיטוציעס פון „באַנק הפועלים״, „אַמפּאל״ און אַנדערע קלענערע פינאַנץ־אינסטיטוציעס, וואָס אָפּערירן אונטער דער הסתדרות־אויפזיכט.

אויף דעם קולטורעלן געביט איז די הסתדרות אַוודאי ניט הינטערשטעליק. זי האַלט אויס פאַך־שולן, גיט אַרויס זשורנאַלן אאַז״וו.

אַט די גרויסע, פאַרצווייגטע טעטיקייט פון דער הסתדרות, האָבן מיר, דעלעגאַטן, געזען אויף אונזער גרויסן שפּאַציר און איך האָב פּרובירט, לויט מיינע אָרעמע כוחות, געבן אַ קליינעם באַגריף.

# פייערלעכער קבלת פּנים



העכער 4,000 מיטגלידער פון ניו ענגלאַנד ביים קבלת פּנים פאַר די מיטגלידער פון דער דריטער הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציע, נאָך זייער צוריקומען פון ישראל דעם 26טן אויגוסט, אין דעם אַרבעטער רינג קעמפּ אין ניו ענגלאַנד.

איך האָב פאַר דעם אָפּגעריסן צייט פון מיינע געשעפטן און פון מיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, ווייל שרייבנדיק די איינדרוקן פון דעם שפּאַ־ציר, האָב איך באמת איבערגעלעבט די אינטערעסאַנטע מאָמענטן פון אונזער רייזע.

און זאָל מיר דערלויבט זיין ביי דער געלעגנהייט אויסצודריקן אַ האַר־ציקן דאַנק די חברים פון ישראל, וואָס מאַכן מעגלעך פאַר הסתדרות־עסקנים אַרומצופאָרן איבער דעם לאַנד און באַזאָרגן זיי מיט די מעגלעכסטע באַ־קוועמלעכקייטן. זייערע האַרציקע און חבר׳ישע אויפנאַמעס, וואַרעמען אָן די הערצער און בלייבן אין זכרון פאַר לאַנגע יאָרן.

אַלס פאָרזיצער פון דער דריטער דעלעגאַציע וויל איך איצט געבן אַ דאַנק און גרויס אָנערקענונג אַלע דעלעגאַטן פאַר זייער קאָאָפּעראַציע און מוסטערהאַפטער האַלטונג דורך דער צייט פון אונזער שפּאַציר. עס איז פאַר מיר אוממעגלעך צו דערמאָנען יעדערנס נאָמען, אָבער אַלע, אַלע האָבן גלייך פאַרדינט גרויס לויב. אייערע נעמען און בילדער וועט פאַרצייכנען פאַר דער געשיכטע אייער אָנטיילנעמען אין דער היסטאָרישער דעלעגאַציע.

אַ באַזונדערן דאַנק קומט מיינע באַסטאַנער קאָלעגן: קאַגאַן, אָסקאַר סטערמאַן, גרין און ספּעציעל מעידזשאַר קאָן, וואָס האָט ביי אַ סך אויפנאַמעס מיר אַרויסגעהאָלפן מיט באַגריסונגען און ווען איך דערמאָן די חברים האָב איך אַוודאַי אין זינען אויך די חברות. זיי זיינען געווען אמת׳ע „ספּאָרטען‟ און זיינען דורכגעגאַנגען מיט אונז, געשולטע רייזענדער.

און אחרון אחרון חביב: אייזיק העמלין, יצחק פייגענבוים — אונזער סעקרעטאַר און די נאַציאָנאַלע דירעקטאָרן קומט גרויס אָנערקענונג פאַר זייער וויזיע פון איינאָרדענען און אַראַנזשירן די רייזעס. עס איז פון גרויס וויכ־טיקייט פאַר דער הסתדרות די אויפקלערונגס־ווערט דערפון און פאַר די, וואָס מאַכן אַזאַ טור, איז דאָס אַ דערהויבונג און נחת.



# דער תקיעת כף

פון י. פייגענבוים

דירעקטאָר פון „תיור וטיול" און אָנפירער פון די הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציעס

היינט מעג מען שוין דערציילן וועגן אַ באַשיידענע, אָבער אַ וויכטיקע געשעעניש אין אונזער לעבן, אין דעם לעבן פון ישראל און אין דעם לעבן פון אונזער אַרבעט ביי דער הסתדרות. דאָס איז די אָרגאַניזירונג פון די הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציעס. נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון דער אידיי־שער מדינה — ווען אַלץ איז נאָך ניט געווען איינגעאָרדנט — האָבן די חברים דן פּינס און מ. גערצבערג פון ישראל פאָרגעלייגט אַ פּלאַן צו אונזער הויפּט־אָפיס אַז מען זאָל פּרובירן אָנהויבן געפינען אַ וועג אויסצולערנען אידן עולה־רגל זיין קיין ישראל, כדי אידן זאָלן מיט זייערע אייגענע אויגן זען ווי דער 2.000־יעריקער חלום ווערט פאַר־ווירקלעכט, ווי עס איז באַקאַנט דער מאמר: „אינה דומה שמיעה לראיה". מען האָט אָבער ניט גע־וואוסט ווי אַזוי דעם פאָרגעשלאָ־גענעם פּלאַן פון די חברים פּינס און גערצבערג צו פאַרווירקלעכן, מ'האָט נאָר געוואוסט, אַז עפּעס דאַרף געטאָן ווערן און ווי אַלע אָנהויבן איז עס אויך געווען אַ „בראשית", פול מיט חבלי־לידה.



יצחק פייגענבוים

אַלע פאָרשלאָגן פון מיין ליבן, טייערן חבר א. העמלין, דעם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַר, אַז איך דאַרף איבערנעמען צו אָרגאַניזירן די הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציעס האָט מיר ניט צופרידנגעשטעלט. איך האָב געפרעגט: „ווי אַזוי ?"

„וואָס איז די הילף?״ דער ענטפער איז געווען — מען דאַרף עס מאַכן. און ס׳איז געווען שווער צו דעציזירן. עס איז גראָד אין יענער צייט געווען אין אַמעריקע, דער מיט־קאַסירער פון דעם ועד הפועל פון דער הסתדרות, חבר גרשון לעווינסאָן און אויך ער האָט זיך געוומען צו מיר און נאָך ווי? אויף אַלע מיינע בקשות און טענות: פאַרוואָס איז עפּעס געפאַלן דער שווערער גורל אויף מיר? פאַרוואָס דאַרף איך עס זיין דער קרבן? דער ענטפער איז געווען — דו מוזט, כ׳וועל אַלאַרמירן דעם ועד הפועל פון דער הסתדרות אין ישראל, טאָן אַלץ אין דער וועלט, דו מוזט...

און ווי אַ דיסציפּלינירטער סאָלדאַט פון דער הסתדרות־מחנה האָב איך אויך דאָס מאָל — צום וויפלטן מאָל — געהערט דעם רוף צו אַ חלוצישער טאַט. נעשה ונשמע! אָבער מיט איין באַדינג — אַ תקיעת כף מוז געגעבן ווערן אַז דער ועד הפועל פון דער הסתדרות אין ישראל וועט העלפן אין די ערשטע חבלי־לידה טעג אַדורכצוברעכן אַלע שטרויכלונגען, איינצופירן אַ נייעס, אַ קאָלעקטיוו עולה־רגל זיין. חבר ג. לעווינסאָן האָט דעם דאָזיקן תקיעת כף געגעבן און אויך מיט פולער אחריות מקיים געווען.



פאַרגרינגערט די לאַגע און מיינע האַרץ־קלאַפּענישן, בעת דעם דורכפירן דעם ערשטן טור, האָט דער ליבער חבר אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ, אַ טייערער, ליבער אידישער פאָלקס מענטש, אַ למד וואָוו׳ניק, פול מיט אהבת ישראל, וואָס איז עפּעס אַ זעלטנהייט ביי אונז. כ׳וואָלט אויף אים געקאָנט זאָגן בפה מלא, אַז ער איז דער אמת׳ער אידישער פאָלקס מענטש און אַריסטאָקראַט, וואָס האָט אַזוי וואונדערלעך געשילדערט אין זיין בוך „אַ חודש אין ישראל״, די איינדרוקן פון דער ערשטער הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציע, און איצט נאָך דעם ווי איר האָט געלייענט די פּרעכטיקע איינדרוקן פון זיין דריטן באַזוך אין ישראל, „אַ פאָלק ווערט באַנייט״ וועט איר אליין צוגעבן, אַז וואָס איך זאָג וועגן אים איז אמת.

דער נאַציאָנאַלער אָפיס פון דעם אַרבעטנדן ישראל האָט געטאָן זייער אַ גוטע זאַך, וואָס ער האָט דעם דאָזיקן באַשיידענעם מאַטעריאַל מיט פּער־זענלעכע איינדרוקן און איבערלעבונגען געבראַכט צו דער עפנטלעכקייט, דער־פון אַליין קען מען זען ווי וויכטיק עס איז, וואָס מיר האָבן מקיים געווען דעם תקיעת כף איינצואָרדנען הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציעס קיין ישראל.

סוף כל סוף איז חבר א. שאַפּיראָ ניט קיין שרייבער פון פאַך און זעט ווי איינדרוקספול ער שילדערט זיינע טעג אין ישראל. איך וואָלט געזאָגט אַז ער האָט באַקומען אַ נשמה־יתירה אין הייליקן לאַנד, פונקט ווי פרומע אידן פלעגן באַקומען זייער נשמה־יתירה יעדן פרייטיק פאַרנאַכט. חבר שאַפּיראָ דערזעט זאַכן אין ישראל, וואָס אַ פּראָפעסיאָנעלער שרייבער וואָלט עס ניט דערזען. ער שטעלט זיך אָפּ אויף ענינים, וואָס נאָר אַ קינסטלעריש אויג באַמערקט עס און דער עיקר, דאָ רעדט אַ פאָלקס־מענטש, אַ מענטש וואָס האָט ליב ישראל און דאָס אידישע פאָלק. אָט דאָס אליין איז שוין דער גרעסטער פאַרדינסט פון דער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע.



די הסתדרות־הויז, 33 איסט 67טע גאַס, ניו־יאָרק, וואו ס'געפינט זיך דער טוריסט־דעפּאַרטמענט — דער „תיור וטיול" הויפּט אָפיס, וואו עס ווערן אויסגעאַרבעט די פּלענער פאַר די הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציעס און גרופּן־טורס קיין ישראל.

צוגרייטונגען ווערן שוין געמאַכט פאַר דער פינפטער הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציע פאַרן יאָר 1953.

אָבער דאָס איז בלויז אַן אָנהויב, ווייל עס ווערט געגרייט אַ ספּעציעלער אילוסטרירטער אַלמאַנאַך, מיט די באַשרייבונגען, איינדרוקן און בילדער פון די אַלע הסתדרות דעלעגאַציעס ביז אַהער, וואָס וועט אַרויסגעגעבן ווערן קומענדיקן יאָר לכבוד דעם 5־יעריקן יובילייאום און 5טער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע.

***

מיר האָבן אויף אַ באַשיידענעם אופן אין משך פון די לעצטע 4 יאָר געהאָלפן קרוב צו 300 פון די אַקטיווסטע עסקנים פון אַמעריקע און קאַנאַדע זיי זאָלן באַזוכן אָרגאַניזירטערהייט ישראל. מיר שאַצן, אַז העכער אַ האַלבן

מיליאָן דאָלאַר איז דורך די אָרגאַניזירטע הסתדרות־פֿאָלקס־דעלעגאַציעס אַריינגעבראַכט געוואָרן אין ישראל און דער עיקר, די מענטשן זיינען צוריקגעקומען מיט אַ גוואַלדיקער באַגייסטערונג און פֿול מיט פֿאַרשטאַרקטער אמונה און בטחון פֿאַרצוזעצן די אַרבעט פֿאַר דער הסתדרות און מדינת ישראל.



אַ פֿאַר באַשיידענע בלומען — זאָל זיין אין דער פֿאָרם פֿון עטלעכע געדרוקטע שורות, צו די אַלע, וואָס האָבן צוגעלייגט אַ ציגל צום בנין פֿון די אָרגאַניזירטע הסתדרות־פֿאָלקס־דעלעגאַציעס. אַ יישר־כּוח און אַ האַרציקן חברישן דאַנק פֿאַר די אַלע וואָס האָבן געהאָלפֿן אַז דער תקיעת כּף זאָל אויסגעפֿירט ווערן אין דער ערשטער ריי, די איניציאַטיוו־געבער דן פּינס, מ. גערצבערג, דאַן אייזיק העמלין און גרשון לעווינסאָן, וואָס אָן זייער הילף וואָלט אוממעגלעך געווען צו פֿאַרווירקלעכן דעם גאַנצן פּלאַן. זייער אַ סך האָט בייגעשטייערט מיט זיין מיטהילף דער אומדערמידלעכער און ליבער עזריאל ברושי מיט די מיטאַרבעטער פֿון טוריסט דעפּאַרטמענט ביי דער הסתדרות אין ישראל. י. סטאָלאַרסקי, די מיטאַרבעטער און דירעקטאָרן פֿון הסתדרות קאַמפּיין אין אַמעריקע און קאַנאַדע און די אָנפֿירערשאַפֿטן ווי אויך די אַנטיילנעמער פֿון די אַלע פֿריערדיקע דעלעגאַציעס אַלע, אַלע האָבן מיטגעהאָלפֿן שאַפֿן אַ גרויסע זאַך. געבענטשט זאָלן זיין אייערע הענט פֿאַרן העלפֿן מקיים זיין די מצוה פֿון קאָלעקטיוון עולה רגל זיין. פֿאַראַן ביי אונז אַ מאמר: „כל קטן שיכול לאחוז בידו של אביו ולעלות מירושלים להר הבית — אביו חייב להעלותו ולהראות בו, כדי לחנכו במצוות״...

אַפֿילו אַ קליין קינד וואָס קען זיך נאָר האַלטן ביים פֿאָטערס האַנט, איז דער פֿאָטער שוין פֿאַרפֿליכטעט אים צו נעמען קיין ירושלים, מיט אים עולה רגל זיין. איר זאָלט אַלע זוכה זיין צו באַנייען דעם מנהג פֿאַר זיך, פֿאַר אייערע קינדער און קינדס־קינדער.



# וואָס די ישראל פּרעסע האָט געשריבן וועגן דער דריטער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע

דער באַזוך פון דער דריטער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע האָט איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן רושם אויפן אידישן ישוב אין ישראל.

ווי נאָר די דעלעגאַציע איז אַרויסגעפלויגן פון ניו יאָרק, האָבן די קאָרעספּאָנדענטן פון דער ישראל פּרעסע אין אויסלאַנד געשריבן גרויסע קאָרעספּאָנדענציעס וועגן דער טעטיקייט פון דער דעלעגאַציע. אַזוי איז געווען אין „דבר" אַ גרויסער אַרטיקל וועגן באַזוך פון דער דעלעגאַציע אין לאָנדאָן, ווי אַזוי די דעלעגאַציע איז אויפגענומען געוואָרן פון די ענגלישע שטאַטס־מענער, א. א. וו. אין דעם אַרטיקל ווערט צווישן אַנדערן געזאָגט:

„די פיר טעג וואָס די דעלעגאַציע האָט געווײלט אין לאָנדאָן זײנען געווען יום־טוב־דיקע טעג, זייער באַזוך האָט געהאַט אַ גרויסן פּאָליטישן ווערט. די דעלעגאַטן האָבן געהאָלפן פאַרשטאַרקן די פריינטשאַפט־געפילן צווישן דער ענגלישער אַרבעטער באַוועגונג און דער סאָציאַליסטישער מחנה אין ישראל".

ווען די הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע איז אָנגעקומען קיין ישראל, זײנען זיי באַגעגנט געוואָרן אויפן לופט־פעלד אין לוד, פון די הסתדרות פאָרשטייער און אויפן גאַנצן וועג האָט זיך תמיד געפונען פאָרטרעטער פון דער הסתדרות.

אין יעדן אידישן ישוב, אין יעדער קבוצה און אין יעדן קבוץ, האָט מען געוואוסט פון דער אַמעריקאַנער הסתדרות דעלעגאַציע. אומעטום, וואו די דעלעגאַציע האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט מען צוגעגרייט אַ קבלת פנים און פייערלכע אויפנאַמעס. די גאַנצע ישראל פּרעסע האָט יעדן טאָג געגעבן באַריכטן וועגן דער טעטיקייט פון דער הכתדרות און וועגן דער דעלעגאַציעס טור איבערן לאַנד. אין די ישראל וואָכנבלעטער זײנען געדרוקט געוואָרן בילדער. די ישראל פּרעסע האָט אויך געשריבן אַרטיקלען און עדיטאָריעלס וועגן דער דעלעגאַציע.

אַזוי שרייבט דער „דבר" וועגן דעם קבלת פנים וואָס די הסתדרות האָט איינגעאָרדנט פאַר דער דעלעגאַציע — אַז „אין די באַגריסונגען פון די הסתדרות פאָרשטייער איז אויסגעדריקט געוואָרן דער פאַרלאַנג, אַז עס זאָלן ניט בלויז קומען עולה־רגל׳ניקעס פון אַמעריקע, נאָר טאַקע עולים, און אַז זיי, די אַמעריקאַנער געסט, זאָלן ווערן שליחים פאַר ישראל, ווען זיי וועלן צוריקקומען קיין אַמעריקע. און דער עיקר, זאָלן די דעלעגאַטן זען דאָס לאַנד מיט אָפענע אויגן, מיט אַ קאַלטן קלאָרן פאַרשטאַנד און מיט אַ וואַרעם האַרץ..."

אין באַריכט וועגן דער דעלעגאַציע ווערט געזאָגט אינם „דבר" אַז „עס איז היי־יאָר געוואָרן דרייסיק יאָר ווי עס איז געגרינדעט געוואָרן דער הסתדרות קאַמפּיין אין אַמעריקע. די ערשטע הסתדרות דעלעגאַציע קיין אַמעריקע איז דעמאָלט באַשטאַנען פון בערל קאַצענעלזאָן, עליו השלום, מניה שוחט און יוסף באַראַץ. זיי זײנען געווען די ערשטע וואָס האָבן „אַנטדעקט אַמעריקע" — די אידישע אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע, וואָס וויל העלפן דעם אַרבעטנדיקן ישראל. איצט זעט די הסתדרות אין דער אַמעריקאַנער פאָלקס דעלעגאַציע אַ פאָרשטייערשאַפט פון דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג אין אַמעריקע. די הסתדרות זעט אין זיי גלייכע שותפים אין אונדזער נאַציאָנאַלער אַרבעט בכלל, און אין דער אַרבעט פון דעם אידישן אַרבעטער אין לאַנד בפרט"...

אין אַן אַנדער ישראל צייטונג איז געווען אַ גרויס אַרטיקל וועגן דער דעלעגאַציע, וואו עס ווערט אויספירלעך דערציילט וועגן יעדן דעלעגאַט באַזונדער און עס ווערט געזאָגט —

„מיט גרויס סבלנות הערן זיך צו די מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע צו צענדליקער רעדעס. וואָס זיי הערן יעדן טאָג. זיי ווערן באַגייסטערט ווען זיי הערן זינגען די „התקווה", זיי פרייען זיך ווען זיי זען די ישראל פאָן, זיי קוקן אויף אַ אידישן מאַטראָז, אָדער פּאָלי־ציאַנט מיט פאַרוואַונדערטע אויגן. מיר וואָס לעבן טאָג־טעגלעך אין לאַנד נעמען דאָס אָן פאַר געוויינטלעכע דערשיינונגען, אָבער פאַר זיי אַמעריקאַנער איז דאָס דער ׳נס פון מדינת ישראל׳...״

פאַר דער דעלעגאַציע פון אַמעריקע איז אַלץ ניי — אַ שיף וואָס טראָגט דעם נאָמען „הערצל", אַ אידישער האַפן אַרבעטער, אַלץ איז אַ חידוש...

„יעדער איינער פון דער דעלעגאַציע איז אין אַמעריקע באַשעפטיקט ביי אַן אַנדער אַרבעט, זייער פרייע צייט גיבן זיי אַוועק לטובת דעם אידישן ישוב אין ישראל. זייער באַזוך אין ישראל איז פאַר זיי אַ געשעעניש, וואָס זיי ווילן עס קיינמאָל ניט פאַרגעסן. יעדעס וואָרט וואָס ווערט אַרויסגעזאָגט פון אַ רעדנער, ווערט פון זיי פאַרשריבן. אָבער די בעסטע פראָפּאַגאַנדע פאַר דעם ציוניסטישן אויפבוי איז — ישראל אַליין"...

וועגן באַזוך פון דער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע אין לאָנדאָן, פּאַריז, און ישראל זיינען אויך געווען אויספירלעכע באַריכטן אין דער אַמעריקאַנער אידישער פּרעסע, און וועגן איינצלנע דעלעגאַטן פון דער הסתדרות דעלעגאַציע איז אויך געווען באַריכטן און בילדער אין דער ענגלישער פּרעסע אין אַמעריקע.

ווען מען קוקט איבער דעם שלל מיט פּרעסע אויסשניטן פון דער גאַנצער אידישער פּרעסע אין דער וועלט און אין ישראל און פון אַ צאָל ענגלישע צייטונגען, קאָן מען באמת זאָגן אַז, די דריטע הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציע, האָט אַרויסגערופן גרויס אויפזען אין דער גאַנצער וועלט און האָט אַ סך בייגעטראָגן צו פאַרשטאַרקן דעם בונד צווישן דעם אַרבעטנדיקן ישראל מיט דער אַרבעטער באַוועגונג אין דער וועלט בכלל און מיט דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג אין אַמעריקע בפרט.






פייערלעכע דערעפענונג פון דעם תיור וטיול אָפיס אין ניו יאָרק. ביי דער נאַציאָנאַלער קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען זונטיק, דעם 7טן אָקטאָבער, 1951, איז פייערלעך געעפנט געוואָרן דער באַנייטער אָפיס פון תיור וטיול דעפּאַרטמענט. אַלעקסאַנדער שאַפּירא איז באַשטימט געוואָרן אַלס פּרעזידענט און יצחק פייגענבוים אַלס דירעקטאָר. די אויבערשטע בילד וואו אַלעקסאַנדער שאַפּירא פירט דורך די פייערלעכע דערעפענונג פון דעם נייעם אָפיס צום איבערשניידן די לענטע צום אַריינגאַנג. לעבן אים שטייען רבי דזשיימס ג. העלער, פון סינסינעטי; שרה קייזערמאַן פון מאָנטרעאָל; בערט גאָלדשטיין, פּרעזידענטין פון פּיאָנערן פּרויען; מאיר סאָלאָף פון מאונט ווערנאָן און יצחק פייגענבוים. די אונטערשטע בילד איז אַ טייל פון די מיטגלידער צו דעם מיטינג פון נאַציאָנאַלן באָארד אָוו דירעקטאָרס וואָס זיינען אָנוועזנד געווען ביי דער פייערלעכער דערעפענונג.



# אַן עפנטלעכן, חברישן דאַנק!

פאַר דעם לאַנדן אין ניו יאָרק דינסטיק פאַרטאָג, דעם 21טן אויגוסט, 1951, איז אין דעם קאָנסטעליישאָן עראָפּלאַן פון „אל־על" אין דער לופט, איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן איבערצושיקן אַ האַרציקן, חברישן דאַנק אין נאָמען פון דער דריטער הסתדרות פאָלקס דעלעגאַציע צום פאָרזיצער פון דער כנסת, יוסף שפרינצאַק; צום פרעמיער מיניסטער פון ישראל, דוד בן־גוריון; צו די מיניסטאָרן פון ישראל גאָלדע מאירסאָן און אליעזר קאַפּלאַן בראש; צום ועד הפועל פון דער הסתדרות; צום וויצע־טראַנספּאָרט מיניסטער, ראובן שרי; צום ראש עירית חיפה, אבא חושי; צו דער מועצת פועלי חיפה; צו די עיריות און אַרבעטער־ראַטן אין באר שבע און טבריה; צו דעם תיור וטיול־דעפּאַרטמענט; צו דער אָנפירונג און חברים־ות אין די קיבוצים, קבוצות, שטעט און דערפער וועלכע האָבן אונז געגעבן אַזאַ פיינע אויפנאַמע.

דער דאָזיקער פיינער הכנסת־אורחים וועט לאַנג בלייבן אין אונזער זכרון און ניט פאַרגעסן ווערן. סיי די אינפאָרמאַציע און סיי די אויפנאַמעס וועלן געבראַכט ווערן צו די טויזנטער אידישע פריינט בכלל און צו די עסקנים פון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג אין אַמעריקע בפרט, דורך די מיטגלידער פון דער דריטער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע, וועלכע זיינען געקומען פון פאָלגנדע שטעט און שטאַטן: ראָק איילאנד, אילינאָי; שיקאַגאָ, אילינאָי; באַלטימאָר, מערילאנד; דאָרטשעסטער, מאַסאַטשוסעטס; ראָקסבערי, מאַסאַטשוסעטס; מאטאפאן, מאַסאַטשוסעטס; באָסטאָן, מאַסאַטשוסעטס; ניו־טאָן, מאַסאַטשוסעטס; ברוקליין, מאַסאַטשוסעטס; מאָלדען, מאַסאַטשוסעטס; מאָנראָו, מישיגען; סענט לואיס, מיזורי; אַטלאַנטיק סיטי, ניו דזשוירזי; פאַסייק, ניו דזשוירזי; וועניטנאָר, ניו דזשוירזי; בראָנקס, ניו יאָרק; ניו־יאָרק, נ. י.; ברוקלין, ניו יאָרק; לאָנג איי־לאַנד סיטי, ניו יאָרק; קליוולאַנד, אָהייאָ; פילאַדעלפיע, פענסילווייניא; סאַן אַנטאָניאָ, טעקסעס; און מאָנטרעאָל, קוויבעק, קאַנאַדע.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אָרגאַניזירטע טוריסטיק ברענגט אַ סך נוצן דעם לאַנד און די אידן דאָ און מיר וועלן די דאָזיקע אַרבעט ווייטער פאָרזעצן.

מיט די בעסטע חברישן גרוסן,

אייערע,

פאַר דער דריטער הסתדרות פאָלקס־דעלעגאַציע

**אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ**
פאָרזיצער

**אָסקאַר שטערמאַן**
קאַסירער

**יצחק פייגענבוים**
סעקרעטאַר

**מאַקס אַפּעל**
פאָרזיצער — עקזעקוטיווע